# דאס חסידישע יונגעל

די לעבענס-בעשרייבונג פון א פוילישען יודען,
פון זיין געבוירען ביז זיין פערלוירען

צו דער צייט פונים אנפאנג דעם זעכצעטיגען יודישען
יאהרהונדערט

פון


עלי-קצין הצחקואלי
מק"ק וציוני


די צווייטע פאלקאמען איבערגעארבייטע אויסגאבע, פאן מיין
פוילישען יונגעל


בהוצאת האחים בלעטניצקי באדעססא.

ווילנא

שנת תרנ"ז לפ"ק

י. י. לינעצקי

# דאָס פּוילישע יונגעל




מיט אַ פֿארווארט

פֿון מ. זילבורג



פֿארלאג „דער קוואל“ ווין

1 9 2 1

„דאס פוילישע יונגעל”, וואס טראָגט שוין אויף זיך דעם
קענטיגען חותם פון אמת׳ער ליטעראטור און פון שאפענדיגען
יחיד, שטעהט דאָך נאך זעהר נאָענט, לויט זיין תוך און פארם
צו יענע פרימיטיווע פאָלקס־ביכער, וואס די אומרוהיגע צייט
רעדט זיי ארויס, ווי זי זינגט ארויס דאס פאלקס־ליד. ביי
דער ירידה פון איין עפאָכע, ביי דער באַגינענדיגער צופא־
לונג — לעבט אויף שארף דער וועהטאָג פון דערקענטיש,
כאפט זיך אויף דאס געוויסען — אפטמאָל אין פאָרם פון
ביטערסטער סאטירע אויף דעם אייגענעם לעבען, ווי אשטיי־
גער, דאס פוילישע יונגעל. אזא בוך פאלט אריין אין פאלק,
זעהר אפט ווי א בן בלי שם, אָהן דעם נאמען פון זיין מחבר
אדער אונטער אן אויסגעטראכטען נאמען, און צורייסט דעם
בכבוד׳ען גרינעם שימעל, וואס ליגט, ווי א דיקע הויט אויף
זיין דור. דורך דער שטים פון איינעם, א פארבאָרגענעם, רעדט
פאר אונז אויס די צייט איהר אנגעוועהטאגט הארץ. און
דאָך איז עס ניט יענער פרימיטיווער עפאָס פון פאלק, וואס
ווערט „פארשריבען” פון אן אומבאַוואוסטער האנד, מיט אגעג־
זענער פעדער אויף אברייטען פארמעט לדורות. עס איז אויך
ניט דער ברייטער אויסדרוק פון דער גאנצער שטאַרבענדיגער
עפאָכע, ווי יענעס ווערק פון גאון, וואס שילדערט מיט
א פארנעם און דערהויבען־אָביעקטיוו זיין איבערגעצייטיגטע
צייט און ווייזט נביאיש אויף די טריט פון אַנייער. עס איז
ניבער דער אויסדרוק פון איינעם, וואס האט אויף זיין אייגע־
נעם לייב געשפירט די ציינער פון זיין צייט און האט זי
„באַשריבען” פאר דער וועלט. דערפאר דערמאַנט טאקע „דאס
פוילישע יונגעל” זעהר שטארק די מעמוארען־ליטעראַטור פון
מערקווירדיגע יחידים. דא, ווי דארט, איז די אויטאָביאָגראַפיע,

דער קרייז פֿון מחבר׳ס אייגענעם לעבען און איבערלעבונגען, די ליטעראַרישע ראָס פֿאַר „דיכטונג און וואַרהייט״. מיטן אונטערשיד, וואָס דאַ איז די געזעלשאַפֿטליכע טענדענץ, דער פּראָטעסט־אויסדרוק דער עיקר און דער עלעמענט פֿון „דיכטונג״ און „אויסגעטראַכטקייט״ אַסך שטאַרקער ווי אין דעם מעמוּאַרען־בוך, וואו עס פֿעהלט דאָס רוב לגמרי די טענדענץ. פֿאַר אַבאַווייז קאָן דינען דער פֿאַקט, וואָס כמעט אַלע פֿון די דאָזיגע מחברים, ווי דער זכרונות שרייבער, שעפּען זיך אויס אינגאַנצען אין דער איין־איינציגער שאַפֿונג, און אויב זיי שאַפֿען נאָך עפּעס אַהוץ דעם, ווי דאָס האָט פּאַסירט ביי ליגעצקין, שטעהען די דאָזיגע ווערק ניט אין ערך נידעריגער און, זעהר אָפֿט, כמעט ניט צו דערקענען אַז זיי געהערען איין און דעם זעלבען מחבר.

אָט אַזאַ בוך איז דאָס „פּוילישע יונגעל״: אַגעמיש פֿון פּרימיטיווער פֿאָלקס־שאַפֿונג מיט עבטער ליטעראַרישער אינדיווידועלער קונסט, אידעאָלאָגיש געזעלשאַפֿטליכער טענדענץ מיט שטענדיגען, איראָניש־ביטערען אונטערטאָן פֿין יחיד, זיינע זכרונות און זיין אַנגעקליבענער כעס.

אָט דער ביטערער אונטערטאָן פֿון מחבר, זיין פֿאַרביסענער האַס, די באַהאַלטענע כונה צו שילדערען וואָס שוואַרצער דעם שאָטען פֿון דער חסידישער באַוועגונג, אַנשטאָט די באַוועגונג גופֿא — האָט איהם געפֿיהרט צו „אויסגעטראַכטקייט״, צום איינצעלנעם, נישט כאַראַקטעריסטישען עפּיזאָד. דערפֿאַר ווירקט טאַקע אויף אונז „דאָס פּוילישע יונגעל״ נישט מעהר ווי עפּיזאָדיש. ציהט אונז צו מיט דער קראַפֿט פֿון ספּור־המעשה, מיטן טאַלענט, אָבער בשום אופֿן נישט מיט׳ן העכערען קינסטלערישען אמת, וואָס יעדעס קונסט

ווערק מוז אין זיך פארמאָגען. איהר פיהלט די שרעקליכע ירידה פון זיין צייט, איהר הערט ווי די צייט אליין קלאָגט זיך פאר אונז, איהר זעהט אלע איהרע מאוס'ע מומים און שפירט דעם פוילען ריח פון צופאלונג. אבער איהר גלייבט בשום אופן ניט, אז בראש פון דער גאנצער הסידישער באַוועגונג אין יענער עפּאָכע איז געשטאנען א באנדע פון רביים־רמאים, גבאים, וואס פארגעוואלטיגען עקרות, גנבה'יישע רבי'צענס, וואס זיינען גרייט צו פארקויפען זיך, זייערע נאענטע פאר אשנור פערל. מ'זעהט באשיימפערליך ווי דער יחיד, דער מחבר, האט דא ארויסגעזוכט און צוזאמענגעקליבען איינצעלנע עפיזאָדען, פאסירונגען, וואס האבען זיך מסתמא פארלאָפען אין יענער צייט, און האט דערפון געוואלט געבען אן אלגעמיינעם בילד פון דער גאנצער עפּאָכע. אבער נאר אין גאנץ ווייניגע ערטער, וואו ער שילדערט דעם נידריגען מצב פון יודישער ערציהונג, די קליינקייט און פינסטערקייט פון דאמאָלסטיגע השגות, דערהויבט ער זיך צום אלגעמיינעם, צום העכערען אמת. די ניכטערקייט פון מחבר צושטערט איינגאנצען יענע מיסטישע נעפלען, וואס האבען איינגעהילט יענע עפּאָכע. ער פאראָדירט דעם רבי'נס תורה, ער דעקט אויף אהן רחמנות דעם שווינדעל פון רבינ'ס "מופתים", אבער דערמיט דעקט ער פאר אונז ניט אויף די טראגישע צופאַלונג, יענע צופאלונג פון אן עפּאָכע, וואָס באהאלט כמעט שטענדיגט אונטער זיך דעם איניוועניגסטען קאמף פון "שלעכטס" און "גוטס".

אויף אזוי פיל און נישט מעהר מאָלט אונז דער מחבר זיין עפּאָכע, זיין גוסס'דיגע צייט, אויף וויפיל זי גיט איהם

שטאָף פֿאַר זיין טענדענץ קעגען דעם חסידיזם. אבער אויך די שטים פֿון דער נייער צייט, פֿון דער אנקומענדיגער השכלה־תקופה, אייגענטליך יענער צייט־גייסט, וואס רעדט פֿון איהם, הערט זיך דא אויך גאנץ שוואך און נישט זיכער ארוים. דאס „ליכט" פֿון דער השכלה דינט דא פֿאַרן מחבר נאר כדי שווארצער צו מאכען דעם שאטען פֿון דער אנדער זייט. שלעפט ער ארויס ר' אייבישעס אויסגעקראכענע שטרייטעל מיט איהרע ווערים — אזוי שטעלט ער איהר תכף קעגענאיבער דעם אידעאל, דעם „צילינדער", רעדט ער וועגען דער נידעריגער יודישער ערציהונג, וועגען דעם שמוץ דערמאנט ער זיך גלייך וועגען די קינדער פֿון די „דייטשונגעס", וואס קושען מאַמע־טאַטע די הענד פֿאר'ן שלאָף א. א. וו. מ'פֿיהלט, אז דא רעדט צו אונז די נאַאיווע, נישט רייפֿע משכילישע נשמה, וואס רייסט זיך פֿון אונטער דער שווערער משא פֿון דורות און פֿארלירט זיך אין פלאָנטער פֿון ווידערשפרוכען און סתירות.

און א סנים אז דער מחבר אליין האט זיך געכאפט צו סוף, אז ער האט איבערגעכאפט די מאס. ערשט שפעטער, אין זיין „חלום", איז ער שוין מלמד זכות אויף דעם חסידיזם; געפֿינט ארויס זיינע הויכע מעלות ווי ברידערליכקייט, התלהבות, מסירות־נפש און פֿאנטאזיע אין געגענטייל צו די אנדערע צוויי שיטות, „מתנגדות" און „השכלה", וועל־פֿארמאָגען דאס ניט. ער געפֿינט אבער ארויס אויך אין די לעצטע זייערע גרויסע מעלות און זוכט אזוי ארום צו געפֿי־נען די סינטעזע, די אידעאַלע פֿאראייניגונג פֿון חסידות, תורה און השכלה — דער אמאָליגער אידעאל פֿון דעם עהר־ליכען, אויפֿגעוואכטען „מענשען" אין יודען. דער גאנצער

„חלום“ ווירקט אבער אויף אונז נישט מעהר ווי א פשוט׳ע חקירה, דער פראטעסט, די ערבישערונג, וואס לעבט אין איהם איז אסך עכטער, גערעכטער, ווי דער אידעאל, וואס ער וועבט פון זיין חלום־פאנטאזיע. דער נעגאטיווער שטאף האט איהם דערהויבען צו דער מדרגה פון א מוכיח — דער פאזיטיווער ברייננט איהם אין א וואקעלדיגען מצב, פארפלאנטערט איהם און ווייזט בולט ארויס זיינע שוואכע כחות. דערפאר פיהלען מיר אויף אונז זעהר שטארק די קינסטלעריש־עלע־מענטארע קראפט פון זיין בייזער סאטירע. דער חלום אבער, וואס וויל פאר אונז זיין א תירוץ׳אויף אלע הארבע קשיות, וואס איז שוין די פשרה פון מידען מענשען, וועלכער ציהט זיך צוריק — לאזט אונז גאנץ קאלט. מ׳זעהט ווי ער האמפערט זיך מיט די דריי „שיטות“, מתנגדות, חסידות און השכלה, גע־פינט אי דא אי דארט מעלות און חסרונות און זאגט דערביי ארויס זיין תמימות׳דיגע השערה, אז ווען די דריי גרינדער פון די דאזיגע שיטות דער ווילנער גאון, דער בעל שם און משה מענדעלזאהן, וואלטען זיך פאראייניגט צוזאמען, ארומ־טראכטענדיג אלץ אין דער טיף און אין דער בריים, וואלטען זיי געשאפען איין־איינציגע גליקליכע שיטה. פון די דאזיגע ווערטער רעדט ארויס די תמימות פון א מענשען מיט א שטארקער בייגקשאפט נאך השלמה, נאך פולקאמענהייט פון מענשליכען גייסט. עס פעהלט איהם אבער די השגה, אז דא האנדעלט זיך ניט ווענען די דריי שיטות מתנגדות, חסידות און השכלה אין יודענטום, נאר ווענען די אייביגע אידעען־באגלייטער פון דעם מענשליכען מין: דאגמע מיסטיק און ראציאנאליזם, וואס נעמען אן ביי יעדען פאלק אן אנדער צורה, די דאגמע, וואס איז די קערפערליכע דאס

פֿון מענשליכען געדאנק, עלטערט זיך אין משך פֿון דורות און לייגט זיך ווי א שווערער באלאסט אויפ'ן לעבען; זי שטיצט זיך נישט אויפ'ן יחיד און נישט אויפ'ן דור און איז דערפֿאר אין איהר תוך שטאנדהאפֿטיגער און ציהט אזוי לאנג איהר קיום ביז מ'דערשפירט נים איהר עלטער. דער מיסטיציזם, וואס אנטשטעהט דאס רוב ווי ארעאַקציע פֿון דעם דאָגמאטיזם און איז אין זיין מקור די רעליגיע פֿון פֿרייער פאנטאזיע, האט די טבע צו ווערען טריוויאל, וואָכעדיג ווען ער פֿארקערפֿערט זיך אין טעגליכען "זיין" פֿון לעבען און לאזט אראָפּ זיינע פֿליגלען איבער דער ערד... דער מיסטיציזם וואס איז דער אויסדרוק פֿון זוכענדיגען מענשליכען געדאנק, שטיצט זיך באזונדערס אויפ'ן יחיד, אויפ'ן שאפֿענדיגען גייסט, אויפ'ן רוח־הקודש און אויף דער אויפֿפלאַמענד'גער פֿאנטאַזיע. קומט אַ שוואַכער דור און ער געפֿינט עס נים, אזוי פֿארוואנדעלט ער זיך אין מיסטיפֿקאציע, די פֿארשטעלטע צורה פֿון מיסטיציזם, וואס נעמט געוועהנליך אן די מאוס'טע ערדישקייט און טראָגט שוין אין זיך די צופֿאלונג. און אָט פֿון צווישען די דאזיגע צוויי גייסטיגע בחות, די אייביגע אידעען־באגלייטער פֿון דער מענשליכער געשיכטע, רייסט זיך דער געשמידטער געדאנק דער ש כל הישר פֿון מענשען, וואס האט נאך קיינמאל און אין ערגיץ־נים אנגענומען זיין פֿעסטע פֿארם, אומעטום און אין אלע דורות געענדערט זיין נאָמען ווי, ביי אונז, למשל, העלעניזם אפּיקורסות, השכלה א. א. וו. דאס איז דער אלטער אייביגער דראנג, די אייביגע בייגקשאפֿט, פֿון מענשליכען גייסט צו פשטות, צו פֿרייע דערקענטעניש. וואס דויערט נאך עד היום

און וועט נאך דויערן אין דער ווייטער צוקונפט ביז צו אמת'ער לייטערונג און קריסטאליזירונג.

אָט צו אזא מצב פון אנטוויקלונג בערך, האט דאס גייסטיגע לעבען פון יודען דערגרייכט אין די זעכציגער יאהרען. „דאָס פוילישע יונגעל" איז געוועזן דער חוצפה'דיגער צאפּעל פון פרייען יודיש־ מענשליכען געדאַנק און האט באצייכענט אַן עטאַפּ אין דעם קאמף פאר דער באפרייאונג פון דער טויטער טראַדיציע, הגם ביי אונז אין די אויגען זעהט עס שוין היינט אויס אזוי קליינליך און נישטיג. דערמיט דעקלערט זיך אויך זיין גרויסער ערפאָלג אין זיין צייט און דא ליגט אייגענטליך זיין ווערט אויך פאר אונז. דאס פוילישע יונגעל איז אבער אויך אַן עטאַפּ אין שאַפעדיגען ווארט פון דער יודישער שפראַך, אין אונזער ליטעראַטור. דער באזונדערע, אייגענארטיגער הומאָר פון מחבר, זיין פאָלקסטימליכער סטיל האט מיטגע־ האָלפען אסך צו זיין ערפאלג און דערהאלטען זיין ווערט פאר אונז און פאר די היינטיגע דורות.

★

י. י. לינעצקי איז געבוירען געווארען אין 1839 יאהר אין וויניצע, אַ קליין שטעטל אין פאראליער גוב. זיין פאטער — דער רב פון זעלבען שטעטל, איז געוועזן א הייסער חסיד און פון די ערשטע מקורבים ביים רבי'ן. שוין אין די קינדער יאהרען האט לינעצקי געשם'ט פאר אן עלוי. צו צעהן יאהר האט ער געלערנט „קבלה", צו זעכצעהן באקומען סמיכה אויף רבנות. אין דער צייט אבער האט ער זיך שוין געהאט באקאנט מיט די שטעטלדיגע משכילים און בסתר געלייענט די העברעאישע השכלה־ליטעראטור און איז געווארען א ביסל „נעכאפט" פון די נייע אידעען, וואס האבען איהם געבראכט

אויף אפיקורסישע דעיונות, ספקות אין צדיק און אין זיינע
מופתים. זיין טאטע האט עס מיט שרעק באמערקט און האט
איהם חתונה געמאכט. ער איז דאמאלט געווען פערצען
יאהר אלט און זיין ווייב צוועלף. די חתונה האט אבער נישט
געבראכט די געווינשטע ענדערונג אין זיין אויפפירונג ווי
זיין פאטער האט געהאפט; פארקעהרט, אונטער זיין איינפלוס
האט אויך זיין יונג ווייבעל מסכים געווען מיט איהם. דעריבער
איז אויף דער פאדערונג פון זיין טאטען אין איאהר ארום,
צווישען דעם יונג פאר־פאלק פארגעקומען א גט. די דאזיגע
געוואלטאקציע האט דעם יונגען לינעצקין שטארק אויפגע־
בראכט. ער האט פלוצלונג אראפגעווארפען פון זיך די
מאסקע פון פרומקייט און ארויסגעוויזען אפען זיין באציהונג
צו די משכילים. מען האט איהם דאן ווידער חתונה געמאכט
און דאס מאל שוין מיט א טויבען מיידעל, אונטער א שטרענ־
גער קאנטראל פון שווער און שוויגער. עס האט אבער
ווייניג געהאלפען, לינעצקי איז זיך געגאנגען זיין וועג בסתר
און די רדיפות אויף איהם מצד זיין פאמיליע און די חסידים
האבען זיך געשטארקט. אזוי האט עס געדויערט ביז איהם
איז געלונגען מיט דער הילף פון די "משכילים" צו אנטלויפען
קיין אדעס. אין אדעס איז ער געווארען העברעאישער לעהרער
און דערביי אליין געלערנט מיט התמדה רוסיש און דייטש.
פון דארט איז ער נאכדעם אוועק קיין ברעסלוי, וואו ער האט
געטראכט אנצוקומען אין א ראבינער־שול. די האנד פון
זייגע באדריקער האט אבער דערגרייכט ביז אהין. דערוויסענ־
דיג זיך וועגען זיין פלאן, האט זיין פאמיליע דורך פארשי־
דענע אינטריגעס און מסירות געבראכט דערצו, אז מ'זאל
איהם דארט ארעסטירען, ניט זעהענדיג פאר זיך קיין אויס־

וועג, האט ער זיך כלומר׳שט אונטערגעגעבען און איז געוואַ־רען לפנים א חוזר בתשובה. ער איז געקומען צוריק אין זיין שטעטל, האט אפגע׳גט זיין טויבע ווייב און שפעטער ווידער אנטלאפען, דאס מאָל קיין זשיטאָמיר, וואס איז דאמאלסט געווען א צענטער פון השכלה און האט פאַרמאָגט ראַבינער־סעמינאר.

אין זשיטאָמיר האט ער זיך באקאנט מיט די באוואוס־טע משכילים פון יענער צייט מיט צווייפלען, סלאנימסקען א. א. לינעצקי איז שוין דאמאלסט געווען ארום 25 יאהר און האט דעריבער נישט געקאָנט פארבלייבען לאנג אין דעם ראבינער־סעמינאר׳ וואו די גרעסטע פון זיינע חברים זיינען געווען 14 יעהריגע יונגלעך. אין יענער צייט האט ער צו־ערשט פארעפענטליכט זיינע סאטירישע לידער אונטער׳ן טיטול „דער בייזער מארשאליק״. שפעטער, שוין ווידער אין אדעס, איז לינעצקי געווארען א מיטארבייטער פון המליץ און „קול מבשר״, וואו ער האט אין 1868 פארעפענטליכט זיין בעסטעם ווערק, א ראָמאן, אין 2 טייל, „דאס פוילישע יונגעל״, וואס האט געהאט א גרויסען ערפאלג. (אין די שפעטערדי־אויסגאבען האט לינעצקי איבערגעטאכט דעם נאמען אויף: „דאס חסידי׳שע יונגעל״). ער האט נאכדעם געשריבען אסך אנדערע ווערק, אבער די אלע שטעהן נישט אין ערך נידעריי־גער פארן פוילישען יונגעל און זייער ליטערארישער ווערט איז א קנאפער, זיין נאמען און באדייטונג פאר דער יודישער ליטעראטור באגרעניצט זיך אויפן פוילישען יונגעל. אין די זיבעציג־אכציגער יאהרען האט ער פארבראכט א צייט אין גאליציע, רומעניע אינאיינעם מיט גאלדפאדען ארויסגעגעבען אין לעמבערג א צייטשריפט „ישראל׳יק״, און אין רומעניע

א צווייטע צייטונג „נאציאנאל" — ביי ביידע האט ער קיין ערפאלג ניט געהאט. אין די אכציגער יאהרען איז ער געווא־רען א הייסער חובב־ציון און האט אסך פראפאגאנדירט פאר ארץ ישראל. לינעצקי איז געשטארבען אין אדעס אין 1915, אין מיטען רעש פון וועלט־קריג און זיין טויט איז דערפאר אריבער אומבאמערקט, נאכמעהר פאר יענעם טייל פון יודישען פאלק, וואס איז געוועז אפגעשניטען פון רוסלאנד.

★

די איצטיגע אויסגאבע פון „פוילישען יונגעל" איז א פשוטע אויסגאבע פארן פאלק און האט דעם ציל באקאנט צו מאכען דעם יונגען דור מיט דעם דאזיגען בארימטען בוך, וואס איז פאר דער לעצטער צייט כמעט אינגאנצען פאר־שוואונדען פון מארק. די רעדאקציע האט עס דערפאר געפו־נען פאר נויטיג די ארטאגראפיע און די דיאלעקטישע פרעמד־קייטען צו ענדערען אויף דער לאנג אנגענומענער שרייב־ארט, אום נישט נאך מעהר צו פארגרעסען דעם ווילקיר־ליכען ווירוואר פון ווארט, וואס האט זיך די לעצטע צייט אזוי פארשטארקט, אז דער לעזער וויים שוין ניט די גרעניץ, וואו עס הויבט זיך אן דער כלל און וואו די פשוטע עם־הארצות.

ווין, 1921 מ. זילבורג

# די פֿאָררעדע צו דער ערשטער אויסגאַבע

## פֿונ'ם זעליגען ר' אלכסנדר צעדערבוים

אינ'ם פֿאָריגען יאָהרגאַנג „קול מבשר" איז געגאַנגען אַ פֿעליעטאָן „דאָס פוילישע יונגעל". דיזע ערצעהלונג האָט אַזוי שטאַרק פֿעראינטערעסירט דעם עולם, אַז מ'האָט מיט אונגע־דולד ערוואַרטעט פֿון איין וואָך צו דער אַנדערער די פֿאָרזעצונג. יעדער האָט זיך פֿריהער געכאַפּט לעזען דעם פֿעליעטאָן פֿאַר אַלע פֿרישסטע נייאינקייטען, אפילו אַזעלכע, וואָס זענען גאָר ניט אַבאָנירט אויפֿ'ן „קול מבשר", האָבען געקויפֿט, צי געליגען דאָס בלאַט אום נור דיזע ערצעהלונג צו לעזען. נאָך מעהר — חסידים, וואָס זענען גאָר טויט ברוגז אויף דעם "קול מבשר", ווער שמועסט אויף דיזער ערצעהלונג — גאָר להרוג ולאבד! האָבען אויך יעדע וואָך געזוכט דאָס בלאַט און האָבען מיט פֿערגעניגען געלעזען „דאָס פוילישע יונגעל", כאָטשע אין זיך האָבען זיי דעם שרייבער דערפֿון פֿערשאָלטען די ביינער.

פֿאַר וואָס „דאָס פוילישע יונגעל" האָט אַזוי שטאַרק נושא חן געווען ביי יודען — קען יעדער פֿערשטעהן, אַז ער בעטראַכט, ווי נאַטירליך דער פֿערפֿאַסער האָט אין דעם געשיל־דערט דאָס פוילישע יודישע לעבען מיט דער דאָרטיגער ער־ציהונג די קינדער, אַזוי, אַז יעדער האָט דערינען געפֿונען אַ וואָרען שפיגעל פֿון זיין יוגענד, און ווער עס האָט אפֿילו אַליין ניט דורכגעמאַכט אַזאַ לעבענסווייזע, האָט ביינעוואוינט ביי זיינע בעקאַנטע; אודאי זענען אַזעלכע זכרונות פֿון דער יוגענד ביי יעדען זעהר ליב און טייער! נאָר דיזע ערצעהלונג האָט ביי אַ סך פֿערלוירען דערמיט, וואָס זי איז צעריסען געווען אין פֿאָרזעצונגען, און וואָס זי האָט נאָך דעם צווייטען טהייל ניט

געהאַט, און מיר האָבען געהערט און געזעהן, אַז מינדליך, אַז בריפליך, דעם אַלגעמיינעם וואונש, צו האָבען דיזע בעשרייבונג אין אַ זעלבשטענדיג בוך, צוזאַמען מיט'ן צווייטען טהייל. אויך די געבילדעטסטע מבינים, אונטער װעלכע אויך דער וועלטבעריהמטער ה' היים זעליג סלאָנימסקי, האָבען דאָס זעלבע געאייסערט.

לכן האָבען מיר יעצט — ווי מיר האָבען נאָר וואָס ערהאַלטען פון'ם פערפאַסער דעם צווייטען טהייל — זיך גענומען אָבדרוקען „דאָס פוילישע יונגעל", ביידע טהיילען אין אַ זעלבשטענדיגען בוך און מיר זענען פעסט פערזיכערט, אַז דאָס וועט ביי אַלע אונזער אַבאָנענטען און פריוואַט-לעזער שטארק אָנגעלעגט זיין! און אפילו די, וואָס האָבען דעם ערשטען טהייל געלעזען אין „קול מבשר", וועלען אונז אויך זאָגען אַ גרויסען ישר כח.

ד: רעדאַקציע

אָדעס, דעם 15־ען מאַי 1868

## אַ פֿאָררעדע צו דער צווייטער אויסגאַבע

אויסצודריקען דאָס אַלעס, וואָס איך האָב יעצט, ביי דער צווייטער אויסגאַבע, אויפֿגעטוהן אין דעם „פּוילישען יונגעל", איז אזוי מעגליך, ווי עס איז מעגליך אין קורצען צו פֿערשטעהן נעבען גאַנץ דאַרווינ׳ס שיטה, ווי אַזוי פֿון איין אָבעזיאַנע איז געוואָרען אַ מענש! און ווען איך זאָל אייך דאָס ווֹעלען ערקלערען אין ווערטער, וואָלט די פֿאָררעדע אויסגעקומען גרעסער פֿונ׳ם בוך אַליין... נאָר דער יעניגער, וואָס וועט אַ בעלן זיין נעמען די ערשטע אָדעסער אויסגאַבע פֿון מיין „פּויליש יונגעל" און זי פֿערגלייכען מיט דיזער צווייטער „אויסגאַבע״ דער וועט זיך איבערצייגען אין מיין שווערער אַרבייט, וואָס איך האָב יעצט געהאַט פֿאַר זיך, איבערצואַרביימען ווירקליך פֿון איין מאַלפּע — אַ מענשען... און פֿאַר וואָס דאָס איז אַזוי שווער געווען, איז גאַנץ איינפֿאַך: די אָדעסער אויסגאַבע האָט די רעדאַקציע פֿונ׳ם „קול מבשר" געדרוקט אונטער מיינע אויגען און כמעט אָהן מיין וויסען, נאָר אַזוי ווי דער ערשטער טהייל איז שוין געהאַט געדרוקט געווען אין „קול מבשר" פֿריהער, וועלכעס די רעדאַקציע האָט, ווי עס איז, געמוזט אָנקומען יעדער וואָך צו מיין רעוויזיע, איז — כאָטש זי איז שוין אויך, ערטערווייז סקאָוועדקעט געוואָרען פֿון דער רעדאַקציע — דאָך אַרויסגעקומען אינ׳ם בוך נאָך עטוואָס צו דערליידען... דעם צווייטען טהייל אָבער, אַזוי ווי איך האָב איהם אַוועקגעשיקט אין רעדאַקציע — אַזוי האָט זי איהם באַלד אָהן מיין וויסען, געגעבען אין דרוק, אום ביידע טהיילען צוזאַמען אָבצודרוקען אין איין בוך פֿאַר איהרע אַבאָנענטען וועגען, און איך האָב עס שוין אין מיינע אויגען ניט געזעהן, ביז אַ צייט נאָך אָבדרוקען... אודאי האָבען זיך דערינען געפּאַטשקעט צעהנער פֿרעמדע הענד פֿון דער

רעדאַקציע, וועלכע האָבען אזא בעגריף געהאַט אינ'ם פוילישחסידישען לעבען, פונקט ווי דער פוילישער חסיד האָט א בעגריף געהאַט אין ביסמארקס פּאָליטיק... היינט קענט איהר שוין פערשטעהן, וואָס פאַר איין ארבייט איך האָב געהאַט ביים איבערליפערן דעם גאַנצען חלאם פון צוריק מיט 3 יאָהר, און מתקן זיין אַלעס, וואָס פרעמדע, אונגעניטע האָבען קאַליע געמאַכט, און דערביי נאָך ניט אָבטרעטען פונ'ם אָריגינאַל אפילו כחוט השערה!?... איהר ווייסט ניט דעם חלוק פון איבערנייען, ביז מאַכען א ניי מלבוש...?

ווער עס וועט זיך אינטערעסירען צו וויסען, ווי ווייט אָרענטליך און קינצליך איך האָב דיזע שווערע אויפגאַבע ערפילט — זאָל פערגלייכעןביידע אויסגאַבען איינע נעגען דער אַנדערער, וועט ער זעהן, אַז איך האָב דאָ ווירקליך ניט געטשעפּעט אַפילו דאָס מינדעסטע אָדערל פון דער מאַלפע: דער סקעלעט, די זעלבע אברים און גידים, מיט איינעם וואָרט: דער גאַנצער אָרגאַניזם פון דער אָריגינעלער מאַלפע ווי ער שטעהט און געהט — און דאָך פון איין מאַלפע אויסגעאַרבייט א פאָלקאָמען מענש! —

המחבר

אדעס, דעם 20־סטען יאַנואַר 1895.

„2־טע אויסגאַבע" מיין איך די אָדעסער אויסגאַבע, ניט רעכענדיג די 10 אויסגאַבען, וואָס לעמבערג האָט געדרוקט בגנבה וגזלה, און אַלע זענען ניט ווערט די רעד.

המחבר

# דאָס חסידישע יונגעל

## ערשטער טהייל

דערצעהל ניט איז ביטער—עס דריקט דאס הארץ ווי א שטיין;
דערצעהל יא איז זויער—א שאנדע פאר זיך אליין —.
נישט מעהר שאנד אויף א זייט, וואס שפילט כבוד פאר א ראל,
געגען דער טובה, וואס קען ארויסקומען דעם כלל!

## ווי מוטשען דאָס דאַרף, ווי קרענקען דאָס מוז
## אַז מ'ווייסט ניט, צי איז מען דאָס, וואָס מען איז?!

דער טאַטע זאָל געווען פיהלען כאָטשע אַ טויזענד־חלק־טעל טעם פון די צרות, וואָס איך טראָג היינט איבער — וואָלט ער זיך ניט אַזוי געשמאָלצען אין יענעם תחלת־הלילה, ווען די מאַמע האָט ביי איהם גענומען די שליסעלעך פון די הענד... נישט מעהר די זאַך איז פערפאַלען! אודאי וועל איך אייביג וויינען אויף יענער ווי‍סטער מינוט, אין וועלכער איך בין געבראָכען געוואָרען פון אייביגע קעסט אין גן עדן, און האָב, פון אַזאַ לויטערן, ברייטען הימעל, געמוזט אַריינפאַלען אין אַ פינסטערן, ענגען בויך אַריין, און דערנאָך ערשט פיהרען אַ לעבען פון אַ לאַנגער, שווערער גסיסה, נאָט, דער האַר, ווייסט נאָך ביז וואַנעט און פאַר וואָס...? אמת, די תורה, וואָס דער מלאך האָט מיט מיר געלערנט ביי דער מאַמען אין בויך, האָט מיך אַביסעל געשטילט אין מיין פינסטערער לאַגע דאָרט. צום אונגליק איז אָבער מיין מלאך געווען אַ גרויסער פעפער בעזונדערס נאָך שבת נאָכ'ן טשאָלענט, ווען דער טאַטע מיט דער מאַמען זענען שוין לאַנג אויפגעשטאַנען און האָבען זיך שוין געקוויקט מיט'ן געזאַטענעם אַרבעס און באַרלעד־יויך, און איך האָב בעדאַרפט אויסהערען זייער שמועס וועגען מיר, פון וועלכען איך האָב ניט פערשטאַנען, וואָס פאַר אַ ברואים זיי זענען... און וואָס מיך ערוואַרטעט ביי זיי אינ'ם לעבען... אַ מאָל, אין אַ ערב תשעה־באב ביינאַכט, איז זיך מיין מלאך אַזוי בעז־

פּיעטשנע געשלאָפֿען — ווייל תשעה באב טאָר מען דאָך ניט לערנען — און איך האָב פֿונ'ם טאַטען מיט דער מאַמען — בעת זיי זענען געזעסען אויף דער פּריזבע און ארויסגעקוקט ווען דער הימעל וועט זיך שפּאַלטען—אַזאַ מין שמועס ווענען מיר: „ווי מיינסטו, יאָסי — זאָגט אַזוי די מאַמע צום טאַטען— זאָל עס טאַקע זיין אַ יונגעל, האַ?“ — „וואָס פּלוידערסטו, שטיה אײַנע — ענטפֿערט דער טאַטע מיט אַ בייזער — אַז דער רבי האָט בפּירוש געזאָגט „אַ מיידעל“, פֿרעגסטו נאָך שאלות?“ — „געה שוין געה, דו בייזער נאַר איינער — זאָגט די מאַמע מיט אַ ווייך שמייכעלדיגער שטימע — איך טרייב קאַטאָוועס, נעמסטו עס שוין אָן פֿאַר איין אמת? איך זאָג עס גלאַט אַ קעגען דעם, וואָס דער יאָקטער האָט עפּעס נעכטען אַ בור־טשע געטוהן, אַז איך טראָג אַ יונגעל... נו, ווייסען זיי, אָ די לייט פֿון זייער היות צו זאָגען?“... „טפּוש'יכע איינע — האָט שוין דער טאַטע אַ זאָג געטוהן מיט אַ ווייכער מינע — מאָל דיר, ווען עס זאָל אפילו באמת זיין אַ יונגעל, וואָלט עס אויך דער צדיק מהפך געווען אויף אַ מיידעל, בפֿרט, אַז ער האָט אונז, מיט זיין פּה קדוש, בפּירוש געזאָגט „אַ מיידעל“ נאָך איי־דער ביסט פֿערגאַנגען אין טראָגען!... נו, איז נאָך דאָ וואָס צו רעדען?“... ביסט טאַקע זעהר גערעכט, בנאמנות — זאָגט די מאַמע ווי פֿערשעמט — מיר האָבען שוין געזעהן, ניט איין מאָל, אַזעלכע וואונדערליכע מעשים פֿון צדיק, זאָל מאריך ימים ושנים זיין!“ — „אַ זעלכע וואונדערליכע מעשים“ — זאָגסטו —האָט דער טאַטע געענטפֿערט מיט איין ערנסט־הוזק'דיגער מינע — אויך מיר ווינדערליכע מעשים!... אַ קלייניגקייט!... אָ—וואַ!... מאָל דיר, שטיה איינע, אַז ער האָט דעם פּאַרצע־ליוזקער דוכס פֿערוואָרפֿען אין אַ וואָלפֿקולאַק, צי אַז ער האָט

מיט איין פּאָך, מיט זיין שטעקען, צעטריבען די שוואַרצע כמאַרעס אין אַ שטאָק־פֿינסטערער נאַכט, פֿון קדוש־לבנה וועגען—איז עפּעס מעה׳ גדולות דערפֿון, האָט מען נאָך וואָס צו רעדען פֿון אַזאַ נישטיגען מופת? האַ?...״ — ״דער רוח ווייסט זיי, אָ די וואַבעריעס — האָט די מאַמע אַ זאָג געטוהן עפּעס ווי מיט אַ קווענקעלדיגער שטימע, שעמענדיג זיך פֿאַר זיך אַליין — וואָס זיי זענען אַזוי פֿערקאָכט אין דעם אַלטען שטורמאַרק, דעם יאָקטער. אַז אַ כלל, וואָס ער זאָגט נאָר, איז ביי זיי תורת־לאָקשען, און אַזוי — זאָגען זיי — מוז מקוים ווערען, ווי ער האָט געזאָגט... וואָס האָסטו מיר דאָ פֿעראיבעל צו האָבען? אַ יודענע האָט לאַנגע האָר און אַ קורצען שכל... אָט, ווייסטו גאָר וואָס, יאָסי סערצע, — האָט זי, נאָך אַ מינוט פערטיפֿטעס שווייגען, אַ זאָג געטוהן, ווי מיט איינשטעלענדיגער מינע — בשעת דער הימעל וועט זיך שפּאַלטען, לאָמיר ביידע אין איין קול אויסשרייען: רבונו של עולם, אַ יונגעל! וועט זיך עס שוין אודאי אַזוי מקוים ווערען!...״ נאָר ד׳ער טאַטע האָט זיך ווילד צובייזערט אויף איהר פֿאַר אַזאַ העצה, צו געהען געגען דעם צדיק׳ס רצון, און האָט אויסגעלאָזט מיט די ווערטער: ״ביסט געווען אַ בהמה און וועסט בלייבען אַ בהמה! און מעהר האָב איך דיר ניט וואָס צו רעדען!...״

דערהערענדיג אַזאַ שמועס איז אין מיר פֿערקיהלט געוואָרען איטליכעס אבר: וועה איז מיר, וואָס וועל איך טוהן, אַז איך וועל חלילה ווערען אַ מיידעל!? איך האָב זיך דערמאָנט די וויסטע קאַרטינעס, וואָס איך פֿלעג אָפֿט זעהן דורך מיין פֿענסטער אין גן עדן, ווי מען טאַסקעט אין גיהנום אַריין די פּוילישע דריפּקעס, פֿערשמאָנדערטע, פֿערקויטיגטע, מאָמעטליווע און דערשלאָגענע, מיט די נאַקעט געגאָלטע קעפּ און

4

אויסגעפּאַרצטע צײן און אַז מ'האָט זײ עפּעס אַ פּרעג געטוהן מכּה זײערע הפּצות אויף דער וועלט. פּלעגען זײ אויסגלאָצען אַ פּאָר פּערקיסנעטע אויגען, ווי אַ מויז נאָך ערד־ציטערניש, און פּלעגען אָנקוקען ווי אַ לײמענער גולם — אודאי פּלעגט נאָך דעמאָלט אויף מיר ציטערען די הויט פֿאַר דעם אײנציגען פּחד: טאָמער וועל איך נאָך חלילה אַ מאָל דאַרפֿען זײן אַ מײדעל בײ אַ פּוילישען חסיד! נאָר דעמאָלט האָט מיך נאָך די האָפֿנונג געטרײסט: האַ, אפשר וועל איך נאָך די זכיה האָבען צו זײן אַ לײטישעם פּרויענצימער אין אַ יודיש־אַריסטאָקראַטישעם הויז אַזוי, ווי, אַ שטײגער, די אַלטע בכבוד'ע דאַמען, וואָס מ'פּלעגט זעלטען ברענגען אין גן עדן אַרײן, אַזוי רײן, שעהן, זויבער, ציכטיג און קלוג, אַז ס'האָט פּשוט דערקוויקט איטליכעס אבר — יעצט אָבער, אַז איך האָב זיך שוין צום אומגליק דערוואוסט, וואוהין איך האָב מיך פּאָפּאַדעט... קענט איהר שוין פֿערשטעהן דאָס פּלאַטערניש מײנס: טאָמער וועל איך טאַקע אין אמת נאָך ווערען חלילה אַ מײדעל צו די אַלע גילדענע צויטען! — אמת, פֿון די פּוילישע יודלעך אין גיהנום האָב איך אויך גאָר ווענִיג וואָס נחת געזעהן; אויך פֿערדריפּעטע, קויטיגע, פֿערביסענע און פֿערגיפֿטעטע ווי די לצים, וואָס פֿון אונטערן שאול תחתיה אַרויס — נאָר דאָך ניט דאָס, וואָס די פּוילישע דריפּקעס; טאַקע אַ לא יצלח, אַ נמאס ומאוס'דיגע בריאה, אײן אויסגעמוטשעטער וויכעט, אײן אויסגעקוועטשטער גרונגרת דר' צדוק — נאָר אַ מ אַ נ ס ב י ל... איהר פֿערשטעהט, וואָס בײ פּוילישע חסידים זנאַטשעט דאָס וואָרט „מאַנסביל"?... אַ מאַנסביל — אַ פֿערשטונקענע וואַניץ, אַ שטומעלעלע, אַ לײמענער גולם — איז מושל און דעספּאָט איבער דער שענסטער, קליגסטער און געראָטענסטער נקבה!... נישמעהר אַז איך וועל מיך

אַפֿילו שרעקען פֿון היינט ביז איבער אַ יאָהר — בין איך דאָך ביים צדיק אין די הענד און עס וועט מיר העלפֿען אַזוי ווי אַ טויטען באַנקעס!

ס'איז מיר אַפֿילו אַ גרויס חידוש געווען; פֿאַר וואָס איך האָב אין גן־עדן קיינמאָל נישט געהערט די נעמען, „רבי, מגיד, גוטער ייד וכדומה"? — נאָר אַ קשיא אויף אַ מעשה, אפֿשר זענען זיי גאָר פֿערטוהן אין גיהנום וועגען מתקן זיין די נאַריש־זינדיגע נשמות פֿון די פּוילישע דריפּקעס... אַ קיצור, איך האָב די 9 חדשים קאַם מיט די ציין דערשלעפּט, פֿלאַטערענדיג אַלע מינוט: אָט, אָט ווער איך אַ מיידעל. — איהר דאַרפֿט מיר ניט פֿעראיבעל האָבען, ליבע לעזער, פֿאַר מיין אומזיסטיג שרעקעניש איבער אַזאַ פּוסט נאַרישקייט, דען איהר מוזט דאָך בערעכענען, אַז ביי דער מאַמען אין בויך האָב איך דאָך דאָרט דעם שכל ניט געהאַט צו בערעכענען, אַז דאס, וואָס די נאַטור מאַכט איין מאָל אָב, קען עס שוין אייביג, אין קיין שום פֿאַל ניט איבערגעאַנדערשט ווערען! עס זאָלען זיך אַפֿילו צונויפֿנעה־מען אַלע פּוילישע גוטע יודען, מיט אַלע ליטווישע ראש־ישיבה'ניקעס און מיט אַלע 36 למד־וואָו'ניקעס אונטערגעשלאָ־גען—וועלען זיי ניט איבערמאַכען אַפֿילו דאָס מינדעסטע אָדערל וואָס איז אונטערן אויערל פֿון אַ מילב!... מ'זאָל אַפֿילו מאַכען אַ פֿלאַג פֿון דעם זאַזולעניצער מגיד'ס שטעקען מיט'ן נאַזאַרע־ניצער צדיק'ס טלית־קטן און צוגעבונדען מיט'ן ראַכמעסטריווקער רבינ'ס יום־כיפּור'דיגען גאַרטעל, און דער ראש הלמ"ד־וא"ו'ניקעס אַליין זאָל מיט איהם פֿאָכען ביז משיח'ס צייטען — וועט ער ניט אָבטרייבען דאָס קלענסטע שטיקעל כמאַרע פֿון זיין אָרט ובפֿרט אַ מענש, וואָס איז די ערשטע און לעצטע קונסט אין דער נאַטור, זאָל מען זיך איינרעדען, אַז אַ פּויליש גוט־יודעל

ווערט קענען איבערמאַכען פֿון אַ יונגעל אַ מיידעל!!! אודאי האָב איך נאָך דעמאָלט דעם שכל ניט געקענט האָבען, נאָר דאָס האָב איך אויף זיך גענומען: באַס, אַז השי"ת וועט מיר העלפֿען, איך זאָל מיך אויסדרייען אַ יונגעל — וועל איך דער־ווייזען דער וועלט, אַז די גוטע יודען האָבען אַ סך ווענינער ביים רבונו של עולם, פֿון אַ מינדסט יאָקטערל אין סטריזשעווו־קע... צום אומגליק אָבער, האָט מיר, בעת געהן אויף דער וועלט, דער מלאך אַ שנעל געטוהן אויף דער אייבערשטער ליפּ, און איך האָב גאָר פֿערגעסען אין הכל פּאַקעל... ערשט, אַז דער טאַטע איז געפֿאָהרען צום רבי'ן נאָך אַ נאָמען און איך האָב נאָכ'ן ברית דערהערט מיין נאָמען „יצחק"—בין איך ערשט געוואָר געוואָרען, אַז איך בין אַ פּנים אַ יונגעל... און דער צדיק האָט נאָך פֿון זיין ליגען גאָר אַ נייעם מופת געמאַכט: „אַ־אַ־אַ" — האָט ער מיט פֿערגלאָצטע אויגען צום הימעל ווי געקרעכצט פֿאַר'ן עולם — „אַ־אַ־אַ! דאָס קינד איז זעהר אַ הויכע נשמה און בכדי מיין כבוד ניט צו לעגען, האָט די שכינה כביכול געמאַכט אַ רמאות, און מיר געוויזען אין חלום דאָס וואָרט „בת" במקום „בן"..." נישמעהר, איך מעג שוין אפילו זיין אַ נידערינע נשמה — אַבי ניט קיין פּוילישע דריפקע! — און יעצט וועל איך מיר אומקעהרען צו מיין געבוירען.

# א

## ובכן הויב איך אָן צו פֿיהרען מיין געשפּרעך פֿון זייט מיין געבורט ביז׳ן אויסגיאַנטשען מיך

די ערשטע מינוט פֿון מיין קומען אויף דער וועלט, האָב איך בעמערקט ליגען ביי דער מאַמען אין בעט אַ קאָלאָדאַטש מיט איין אַלט ספּר׳ל. און אין עטליכע שעה אַרום נאָך מיין געבוירען, האָב איך דערזעהן מינים בריוולעך, אָנגעהאָנגען אויפ׳ן פֿאָרהאַנג און אויף אַלע טיר און פֿענסטער פֿון מיין קינפּעט־חדר. דערזעהענדיג דעם קאָלאָדאַטש, איז מיר ממש פּרחה נשמתי געוואָרען, עפּעס האָט זיך מיר נאָך ווי אין חלום, געמערעשטשעט די מעשה, וואָס דער מלאך אין בויך האָט מיט מיר געלערנט פֿון יצחק׳ס־עקידה, האָב איך געמיינט, אַז דאָס וויל מען מיר, אַ פּנים, אויך מאַכען די שפּיל מיט דעם קאָלאָדאַטש. נאָר אַזוי ווי קינדערישע פֿאָרשטעלונגען פֿליהען דאָך איבער כהרף־עין, ובפּרט נאָך ביי אַזאַ נפל׳ע ווי איך, האָב איך באַלד פֿערגעסען דעם קאָלאָדאַטש און זיך גענומען בעטראַכטען דאָס ספּר׳ל און אַזוי קלערענדיג: וואָס קען דאָס זיין? האָט זיך עס גראַדע אַליין אויפֿגעעפֿענט, און איך האָב עס באַלד דערקענט מיט׳ן ערשטען קוק: „גוואַלד! האָב איך אויסגע׳בטל׳ט חלומות אין זיך — דאָס איז דאָך אות באות דאָס זעלבע חמושׁ׳ל, וואָס דער מלאך האָט מיט מיר געלערנט אין בויך, און וועלכעס מ׳האָט אַזוי הייליג געאַכט און געשעצט ביי אונז אין גן־עדן, ווי זשע דערוואַגט מען זיך עס צו לעגען אין אַזאַ אומריין בעט פֿון אַלערליי מיתה־משונה קאָלירען!?״... נאָר אינמיטען דערינען בין איך אַנטשלאָפֿען געוואָרען, און אויפֿכאַפּענדיג זיך, האָב איך שוין בעמערקט די קינפּעט־בריוועלעך אַרום מיר. איך

זעה עפּעס אַ קעסטעלע אויסגעמאָהלט, אינעווייניג די געמען פון די אבות מיט די אמהות, און אויבען אַ שיר־המעלות פון דוד המלך עליו השלום; אודאי איז דאָס ביי מיר משונה אָנ־געלעגט געווען: די גאַנצע חברה האָב איך פערזענליך געקענט אין גן עדן, און דעם שיר־המעלות האָב איך דאָרט ניט איין מאָל געהערט אויף קאָנצערטען פון דוד'ס מויל אַליין, מיט אַ כאָר פון מלאכי השרת; אודאי האָב איך מיר געפיהלט ווי אין דער היים... נישמעהר ווי טאָר מיר עפּעס וואויל בעקומען?

— מוז מיר דאָס שטיקעלע נחת אויך אויספאַלען באַקאָם: נאַ דיר גאָר, פונקט איבער דעם קעסטעלע, דעם פיינעם בחור'ס נאָמען מיט גרויסע אותיות: „שטן"! אונטער דעם קעסטעלע — די זיסע בחור'טע „מכשפה", נאָך אין דרייערליי פאַבען געדרעהט!?... דאָס האָט דאָך מיר געקרענקט אין דער זיבעטער ריפּ: גוואַלד, אַ זעלכע קליפּות, מחבלים שטעלט מען גאָר אויס, ווי שומרים, אַרום אַזעלכע הויכע, הייליגע הימעל־מענשען, די ערשטע און גרעסטע אין דער וועלט!?... היינט וואָס בעדייט עפּעס די אונטערשטע שורה: כאָטש צוריים זיך פערשטעה איך ניט איין וואָרט!... ס'איז דאָך נאַריש, אויף יענער וועלט האָב איך דאָך געקענט אַלע שבעים לשונות ווי אַ וואַסער. נו, ס'זאָל אפילו זיין טאַטעריש, צי טערקיש, וואָלט איך דאָך אויך בעדאַרפט פערשטעהן כאָטש אַ רמז דרמיזא? ענדליך האָב איך געפּרוּווט די ווערטער איבערלעגען אויף תשר"ק, אויף א"ת־ב"ש, אויף אה"ס־בט"ע — ס'געהט ניט! נאָך אַ מינוט וואָלט מיר מיין קליין מוח'ל געווען צושפּרונגען געוואָרען טראַכטענדיג, ווען די באָבע זאָל מיר ניט פלוצים געווען אַריינפּוטצען אין אַ מולטער היים וואַסער...

אבער ניט מיט'ן קינפּעט אַליין בין איך שוין אָבּגעקו־מען: גאַ דיר איין אַלטע מכשפה, אַ באָבע אויף מיין קאָפּ! 3 — 4 מאָל אַ טאָג האָט זי מיר, ווי אַ פּאָימאַניק, ווי איין נע־ווילניק, געבונדען הענד און פיס אַרונטער, געשטיקט אין אַ קי־שען ווי דעם אתרוג אין קלאָטשע, כמעט אַלע מינוט אויף מיר געבלאָזען, געשעפּטשעט און געגענעצט, און אַז איך האָב אויף איהר קוקענדיג, אויך אַ געגעניץ געטוהן, פלעגט זי מיר אָנשפּייען אַ פול מויל... און אַז איך בין שוין די אַלטע מכשפה, צוזאַמען מיט'ן שלישי למילה פּטור געוואָרען, האָט זיך אָנגערוקט נייע צרות, נייע שרעקען: אַז ס'האָט מיר גערי־זשעט אין בייכעל, צי געפרייעט די היץ, צי געביסען אַ פלוי, אַ וואַנץ, און איך פלעג געבעך אַ וויין טוהן פאַר וועהטאָג, האָט מיר די מאַמע אָדער דאָס דינסט־מיידעל אַזוי אָנגעהויבען קאַדויטשען אין קישען, אַז שיער שיער האָבען זיך מיר אַלע וויאַזעס אויסגעקרימט, און די געהירען איבערגעקעהרט. און שוין גאָר אין בעסטען פאַל, האָט מען מיר דאָס מויל פערשטאָפּט מיט דער ברוסט, אַז איך בין / שיער דערוואָרגען געוואָרען; נאָך נוט, וואָס די ברוסט, אַז די מאַמע פלעגט אָבער אוועקגעהן אשת־חיל'ן אין קראָם, פלעגט מען מיר גאָר פערשטאָפּען דעם פּיסק מיט עפּעס אַ קויטיג־זיסלעך שמאַטקעלע, מיט וועלכען איך פלעג מיר אָבווערגען שעה'ן־ווייז כסדר. — צו 2 חדשים אַלט, האָט מען מיר שוין אַריינגעלעגט אין אַ ווינעלע, — אי דאָס האָב איך די זכיה ניט געהאַט זיך צו לעגען אין דעם, ביז מ'האָט ניט פריהער אויסגעווינט אַ קאַץ — נו? אין ווינעלע וואָלט שוין אפילו נישט קשה געווען, כ'לעבען: מ'שאָקעלט זיך, מ'הוידעט זיך, אודאי איז דאָס בעסער ווי צו ליגען אַ קליםפּע אין קישען — גאָר ווי מאָר איך הנאה האָבען פון מיין פער־

שטונקען לעבען. אודאי איז ניט געווען דער טאָג כמעט, וואָס איך בין ניט אַרויסגעפאַלען פונ׳ם ווינעלע; היינט האָט זיך איינס פון די 4 שטריקלעך איבערגעריסען, מאָרגען האָט זיך דער טשוואָק אין באַלקען אָבגעבראָכען, איבערמאָרגען האָט זיך אַ קנופּ אויפגעבונדען, און פונ׳ם שטענדיגען איבערבינדען און איבערקניפּען די שטריקלעך, בין איך אַלע טאָג אַלײן אויסגעקומען העכער און העכער, ביז אין אַ משך פון אַ פּאָר חדשים בין איך שוין געווען נעבען דער סטעליע... ניט אומזיסט האָט דער צדיק געזאָגט, אַז איך בין אַ הויכע נשמה... דערפאַר אָבער, וואָס העכער מיין נשמה איז אויסגעקומען, דעסטאָ גרעסער איז מיין פאַל געווען... ווידער אַז ס׳פלעגט זיך מיר, אַ מאָל מאַכען אין די צרות, פערגליסטען זיך אַ שפּיל טוהן מיט׳ן שטן אויף דער סטעליע, צו קוקען אינ׳ם ליכט אַריין, צו זיך אַזוי אַ ביסעל באַלעווען ביינאַכט, און די מאַמע, צו דאָס דינסט-מיידעל האָבען אָבער געוואָלט, איך זאָל אָהן תרוץ נאָר האַלטען אין איין שטיק שלאָפען, כדי זיי זאָלען אויך קעגן רוהען—פלעגען זיי מיר שטענדיג שרעקען מיט אַ שד, אַ באַבע, אַ רוח, אַ דאָמאַניק, אַ בעטלער מיט דער טאָרבע וכדומה אַזעלכע סטראַשידלעס, ביז איך האָב שוין מורא בעקומען פאַר זיך אַליין, און עד היום, אַז איך דערזעה ביינאַכט מיין שאָטען נעגען דער לבנה, צי אַ ווייסע ציג שלעפּט די שטרוי פון אַ שטרייכע, צי אַז אַ שיין פון דער לבנה שלאָגט זיך אָב אין אַ פענסטער פון אַ פינסטערער שטוב, וכדומה — מיין איך שוין, אַז ס׳איז אודאי אַ שד, אַ ל״ץ, אַ מת, אַ באַבע... און מיין לעבען איז דעמאָלט ניט ווערט אַ גראָשען!...

אַ קיצור, ניט אַזוי גיך טוהט זיך ווי עס רעדט זיך, איך בין קאַם אַלט געוואָרען אַ יאָהר; איך קריך שוין אויס אַלע

ווינקעלעך, איך נאָרע מיך שוין אויס אין אַלע פּאַסקוטסטווּעס, איך עס שוין דאָס אַש פֿון דער הרובע, איך נהרג מיך שוין 18 מאָל אַ טאָג, און נאָך איטליכען פֿאַל צערייסט מיר די מאַמע דעם סטאָן, גיסט אויס אַ ביסעל וואַסער און שפּרעכט אָב דאָס אָרט מיט אַ קאָלאָדאַטש... און טאַקע ממש ווי מיט די הענד צוגענומען!... איך בלייב אַלץ מיט'ן ווי־הייסט־מען־עס אין דרויסען, און פֿאַל שוין אויף איין אַנדער אָרט... ווען די ווענד פֿון דער שטוב זאָלען חלילה געווען זיין בעהאָנגען מיט שפּיגלען, וואָלט איך, פֿון שרעק אויף מיר קוקענדיג, געווען געשטאָרבען 10 מאָל אַ טאָג. איין אָנגעבראַקנעטע טימענעצע איבערן גאַנצען קעפּיל, איין אויסגענורעט פּנימ'ל אין סאַזשע מיט בלאָטע, אַ פֿול מיילכ'ל מיט סמאַרק און שלינע, אויפֿ'ן אָרט פֿונ'ם מלאך'ס שנעל אויף דער אייבערשטער ליפּ, אַ פֿויל־בלייך־רויט גאַרעלע פֿון די שטענדיגע אָבגערונענע סטרעמפּליך פֿון געזעל; די הענטעלעך מיט די פֿיסעלעך קויטיג, נאַס און גליטשיג, און דאָס באלף־מהילות'ל ווי אין אַ יאַרמאָלקע פֿון אַלט־פֿערגעלטען, פֿערשמאָלצענעם שפּאַניער... און באמת, ווער האָט זיך געזאָלט אָבגיבען מיט מיר? דאָס דינסט־מיידל, וואָס פֿלעגט בעקומען 6 קערבלעך אַ יאָהר מיט אַ פּאָר אַלטע שקראָבעס פֿונ'ם טאַטענס יאָלעוויטשענע פּאַנטאָפֿעל, האָט נעבעך בעדאַרפֿט ראָמען, ניאַנטשען, שמירען, הייצען די הרובע, פֿערזאָרגען די בהמה, טרייבען אין טשערעדע, טראָגען פּאָמעניצעס, פֿליקען פֿעדערן, ווישען די נאָז און קראַצען זיך מיט ביידע הענד אין קאָפּ... און דער מאַמען נעביך איז דאָך אודאי ניט געווען פֿעראיבעל צו האָבען, אַ חויץ איהר קראָמען און בעל־הבית'טען און לאַטען און מאַרעזשען און תחינות ליינען און קיכלען דעם טאַטען פֿון אַ חלק עולם־הבא וועגען... האָט

זי שוין דעמאָלט נעבעך געבראָכען און נישט געקענט קוקען אויף קיין פלייש... איהר ווייסט דאָך אליין, אַז צווישען יאָ און ניין ווערט געבוירען אַ שאָק הסידימ'לעך. עס זאָל כאָטש אנקומען יעדען גוטען־יודען אַ פאָלק פליאַסקעדריגעס אויף זיין חלק... און וואָס מעהר די צדיקים סטאַרען זיך צו פאַבריקירען קליינע פאָדראַבינטשעקלעך, דעסטאָ מעהר סטאַרעט זיך דער עולם, אָנצופלאָדען פון זייערטוועגען קליינע הסידימ'לעך...
נו, וואָזשע זאָל מיין טאַטע נעבעך ערגער זיין פון אַלע? ובפרט אַז ער איז דאָך גאָר דעם רבינ'ס לייב־אַדיוטאַנט, און דאָס אייבערשטע פונ'ם שטייסעל ביי איהם!...

ובכן, מעג איך אפילו צעריסען ווערען וויינענדיג, גע'הרג'ט און גע'נזק'ט ווערען פאַלענדיג, אויסגעניקערט ווערען הונגערענדיג און פרידהרענדיג און אויסגערויעט זיין אין טנוף, סטאַרק און בלאָטע איז דאָס קיינעמ'ס דאגה ניט, און אַזאַ לעבען האָב איך פאַוואָלע פערבראַכט ביז איך בין אַלט געוואָרען 3 פער־שריגענע יאָהר, און בין, ענדליך איבערגעגאַנגען אויפ'ן טאַטענס פאָמפעטשעניע...

## ב

## דער טאַטע הייבט מיר אָן פֿיהרען אויף זיין סליד און וויל איך זאָל שוין טאַקע זיין אַ פֿאָלגער יוד

ווי איך בין נאָר אַלט געוואָרען 4 יאָהר, האָט מיר דער טאַטע גענומען אין די הענד אַריין, און האָט מיר אָנגעהויבען מחנך זיין מיט מצות און מעשים טובים... נאָר טאָמער וועט איהר אפֿשר מיינען, אַז ער האָט מיר געלערנט אַזעלכע פּוסטע מדות, ווי די דאַטשונעס לערנען זייערע קליינע קינדער, למשל: דעם פּסוק „תורה צוה לנו", קושען עלטערן די הענד אויפֿשטעהענדיג און לייגענדיג, דאַנקען פֿאָטער און מוטער פֿאַר יעדען עסען און טרינקען, וכדומה? האָט איהר אַ מיאוס'ן טעות! פֿע, אַזעלכע מצות הייסען ביי ערליכע יודען, אין פּוילען, עברות, און מ'לאַכט זיך אויס אויף זיי דאָס גרעסטע געלעכטער. אַדרבה, פּונקט פֿערקעהרט, אין אַזעלכע זאַכען פֿלעגט מיר דער טאַטע תמיד לערנען דעם היפך: ער פֿלעגט מיר תמיד הייסען שטעלען דער מאַמען אַ פֿייג, און די מאַמע פּלעגט מיר תמיד ווייזען, איך זאָל רייסען דעם טאַטען ביי די פּאָלעס און קוים איז עמיצער אַריינגעקומען אין שטוב אַריין — אַזוי פֿלעגען זיי מיר שוין ביידע מוטשען און טאָרען: „אַ נו, איציקל, זאָג איהם... נו, גיכער!..." דאָס האָבען זיי געוואָלט, איך זאָל זאָגען דעם אורח: „שלום עליכם אַ גוטער יוד, אַ האַלבען ת... אָבגעברידהט", און נאָך אַזעלכע געשעדיגטע חכמות... נו, מילא, איז דאָך פֿון יענע מצות, וואָס אַ יוד אַ זקן, איז זיי אויך ניט מחויב צו טוהן על פּי התורה, און מוז זיי דאָך טוהן על פּי מוסר און דרך־ארץ... למשל: ער האָט מיר געלערנט, ניט צובינדען דעם קאָלנער פּונ'ם העמדעל אַזוי ווי אַ האָרט... צו־

האַלטען די גאַנצע נאַכט די יאַרמאָלקע מיט ביידע הענד, זי זאָל חלילה ניט אַראָבפֿאַלען, אין שלאָף, פֿונ׳ם קאָפּ... פּורים זאָל איך מיר איבערקעהרען 18 מאָל אויפֿ׳ן טיש הין און צוריק כדי מקים צו זיין דעם „ונהפוך הוא״... פּסח זאָל איך מיט איהם אויסזיצעןביים סדר ביז די האָנען קרייען; יום־כפּור זאָל איך ביז 12 אַ זייגער ניט טועם טעם אכילה זיין, און אַ גאַנצען טאָג אַרומלויפֿען אין די זאָקען; סוכות שלאָפֿען אין סוכה אפילו אין דער גרעסטער קרירא; זיך ניט קעמען די פּאות נאָר פֿון פֿרייטאָג צו פֿרייטאָג; אַלע ערב שבת געהן מיט איהם אין מרחץ אַריין און אָבגאָלען דאָס קעפּיל ביז אין דער הויט אַריין וכדומה אַזעלכע מצות... נישמעהר, וואָס מיט די אַלע מצות איז געווען — רעד איך שוין ניט, נאָר דאָס מרחץ אַלע פֿרייטאָג — דאָס איז מיר דערגאַנגען מיינע יאָהרלעך, און וויל איך וועל לעבען קען איך דאָס ניט פֿערגעסען, און ווען איך דערמאָהן זיך אין דעם געהט מיר איבער אַ גרויל איבערן לייב! שטעלט אייך פֿאָר דאָס פֿינסטערע, ברענענדיגע יודישע מרחץ אין פּוילען ווי עס קעהר צו זיין, און דאָרט פֿלעגט מיר דער טאַטע אַלע פֿרייטאָג אַרויפֿטאַסקען אויף דער אייבערשטער באַנק און קאַטעווען מיט׳ן בערעזעווע בעזעמ׳ל אַ פֿערטיל שעה כסדר פֿאַר דער מקוה און אַ מינוט 10 נאָך דער מקוה... און דאָס איז נאָך ערשט אַ שפּילעכעל געווען אַקעגען דער קאָמעדיע אַליין, איך מיין די כשר׳ע מקוה זאָל לעבען! יענץ האָט מיר נאָר וועה געטוהן, און דאָס האָט מיר טויט־שרעקען געמאַכט... און איהר ווייסט עס גאַנץ גוט, אַז אַ קינד איז לייכטער איבערצוטראָגען 10 וועהטיגען איידער איין שרעק! שטעלט אייך פֿאָר אַ דריי־יעהריג יונגעל, וואָס ווייסט נאָר אַרומלויפֿען גאַנצע טעג אויף דעם שנעעם, שפּילענדיגען, ליכטי־

גען דרויסען, כאַפּט ער מיר פּלוצים ביים הענטיל און פֿיהרט מיר, אויף דרייסיג—פֿערציג שמאָלע, קרומע, צעבראָכענע, גאַליטשינע טרעפּ, אַראָב, אַראָב, אין אַ פֿינסטערן, קאַלטען, טיפֿען גרוב אַראָב, וואו אויף דעם גאַנצען מהלך, שטופּען זיך, הין און צוריק, נאַקעטע, גליטשיגע מענשען, יודען, איהר פֿערשטעהט? יודען! ניט מיין גלייכען יונגעלעך... וואָס מיט יעדען גליטשיגען ריהר זייערן אין מיין לייב, כאַפּט מיר אַ גרויל, וואָס איך קען נאָר דעם טעם ניט איבערגעבען... דעסטאָ שרעקליכער נאָך, וואס ס'איז אין אַ פֿינסטערן תהום... און דערצו הערט זיך נאָך אַלע רגע אַ מין פֿערבאָרגענער, ווייטער, טויבער פּליוסק אין וואַסער, און אַ פֿערדומפּען קול, ווי עפּעס אַ שרעקליך ווידערקול אין אַ פֿינסטערען געדיכטען ווילדען וואַלד, מיט אַ פּוסטע כמאַרנע, וויסטע מדבר הערום, פֿון וואַנעט מ'קען, דאַכט זיך, אייביג ניט אַריין און ניט אַרויס... און אָט אין די אַלע גרויליכע, שווידערענדיגע שרעקען, כאַפּסט ער מיר פּלוצים בייביידע הענטלעך ווי אַ רוח אַ מלמד, און טוהט מיר אַ פּוין ראשא ורובא אין וואַסער אַריין אַזוי, אַז אַרויסנעהמענדיג מיר ווייס איך להלוטין גאָר ניט, וואָס מיט מיר טוהט זיך, נאָר איך פּלאַטער ווי אַ פֿער'סמ'טע מויז, איך טערפּעשטשע מיט הענד און פֿיס, גאר ווי איך זוך אין דער פֿינסטער מיין נשמה... איהר האָט, ליבע לעזער, אַ בעגריף אין מיינע טויט־שרעקען?... „יאָ!

— אַ ליגען, ווי איך בין אַ יוד! וויפֿיעל איהר שטעלט אייך פֿאָר, איז נאָך כ'לעבען קיין טויזענד־חלק ניט דערפֿון, וואָס איך האָב איבערגעפֿיהלט אין דער מינוט!... חוץ דעם עפּוש'דיגען ריח, מיט'ן טערפּקע־ביטערליכען טעם פֿונ'ם מקוה־וואַסער, אָדער בעסער געזאָגט, פֿון דער פּאָמאָיגער־יאַמאַ... אין אמת בין איך טאַקע פֿון דעם טאַטענס מרחצ'ן און מקואות אַזוי ריין און

ויבער געוואָרען, אַז איך קען מיר נאָך עד היום ניט אָבוואַשען
ִיט די בעסטע זייפען און די לויטערסטע פרישע וואַסערן...
איך האָב אייך נאָך אַ סך אַזעלכע מצות צו שרייבען, נאָר איך
ווייס דאך, אַז איהר וועט זיך נאָר מאכען דערפון אַ פּאָטיעכא. און
ביים טאַטען איז דאס געווען דער גאַנצער יסוד פון׳ם יודיש־
קייט!...

אַזוי האָב איך מיך אָבגעמוטשעט נאָך אַ יאָהר אין דער
היים, ביז איך האָב דערהערט, אַז מ׳רעדט שוין מכה אָבגעבען
מיך אין אַ חדר. אין פלוג בין איך אפילו זעהר צופרידען גע־
ווען דערפון, כ׳לעבען, מיר איז שוין טאַקע אליין נמאס ומאוס
געוואָרען די היים, אַז איך זעה איך בין הפקר ווי אַ הונד און
ס׳איז ניטאָ, ווער עס זאָל זיך אומקוקען אויף מיר כאָטש
אַ מאָל אין דער וואָך: דער טאַטע איז יומם ולילה פערטוהן
מיט צונויפנעהמען דאָס מעמדות געלד פון׳ם רבינ׳ס וועגען אַזוי,
אַז, אַ חוץ נאָר די מצות, האָט ער מיר אין זינען ווי דעם פאַר־
איאָהריגען שניי... און די מאַמע איז נעבעך דערשלאָגען מיט׳ן
קרעמעל, מיט דער שטוב, און ועל כלם, מיט די פיצעלעך
קינדערלעך: איינס האָט זיך איהר נאָכגעשלעפּט ביים פאַרטוך,
דאָס אַנדערע אויף די הענד און מיט׳ן דריטען אויף דער צייט..
אודאי וואָלט מיר שוין דאָס חדר אַ סך ניחא׳ר געווען, איך
האָב געמיינט, אַז דאָרט וועט מען אויף מיר השגחה געבען,
איך זאָל כאָטש ווערען אַ שטיקעלע מענש. איך מיין שוין
ניט ווי די נגידישע קינדער, אָבער כאָטש ווי די פּראָסטע־בעל־
בית׳שע קינדער אין שטאָט... נאָר אַז איך האָב פלוצים גע־
הערט אַ שמועס, ווי דער טאַטע זאָגט אַזוי צו דער מאַמען:
„דו זעהסט דאָך, וויטיע, אַז איך בין שטענדיג פערטראָגען אין
דאגות פרנסה, טאָ נעם דו און גיב איהם אָב אין חדר אַריין,

כ׳לעבען, מילא אַ גמרא מלמד איז עפּעס אַנדערש, אָבער נאָך מיט אַ דרדקי מלמד זאָל איך האָבען צו טוהן, הא? פֿערשטעהסט דאָך אַליין, אַז ס׳איז ניט פֿאַר מיר!" — „ביסט טאַקע זעהר גערעכט, כ׳לעבען — זאָגט די מאַמע — איך וועל אודאי ניט דשאַלעווען מיין טרוד, נאָר זאָג־זשע דו מיר, יאָסי, צו וועמען זאָל איך איהם אָבגעבען? האָסט דאָך היע מעהר ניט ווי 2 דרדקי מלמדים: נחמן טראָסק און נחמיה מיצעל, צו וועמען זשע איז נאָך דיין חות־דעת נאָך גלייכער?" — „איך וויים...? — זאָגט דער טאַטע — מיט׳ן דרך הטבע איז גלייכער צו נחמן טראָסק"... — „ער איז דאָך אָבער אַ ווילדער קאַט אויף קינדער און חוץ לזה האָט מיר וועכנע די פֿערזאָרגערין אַנומעלט דערצעהלט, אַז זי ווייסט פֿון אַ סך לייטישע יודען אַז נחמיה קען אַ סך בעסער לערנען פֿון נחמן׳ען!" „מילא, אַליץ איז רעכט — זאָגט דער טאַטע — נחמיה איז דאָך אָבער ניט מיין רבי׳נס חסיד...!" — נו, וואָזשע איז — זאָגט די מאַמע מיט אַ ווייך שמייכעלע — פֿאָהרט ער צום זאַדקיוועצער צדיק, אָבער אַ חסיד איז ער דאָך..." „אַי, שטיא! — רופֿט זיך אָן דער טאַטע מיט אַ שוואַכען בייזער — דו ווייסט טאַקע גאָרניט מה דקאמרי רבי׳צען, ווי הייסט? דער זאַדקאוויצער איז דען אויך אַ גוטער יוד? איך האָב פֿונ׳ם רבי׳נס פּה קדוש אַליין געהערט, אַז דער זאַדקאָוויצער איז גאָר גאָט׳ס מאַרשעלעק, ווייל זיין נשמה איז גענומען געוואָרען פֿון דעם עולם־הלצה, אַ סמן, האָט דער רבי געזאָגט, אַז דער זווג מיט איהם איז אויסגעקומען פּונקט אין דער בלינדער נאַכט, וואָרעם זיין ברית איז געווען אום יום־כפּור... דו פֿערשטעהסט אַ טייט פֿון אַזאַ הימעל-מעגשען, הא?..." — „איך וויים? — זאָגט די מאַמע, ווי אַ פֿערשולדיגטע — איך זעה, אַ וועלט פֿאָהרט צו איהם, איז בי׳

מיר, נאַרישע יודענע, זעהר רעכט" — „אָ אָ! — זאָגט דער טאַטע — אַ קשיא וואָס מ׳פֿאָהרט! אלא־מאי מ׳פֿאָהרט אין די ליטווישע ישיבות אַריין אויך? נו, האָט עס דען עפּעס אַ ממש? אויך נאָר אַ פֿערפֿיהרטע זאַך!... קאַרג האָט דער רבי, היינטיגען שבת־שירה, געקרעכצט אויף די ישיבות? ער האָט בפירוש געזאָגט, אַז די ישיבות מיט די ראַבינער־שולען זענען ביידע אויף איין מדרגה: פֿון דאָרט וואַקסען גרייטע אפּיקורסים, און פֿון די ליטווישע מתנגדים ווערען שפּעטער אפּיקורסים... און די ישיבה־בחורים זענען נאָר בחינת „וגם ערב־רב עלו אתם"... און דאָ האָט ער געזאָגט אַ תורה, וואָס איז ממש בוקע רקיעים... נישמעהר, וואָס ווייסטו? ביסט ניט מעהר ווי אַ כשר׳ע בהמה"... „נאַ, — זאָגט די מאַמע מיט אַ רחמנות־דיג פּנים — וואָס קענסטו פֿאָדערן פֿון אַנ׳אשה!? אודאי פֿערשטעהסטו אין נאָגעל מעהר ווי איך אין קאָפּ, טאָ טוה זשע ווי דו פֿערשטעהסט..." פֿון אַזא זיסען שמועס האָב איך זיך שוין געקענט שטויסען, וואָס הדר בעדייט? און אַז אין חדר וועט נאָך אפשר ערגער זיין ווי אין דער היים... און כך הוה!

ג.

## גישטאַ דער רעדנער, דער מאָלער, די פּעדער, וואָס קאָן אָבמאָלען אַ פּויליש־יודיש חדר!

אַז די מאַמע האָט מיך דאָס ערשטע מאָל אַריינגעפיהרט צו נחמן טראָסק אין חדר אַריין — איז מיר פינסטער און וויסט געוואָרען אין מיינע אויגען: אין שטוב אַ בלאָטע איבערן גאַרטעל; ביי דער טיהר אַ דייזשקע וואַסער און לעבען איהר אַ פערשימעל־טע פּאָמעניצע מיט אַ ווערך, און פון אויבען איז אַרומגעשוואו־מען דאָס, וואָס איז המנ׳ען געפאַלען אין קאָפּ אַריין... די קליינע 4־דאָפּעלדיגע פענסטערלעך זענען פעריאָגט געוואָרען פונ׳ם פּראָסט אַפּשר אויף אַ פינגער די גראָב און דער פּראָס־טיגער מאָך אויף זיי איז צוזונצעלט געוואָרען מיט פיגורען פון מגן־דוד׳ס, איקס מיקס דריקסען, קאָטשערעס מיט לאָפּעטעס און נאָך פּעשידענע קרומע און צוקענדיגע רינגעלעך מיט פּאַ־סעקלאָך, וועלכע טיפער און שמאָלער איינגעגראָבען, און וועלכע ברייטער און נור פון אויבען־אויף געקריצט; וועלכע זענען נאָך פריש און העלבליך געווען, און וועלכע שוין עלטער און פער־יאָגטער; זעלטען איז צו בעמערקען געווען נאָך נאָר אַ פריש רעדעלע ביז אין גלאָז אַריין, וואָס אַ יונגעל האָט, אַ פּנים, נאָר וואָס געמאַכט מיט אַ קאָפּיקע, און פון אַלע פענסטערלעך איז גערונען אויף די ווענד ביז אין דער ערד אַראָב. 3 קליינע קינ־דערלעך מיט פערשפּיליעטע העמדעלעך אונטער די אָרעמלעך האָבען זיך גערויעט אין דער בלאָטע און געקראָכען ראַטשקאָם און כמעט שטענדיג זענען זיי אויסגעקומען מיט די באַלף מהילות׳לעך צום פּראָנט... אַ לאַנגער שמאָלער טיש מיט אַ הוידעווידיגען שטאָלען, מיט שטריקעלעך איבערגעבונדען און

איבערגעקניפט, און מיט א אויסגעפלעקטער, און אויסגעברענטער
און צוקאַרדאַשעטער דעק, ארום וועלכען, אויף געמאַכטע בענק
פון א שמאָלער, סוקעוואַטער ברעט אויף 2 האלבע קלעצלעך,
זענען געזעסען פערשידען־וויקסיגע יונגעלעך, איינס אין־עס־אַנ־
דערע איינגעוואַקסען, און אלע מיט די פלייצעס איינגעקלעבט
אין דער נאַסער, פראָסטיגער וואַנד. און כמעט אויף יעדע 10
יונגלעך איז געלעגען איין סדור, און דאָס איינע איז שוין אויך
דריי מאָל אזוי גראָב און געשוואָלען ווי פונ'ם דרוק ארויס...
אויפ'ן עק טיש איז געשטאַנען איין אלטער גרויסער קאָשעק
מיט טעפלעך, נעבען וועלכען ס'איז געשטאַנען א גרויסער ראַ־
בער קאָטער און האָט געלעקט, קלאַפענדיג מיט'ן ווידעל אי־
בער א תלמיד'ס קעפעל. אין ווינקעל צום אויבען־אָן איז גע־
ווען א שמאָל טירעל אָהן א טיר, דורך וועלכען עס האָט זיך
געזעהן אין שטוב ארײן די אונטערשטע האלב־לאַנג רבי'צען,
בייגענדיג און שטערכענדיג מיט א קאָטשערע א היץ, א פנים אין
אויווען ארײן, און ביי יעדען עפען די פעדערשטע טיר, האָט
זי ארויסגעשטעקט דעם קאָפ אין א פערשמאָלצעוועטער קופקע
מיט א גליטשיג, פערשוויסינט פנים, גאָר עפעס ווי וואַנקע
ראָ־טיו־טיו אין פאלאַטקע פונ'ם פענסטערל ארויס... דער רבי
איז געזעסען אויבענאָן ביי דער הרובע, אָהן א קאַפּאָטע, מיט
א פערגעלטען טלית־קטן, די אונטערשטע העלפט איבערגעוואָר־
פען פון פאָרענט און האָט זיך געטשעכעוועט אין דער הרובע;
א צושפאָלטענע פערסאָלעטע יאַרמעלקע, וואָס איז אין פער־
עלטערטע קנייטשען און אזוי איינגעשרומפען, אז זי איז שוין
מעהר ענליך אויף א פאַקרישקע ווי אויף א יאַרמאָלקע, איז געלעגען
פעררוקט אויף זיין פליכעוואַטע גענאָלטען קאָפ ווי א גרויסער קיילעכ־
דיגער מיליוטען־מיט־ציקוטען־פלאָסטער אויף א גרויסער גוליע;

אין איין האַנד האָט ער געהאַלטען אַ גראָבען קאַנטשיק און מיט דער אַנדערער האט ער זיך, דורכ'ן צעכראַסטעטע־קויטיגען העמד, געקראַצט אינ'ם וואַלד געקרייזעלטע האָר אויף זיין ברוסט. אַריינקומענדיג אין שטוב, האָבען מיר געטראָפֿען די קאַרטינאַ, ווי דער רבי מיט'ן בעהעלפֿער האָבען געקנאַקט מיט די קאַנטשעקעס, די הדר־יונגלעך האָבען געגאָנערט ווי אַ סטאַדע גענז, די קינדערלעך זענען איבערגעריסען געוואָרען פֿון געוויין און אינמיטען דערינען איז די רבי'צען איבערגעלאָפֿען די שטוב ווי אַ וויכער, האַלטענדיג, אין אַ האַנטשערקע, אַ האָלאָוועשקע אין דער האַנד, און פויז אין פּאָמעניצע אַריין! אַ דאָ איז דאָס געוואָרען אַ פּאַרע מיט אַ זשוזשעריי איבער דער גאַנצער שטוב, ווי מ'גיסט אויף אויפ'ן קעסעל אין באָד!... די מאַמע האָט גערעדט אַ פּאָר ווערטער מיט'ן פּראָפֿעסאָר און איז אַוועקגע־גאַנגען, און איך בין אַליין געבליבען אין דעם נייעם אינסטיטוט.

די מאַמע איז נאָר וואָס אַרויס פֿון דער שטוב, איז דער רבי אַפּירגעגאַנגען פֿון אונטערן טיש גלייך צו מיר מיט די ווערטער: „דו זעהסט אָ דעם קאַנטשיק? דערמיט שמייסט מען אַ יונגעלע, וואָס וויל ניט לערנען"... און דערביי האָט ער שוין דערלאַנגט אַ יונגעל מיט'ן קאַנטשיק איבער'ן קאָפּ, כדי מיר צו ווייזען, וואָס „קאַנטשיק" בעדייט!... מיט די רעד האָט ער מיר אַ שלעפּ געטוהן צום טיש, האָט געעפֿענט דאָס געווייסע גע־שוואָלענע סדור, און האָט מיר אַ פֿרעג געטוהן: „קענסטו עפּעס לערנען?" — „נ־נ־נ־יי־ן" האָב איך, אין איין פּלאַטער־ניש געענטפֿערט און האָב מיר צעוויינט. „ציט!" האָט ער אַ האַלבען געשריי געטוהן „וואָס האָסטו זיך אַזוי צעיאַכמערט?" און דערביי האָט ער מיר געטוהן אַ קניפּ אין בעקעל, אַז עס האָט מיר אַזש אָנגעכאַפּט ביים האַרצען... און איך האָב מיר

נאָך מעהר צוווינט. אַ דאָ האָט ער מיר אנידערגעזעצט ביי זיך אויף דער קניע, און האָט מיר אָנגעהויבען וויזען מיט'ן טייטעל: איין אַלף, אַ בית, נאָר ביי דער בית האָב איך פערגעסען די אַלף און ביי דער אלף — די בית. עד האָט אַ קוק געטוהן ס'איז שלעכט, האָט ער מיר אָנגעהויבען איינרעדען, אַז קוים איך וועל בעגעהרען לערנען, וועט מיר דער מלאך וואַרפען אַ גראשען פון דער סטעלי... דערהערענדיג אזא גדולה, האָב איך שוין נאָר לחלוטין פערגעסען דעם סדור און האָב אַלץ פערריסען דעם קאָפּ צו דער סטעלי... אָ דאָ האָט ער מיר אָנגעהויבען סטראַשען מיט אַלערליי פחדים: אַז איך וועל ניט בעגעהרען לערנען, וועט מען מיר אויף יענער וועלט שמייסען מיט אייזערדיגע קאַקעריזעס; מלאכי־חבלה'ניקעס וועלען מיר אוועקטאַסקען אונטערן אָרון־הושך (הרי הושך); שדים וועלן מיר פעקויפען צו די ציגיינערס; ביינאַכט וועלען מיר זיך חלומ'ען מתים, וכדומה אזעלכע שרעקליכע סטראַשידלעס, פון וועלכע ס'איז אין מיר פערקיהלט געוואָרען דער מאַמעס מילך, עס האָט זיך מיר שוין אויסגעוויזען: די אַלף איז אַ שד און די בית — איין אייזערדיגע קאַקעריזע און דאָס גאַנצע סדור—אַ ארון הושך... ביז איך האָב מיט אַ מאָל אויסגעפּלאַצט אין אַ יאָמערליך געוויין, און מ'האָט מיר געמוזט אָבפיהרען אַהיים; נאָר די גאַנצע נאַכט האָט זיך שוין אַלץ פאָרגעשטעלט, אַז רוחות און מתים, מיט אייזערדיגע קאַקעריזעס אין די הענד גלאַנצען אויף מיר די אויגען און שרייען אויף קולי־קולות: „זאָג אַלף! זאָג בית!..." און בין אַ חודש געלעגען אין אַ גאָראַטשקע צווישען לעבען און טויט... איך וויים שוין פאָר־אויס, אַז ווען אַ פוילישער יוד, צי אַ יודענע וועט לייענען די ווערטער, וועלען זיי צושמייכלען אין זיך, מיינענדיג, אַז איך

דערצעהלט זיי עס נאָר פֿאַר אַ פּאָטיעכע, און מיין גארניט זיי...
אין אמת אַריין ווייס איך, אַז אַזוי ווי איך האָב מיר דעמאָלט
געשראָקען פֿאַר די רוחות, מתים און אייזערדיגע קאַקעריזעס,
אַזוי האָבען אַלע פּוילישע יודעלעך נאָך עד היום מורא אימת־
מות פֿאַר שדים, לצים און מתים, אַז דער רוח נעמט זיי אַזש
צו, און זיי בערעכענען עס גאָר ניט, אַז דאָס האָבען זיי בירושה
פֿונ׳ם זיסען הדר, און האָבען קיין רחמנות גיט אויף זייערע
קליינע קינדער, זיי זאָלען זיי שוין ערציהען אויף אַ בעסערן
אופן, אום זיי זאָלען שוין פֿערשפּאָרען פֿערברענגען זייער לע־
בען אין אַנגסטען און שרעק, נישמעהר ווי זאָלען זיי די קינדער
אָבגעוואוינען דערפֿון — אַז זיי אַליין גלויבען נאָך דערינען ווי
אין גאָט ?... קאַרג גיבט עס מעשות אין פּוילען מיט אַ ליץ
אין קעלער, מיט מתים אין שוהל, מיט אַ וואָלפֿקולאַק, אַ דבוק
און אַ ניט־גוטער ?... און טאַקע דעריבער בעוואָרענען זיי די
קינפּעט־קינדער מיט די אַלע טערפקע נעמען, וואָס איז אונטער
די שיר־המעלות׳ן אויף טיר און פֿענסטער; דעריבער שלאָגען
זיי אָן שמירות מיט קמעות אין די קעלערס און ׳קאַמערן...
און וואס מעהר זיי בעוואָרענען זיך — מעהר האָבען זיי מורא...
און דאָך פֿיהרען זיי די קינדער אויף דעם אייגענעם דרך, וואָס
זייערע פֿאַנאַטישע טאַטעס האָבען זיי געפֿיהרט; און צום אמת
איז דאָך עס פֿאָרט ניט מעהר ווי נאָר אַ פֿערפֿיהרטע זאַך!
מ׳האָט נאָך דערווייל קיינמאָל ניט פֿערביטען אַ קינפּעט־קינד
אויף אַ שד... מ׳האָט נאָך דערווייל קיינמאָל גיט געזעהן מיט
די אויגען אַ ליץ אין קעהלער... מ׳האָט נאָך עד היום ניט גע־
הערט דאַווענען מתים אין שוהל... נו, און אַז דער קברות־יוד
אַליין גנב׳עט די תכריכים פֿון די מתים אַראָפּ — האַלט ער דען
דאַמאָלט אַ שיר־המעלות, צי אַ שמירה, צי אַ קמיע אין

קעשענע...? און וואָס טראַכט זיך דעם רבינ'ס גבאי, בעת ער פערנאַרט וועמען איך וויים אין בית־הכסא אַריין ביינאַכט?

— דאָרט איז דאָך געווים ניטאָ קיין שמירות מיט קמיעות!... און וואָס דענקט זיך טאַקע דער רבי מחילה אַליין, ווען מ'רופט איהם צום סטאַנאָוואָי, אָדער צום ספּראַווניק...? דאָרט איז דאָך אויך קיין שמירות ניטאָ — נו? האָט ער זשע דען מורא דאָרט פאַר אַ שד, אַ לין? אָסור. בנאמנות! דאָרט האָט ער גאָר מורא, דאַכט זיך פאַר'ן ווי הייסט־מען־עס... נאָך מעהר חדוש, ווען אַ פּוילישׁ יודעל לייענט עפּעס אַ יודיש ביכעל, צי אַ גאַזעטע וועגען אַזעלכע נארישע פאַנאַטיזמוס און אַבערגלויבע־ריי, שמייכעלט ער נאָך אונטער און טוהט אַ זאָג דערביי: „וואָזשע? ער איז דען ניט גערעכט דער שרייבער? האָבען דען ניט אונזערע יודען אין זיך אָ די אַלע שטותים און דומ־הייטען, וואָס ער שרייבט?" און אַליין בערעכענט ער זיך גאָר ניט, אַז דאָס איז ער טאַקע אַליין דער יוד פון זיינע „אונזערע יודען"... און פערבעסערט זיך ניט אפילו אויף אַ האָר! — איך וויים אַזוי זיכער ווי איך לעב, אַז איטלעכעס פּוילישׁ יודעל, נאָכ'ן אָפלייענען אָ דאָס ביכעל מיינס, וועט אויך ניט איינמאָל, קומענדיג צו רעד, אַ זאָג טוהן: „אפשר ניט גערעכט דאָס פּוילישע יונגעל, וואָס זאָגט דאָרט דאָס און דאָס, צי וואָס שרייבט דאָרט אַזוי און אַזוי?... און וועט גאָר בסך הכל פערגעסען, אַז דאָס אַלעס ליגט טאַקע אין איהם אַליין, נאָך אפשר מעהר ווי אין אַלע... און וועט זיך אַלץ אַזוי טשוואַניען, גלייך ווי איהם מיינט מען עס גאָר ניט...

און איך זאָג אייך בפירוש, אַז די בעשרייבונג מאַך איך ניט פון אַ מעשה וועגען! איך מיין פשוט, טאָמער וועל איך כאָטש קענען דערמיט אָבראַטעווען איין פּוילישׁ יודעל,

ער זאָל אוועקוואַרפֿען אַ די אַלע פֿאַנאַטישע נענג, וואָס פֿעראומערען איהם זיין לעבען, און זאָל ווערען אַ שטיקעל מענש! און דעם איינעם מיין איך יעדען... און אויב די טאַטעס זענען שוין פֿערפֿאַלען, לאָזען זיי כאָטש זייערע קינדער ניט פֿערוויסטען זייער וועלט! — נישמעהר איך בין שוין צו ווייט פֿערקראָכען; לאָם איך מיר שוין אומקעהרען צו מיין דרדקי חדר:

ד

## וואו נאָך גיבט עס אַזעלכע צדיקים און לומדים ווי אין פּוילען די יודישע בעהלפער און מלמדים ! ?

אין אַ קורצער צייט בין איך ווי געוואוינט געוואָרען מיט'ן חדר ; איך האָב זיך שוין פון די יונגעלעך אָנגעהערט אַ סך מעשׂות פון מתים, פון מלאכים פון שרעטעלעך : דאָס יונגעל האָט מיר דערצעהלט, אַז זיין טאַטע געהט אַלע ביינאַכט אויפ'ן הימעל אַרויף און לערנט דאָרט תורה מיט די מלאכים, נאָר אַז ער כאַפּט זיך אויף פערגעסט ער ביז איין אות... דער דער־צעהלט, אַז ווען זיין טאַטע פאָהרט ערגיץ אַוועק, קומט ביי־נאַכט, דער דאָמאָניק צו זיין מאַמען און וואַרגט זי... יעניץ יונ־געל שווערט, אַז זיין עלטערע שוועסטער כאַפּט אָפּט שריי־טעליך אין קעלער און רייסט זיי אַראָב די קאַפּעלושלעך, ברענגען זיי איהר געלט... אַנ'אַנדער יונגעל דערצעהלט, אַז זיין טאַטע האָט אַ שפּרוך צו מכשפות איידער זיי בעקומען גראָהע האָר... איינער האָט גאָר דערצעהלט, אַז זיין טאַטע דערקענט די מתים, וואָס געהען אַרום אויפ'ן עולם התוהו, און זיי ברענגען איהם געלד, ער זאָל זיי ניט אויסגיבען... און נאָך אַזעלכע מעשׂות, פון וועלכע עס שטעלען זיך די־האָר קאַפּויער, און זענען דאָך זעהר ציקאַווע צום הערען... הײנט האָב איך מיר אויסגעלערנט די אַלע לידלעך, וואָס זענען פּשוט מחיה די נשמה, אַ שטייגער : אבינו מלך ; ציגעלע־מיגעלע ; איינגע־דעבענגע, שאַטש־פּאַטש ; מיזעלע־מאַזעלע ; בערעלע־בערעלע ; פּי פּיי, פּי פייגעלע ; אָרענע־באָרענע ; אָפּיי־אָנע־פּאָסעק־אָנע ; איינס־איינס־אָה, וכדומה. אַ כלל, עס וואָלט שוין גאָר גיש־קשה געווען אין חדר — ווען ניט אָ דער עכברוש, דער בעהלפער,

קיין גוטען סוף זאָל ער ניט האָבען! ער איז מיר דערגאַנגען דעם עק! ביים לערנען האָב איך געמוזט אָבשטעהן פֿאַר איהם שעה'ן־ווייז דאָס העמדל פֿערשפּילעט, און ער האָט געפּיצקעט ווען ס'האָט זיך איהם נאָר פֿערוואָלט; דעם איבערבייסען מיט'ן וואַרעמעס האָט ער כמעט אינגאַנצען ביי מיר אויפֿגענאַשט — האָב איך ניט אויסגעזאָגט דער מאַמען — בין איך געשטאָרבען פֿאַר הונגער, האָב איך יאָ אויסגעזאָגט—האָט ער מיר גע'הרג'עט, גע'ממית'ט; שוין גלייכער ניט אויסזאָגען און בעסער היטען די ביינער! און איך וועל טאַקע ניט אויסזאָגען, אַז ווען ער געהט זיך מיט אונז באָדען, לאָזט ער זיך אַראָב גרונטעווען אונטער'ן וואַסער און קומט תמיד אַרויס דאָרט, וואו די ווייסע גענז... באָדען זיך... וואָרעם ס'איז ניט מיין עסק — אַבי ער טשעפּעט מיך ניט!...

איהר מוזט וויסען, אַז מיט מיין בעהלפֿער האָט מען גאָר ניט געקענט מאַכען, וואָרעם ער איז מיט ווילדע תקיפות אַ בעהלפֿער געוואָרען, און אַלע מאַמעס וואָלטען פֿאַר איהם די אויגען אַרויסגענומען! די מעשה איז אַזוי געוועזען: אַז ער איז נאָך אַלט געוועזען אַ יאָהר 10—12, האָט ער געהאַט אַ טוהעכ'ץ צו כאַפּען פֿליגען און הרג'נען, און פֿערקויפֿען זיי די ריבאַקעס אויפֿ'ן פֿונט פּאַר אַ קאָפּיקע, אָדער אַ לעבעל ברויט. דורך די ריבאַקעס איז ער פֿערנאַנט געוואָרען ביים בעדער פֿאַר אַ יונג מיט שפּאָרען, און ער האָט איהם צוגענומען פֿאַר'ן באָד־גוי, צו קלינגען אין באָד־אַריין און היטען דאָס אָנטוהן; די דאָזיגע שטעלע האָט איהם בעקאַנט געמאַכט מיט אַלע שמש'טעס פֿונ'ם ווייבערשען בעדעל און פֿון די ווייבערשע שוהלעכלעך, וועלכע האָבען איהם אַביסעל אויסגעסווישטשעט. און ער איז, מיט דער צייט, געוואָרען אַ גאַנצער ביוואַלע אין

שטאָדט־זאַכען; ער האָט שוין געוואוסט למשל, וועלכע בעל־
הבית'טע איז אַ נאַשערין; וועלכער מקבל איז אַ לאַטהער, ווי־
פיעל יעדער בעל־הבית האָט זיך ליב צושמייסען אין באָד;
ווען די קהל'ס־לייט וועלען מאַכען אַ וועטשערינקע; וועלכע
ווייבער גנב'נען ביי די מענער, ווער ווארפט אייגלעך
אויף די יונגע ווייבלעך ביי תשליך; ביי וועלכע בעל־הבית'טע
איז פעטערע לאַטקעס אום חנוכה און וויפיעל פאָרלעך אינדע־
קעס האָדעווען זיך ביי יעדער גביר'טע אויף פסח... וכדומה;
דערצו האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט היבשע עטליכע לשון־
קודש ווערטער, ער האָט שוין געקענט אויסרעדען: „אַ פאָר
תפילים", „מילעך האַוויולם", „וקלקלקות", „יכנס אַ רופא", „תנה־
תיקף", וכדומה... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער איז געוואָרען
אַ שאַלאַטען־שמש אין שטאָדט, ס'הייסט: נאָכטראָגען דעם
לאַמטערן, דעם שוחט צו כפרות, און דעם חזן נאָכ'ן חנוכה־
געלד; ערב שבועות אָנטראָגען שאָוער אין די שוהלען און
בתי מדרשים; אַ שליה אויף בייזע בשורות אָנזאָגען; אין
אַ טוואַן אַריבערטראָגען ווייבער אויף די פלייצעס; לויפען פאַר
דער מטה ביי אַ רייכען בר־מינן; יום כפור טראָגען היי אין
שוהל אַריין; ביי די מצות זיין אַ רעדלער; סוכות ברענגען
סכך צום רב'ס סוכה; ביי אַ שרפה טרייבען מ'זאָל ראַטעווען,
וכדומה... בעת די אַלע מיני שליחות'ן, פלעגט ער אין איין
ווענס עפעס אָבטראָגען פון אַ שטוב, ווי אַ לעפעל, אַ מעסער,
אַ שטייסעל, אַ לייכטער, אַליך אַזעלכע חפצים, וועלכע ער
האָט געוואוסט, אַז ביי יענער און יענער בעל־הבית'טע פעהלט
עס, זאָל ער עס יענער פערקויפען פאַר אַ שבוש... איבערהויפט
פלעגט ער די אַלע גנבות אָבזעצען ביי דער שטאָדט־גבאי'טע,
אַ בענאַטעשע נעזונטע יודענע, וואָס פלעגט אַלע טאָג געהן

אין שוהל אַריין מיט'ן גרעבסטען קרבן־מנחה און אַ גאַנצען פּאַק תחנות... און אַלע ווייבער האָבען געוואוסט, אַז איהר ברענגט מען תמיד רפואות פון'ם גן־עדן... זי פּלעגט ביי איהם די אַלע חפצים אויפכאַפּען ווי אַן אבן־טוב, און האָט שוין געהאַט דאָס אָרט ווי דאָס צו פערצוקערן... איהם, דעם בעהלפער פּלעגט זי אָבקומען מיט גאָר אַ קלייניגקייט, היינו: ער איז געוועזן אַ ווילדער נאַשער אויף איינגעמאַכץ, און די מין גבאי'טע פלעגט שטענדיג אַרומגעהן קלויבען איינגעמאַכץ ביי די ווייבער, צו דערקוויקען די הולאים אין הקדש... נו, נו! האָט ער ביי איהר געלעקט איינגעמאַכץ און זי האָט אָבגעלעקט אַ גוט ביינדעל... דערפאַר אָבער פּלעגט זי אָפט אויף איהם זאָגען אַ גוט וואָרט ביי די ווייבער, אַ שטייגער: „טאַקע נעבעך אַ גראָבער פּליגעל—נאָר זעהר אַ כשר'ע בהמה"... צי למשל: „אַזאַ געטרייע זאַך איז צו זוכען אין דער וייטער וועלט!" וכדומה אַזעלכע פּלעסטערלעך, ביז זי האָט איהם, מיט'ן איינשפּאַרעניש פון אַ סך מאַמעס, אריינגעדרעהט פאַר אַ בעהלפער צו נחמן טראָסק און די טאַטעס האָבען געמוזט נאָכזאָגען: אמן!...

קורץ, איך האָב מיר מיט'ן אַלף־בית אָבגעמוטשעט אַ קענען אַ האַלב יאָהר און האָב שוין יאַקאָש ניט געקענט! וואָרעם מיין מלמד האָט דאָך ביים טאַטען קיינמאָל ניט געזעהן אַ גראָשען שכר־למוד־געלט אין די אויגען, ווייל וויפיעל ער האָט איהם צוגעזאָגט, האָט ער עס איהם אַלץ אָבגערעכענט אויף דעם צדיק'ס מעמדות־געלד. נישמעהר, וואָס האָט מיין מלמד בסך־הכל בעדאַרפט דעם שכר־למוד? אין אַ טרונק בראָנפען איז ער, ברוך השם, אין קלייזעל קיינמאָל ניט זשעדנע געוועזן! איהר ווייסט דאָך, אַז אַזוי ווי אַ שניידערשער צעך געהט זיך ניט אויס אַ טאָג אָהן פּעטש — אַזוי געהט זיך

אַ חסידיש קלייזעל ניט אויס אַ טאָג אָהן תיקון! היינט האָט די רבי'צען אַ יונגעל געהאַט, מאָרגען האָט דער רבי בעקומען מגידות איבער גאַנץ בראַניצקעס שליסעל... איבערמאָרגען האָט מען דעם רבי'ן געטרעבעוועט צום ספּראַווניק — קומט דאָך אַביסעל בראָנפען, מ'זאָל חלילה ניט אַריינפאַלען אין עצבות, בחינת מוחין־דקטנות... אָט האָט איהם דער ספּראַווניק פריי געלאָזט — קומט דאָך אודאי אַביסעל בראָנפען! אָט האָט מען דעם רבי'ן געשענקט אַ קאַרעטע; אָט איז יאָסעל דעם רבינ'ס אַ חתן געוואָרען; אָט האָט וואָרכיווקער קהל געשיקט דעם רבי'ן אַ זילבערנעם האַן אויף כפרות... און אַזוי ווייטער... היינט יאָהרצייטען איז דאָך אין קלייזעל מעהר ווי אין אַלע שוהלען און בתי־מדרשים! וואָרעם אַ סך קראַנקע חסידים, וואָס וואָל־טען אפשר געגעזען געוואָרען, נאָר אַז זיי הייבען זיך אָן פאָ־רען מיט'ן רבי'ן, האָבען זיי באַלד די רפואה אויף אייביג... און ס'איז גאַנץ פשוט: אַז מ'ברענגט דעם רבי'ן דאָס קוויטעל פונ'ם מסוכנ'ם חולה — ווייסט ער דאָך נעבעך ניט, וואָס ער זאָל דאָ זאָגען... איז ער זיך מישב און טוהט אַ גלאַנץ מיט די אויגען, אַ קנייטש מיט'ן שטערען און אַ טיפען, צעבראָכענעם זיפץ... און דערמיט איז ער שוין געווים יוצא לכל הדעות, וואָרעם ממה נפשך: וועט דער חולה שטאַרבען — הייסט דאָך עס, אַז דער רבי האָט עס נאָך פריהער געוואוסט, און האָט נעבעך געגלאָנצט, געקנייטשט און געזיפצט... אלא וועט ער געגעזען ווערען, הייסט דאָך עס אודאי דעם רבינ'ס מופת, ווי איינער רעדט: ער האָט איהם מיט זיין גלאָנצען, קנייטשען און זיפצען אַרויסגעריסען מיט גוואַלד פונ'ם מלאך־המות הענד אַרויס... נאָר דערווייל, אַז דער שליח קומט און דערצעהלט דעם חולה, ווי דער רבי האָט זיך געקנייטשט, געגלאָנצט מיט די אויגען

און נעזיפּצט — פֿאַלט ער נעבעך שוין טאַקע אַראָב ביי זיך... און פֿון אייגציגען פּחד ווערט ער נאָך ערגער קראַנק ביז ער מאַכט אַ שטאַרב... מילא ווי עס איז שוין די מעשה — דערווייל ווערט אַ נייער יאָהרצייט און מיין מלמד האָט אַ נייעם טרונק בראָנפֿען !... אין אָן אָנבייסען איז ער אויך ניט זעהר זשעדנע, וואָרעם מיין מלמד האָט זיך אין שטאָדט גערעכענט פֿאַר אַ מקבל אויך... און ווען אויפֿ'ן הונדערטען פֿאַל, אַ טאָג אָדן אַ קרעמעשל — האָט ער דערויף געהאַט אַ סך אַנדערער לֵי פּרנסות; ניסן האָט ער אַרומגעטראָגען זעקסטלעך מצה־שמורה צו די נגידים; אלול פֿלעגט ער געהן לייענען די ווייבער מצבות אויפֿ'ן בית־עלמין; סוכות האָט ער אַרומגעטראָגען אַן אתרג מיט אַ לולב צו זיינע בעלי־בתים; אויף הושענא רבה איז ער געווען דער הורטאָווניק פֿון הושענות, וועלכע טאַקע זיינע חדר־יונגלעך האָבען גאַנץ חול־המועד אָנגעריסען פֿון זיינעטוועגען אויף דער געמפּע; כסליו האָט ער געגאָסען חנוכה־ליכטלעך צום פֿערקויפֿען; דערצו האָט ער נאָך אַ ביסעל צוגעשדכנ'ט, אַביסעל צוגעדאַווענט פֿאַר'ן עמוד ימים נוראים אין אַ שניידערש שוהלעכל, אַביסעל געזאָגט קדיש נאָך בעזדיעטניקעס, אַביסעל פֿון תהילים־זאָגען אויף אַ רייכען חולה; אַביסעל פֿון בריוולעך שרייבען פֿאַר סאָלדאַטקעס צו זייערע מענער אין פּאָלק אַריין, און נאָך אַלעמען פלעגט ער נאָך מאַכען בגנבה פֿון קאָרענ־ציעס שמעק טאַבאַק און פֿערקויפֿען אין קלייזעל אַ גראָשען אַ פּישקעלע; נו, וואָס נאָך דאַרף ער דעם טאַטענס שכר־למוד־געלט? — אַבי ער האָט געהאַט זיין אויסקומעניש, מעג דאָך שוין ווייב און קינדער אפילו פּעכנען פֿאַר הונגער !... איין מאָל איז דאָך עס קיין נייעס ניט, אז אַ חסיד הערט ווייב און קינדער ווי דעם פֿאַראיאָהריגען שניי, והשנית האָט מיין מלמד

בלויז פֿיינד געהאַט זיין רבי׳צען ווי אַ שטיק חזיר און אויך איבער אַ מעשה:

מיין מלמד, פֿערשטעהט איהר, איז אַ צייט מיט יאָהרען, געווען אַ בעהלפֿער־יונג ביי אַ פֿריהערינען מלמד, ביי וועלכען ס׳איז געווען אַ דערוואַקסענע בתולה, זעהר אַ מיאוסע בריאה, נאָר אַ גראָבע, און דער בעהלפֿער האָט אויף איהר איין אויג געוואָרפֿען... אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט זיך מיט איהר איזגיזוכעט, און אין אַ חדשים 5 אַרום איז אויף איהר ענג געוואָרען דאָס לייבטעקענאַשעל... איהר פֿאָטער האָט די גאַנצע שפּיל זעהר גוט בעמערקט נאָך פֿון דער התחלה אָן — און האָט זיך דייקא ניט געמאַכט וויסענדיג... און ערשט ביים 6־טען חודש האָט ער דעם סוד איבערגעגעבען זיינעם אַ ברודער, וואָס איז געווען דעמאָלט סטאַראָסטע אין שטאָדט, און דיביידע האָבען דעם בחור אַריינגענומען אין אַ בעזונדער חדר און האָבען איהם מודיע געווען קורץ און שאַרף, „אַז דו וועסט ניט חתונה האָבען תו״מ אויף מיין ברודערס מיידעל — גיב איך דיר שוין טאַקע אָב פֿאַר אַ סאָלדאַט, און ס׳וועט דיר ניט העלפֿען קיין טאָטער און קיין דאָקטאָר!...” פֿערשטעהט זיך, אַז דער בעהלפֿער איז פּרחה נשמתו געוואָרען, און מ׳האָט באַלד געשטעלט אַ חופּה, און צו זיין טרייף גליק איז דער מלמד דאָס יאָהר געשטאָרבען און דער ברודער, דער סטאַראָסטע, האָט זיך אַ סטאַרע געטוהן, ער זאָל ממלא מקומו זיין דעם ברודער, כדי זיין מיאוסע פּלימעניצע זאָל האָבען אַ שטיקעל ברויט... די שטאָדט האָט זיך אַפילו אַביסעל געקווינקעלט, נאָר מיין בחור האָט זיך מישב געווען און איז געוואָרען אַ הייסער חסיד דעם רבי׳נס — און די זאַך איז שוין געגאַנגען ווי אויף פּוטער... דאָס איז דאָך אין פּוילען די גרעסטע סגולה,

מכפּר צו זיין אויף כל עבירות שבעולם... און אונזער נחמן טראָסק איז למזל געוואָרען דרדקי מלמד — און זיין מלמד׳קע קען ער עד היום ניט אָנקוקען!...

קורץ גערעדט: אויפ׳ן צווייטען זמן האָב איך אָנגעהויבען לערנען טראָפּ, און האָב מן הסתם אַזוי געטראָפען, אַזוי ווי דער צדיק האָט געטראָפען, אַז איך בין אַ מיידעל... הכלל, אַלסדינג אין דער וועלט האָב איך געטראָפען—נאָר שוא פאַר׳ן וואָרט האָב איך באין ענין ואופן ניט געקענט טרעפען!... קוים מיט אַנגסטען, מיט צרות, האָב איך געטראָפען: פּתח קוף—קאַ. ק״אַ קוף—קאַק... און אַזוי האָב איך אָבגעבידעוועט נאָך אַ זמן און האָב שוין יאַקאָש קיין טראָפּ אויך ניט געקענט... און אַזוי האָט מען מיר טאַקע אָבגענומען פון נחמן טראָסק און אָבגעגעבען, אויפ׳ן דריטען זמן, צו אַ חומש־מלמד, און איך האָב אָנגעהויבען חומש צו מזל!...

ה.

## דאָס וועט שוין פערשטעהן פון אייך אַ יעדער, אַז דאָס נייע איז ניט בעסער פונ'ם אַלטען חדר!

וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיינע ליבע יודען, וואָס פאַר צרות איך האָב איבערגעטראָגען נאָך איידער איך האָב גאָר דערלעבט אָנצוקוקען אַ חומש אין די אויגען!? אַ חדש דורכאַנאַנד האָט מען מיך אָבגעמוטשעט אויף עפעס אַ מין דרשה צום חומש, וועלכע איך האָב בעדאַרפט האַלטען ביים טאַטען אין שטוב פאַר אַ גאַנץ קהל מענער און ווייבער. צו דער דרשה האָט זיך געפאָדערט נאָך 2 חדר־יונגלעך, פון וועלכע איינער איז געווען מיינער אַ פרעגער און דער צווייטער — אַ בענטשער; אַלע טאָג האָט מען אין חדר געמאַכט די רעפעטיציע 3 שעה כסדר: דער פרעגער האָט מיר אַלץ געקוועטש ביי דער באָרד און מיר פערריסען די מאָרדע, ביז איך האָב בעקומען עד היום אַ קנאָפ אין גאָרגעל, ווי אַ גענזען איי די גרויס, און דער בענטשער האָט מיר אַלץ נעהאַלטען דעם קאָפ אין דרייען געבויגען. ביז איך בין עד היום געבליבען אַ סטעלעוואַטער... נישט מעהר ס'איז דאָך אַלעס כדאי געווען צוליב אַזעלכע פוינעלדיגע קשיות, ווי דער פרעגער האָט מיר פאָרגעלעגט! למשל: „סטייטש חומש?" — ענטפער איך: 5 — וואָס 5? 5 בייגעל פאַר אַ גראָשען?" — ענטפער איך: ניין! 5 ספרים אין דער תורה — „וואָסער זשע אַ ספר לערנסטו, מיין יונגעלע?" — ויקרא — „סטייטש ויקרא?" — ער האָט גערופען — „ווער האָט גערופען? דער שמש אין שוהל אַריין?" — ניין! גאָט האָט גערופען צו משה'ן — „וואָסער משה? משה דער בלינדער פון אונטער די בערטעם?" — ניין! צו משה רבינו

אויפ׳ן באַרג סיני — „זאָג זשע, מיין יונגעלע, אַ סדרה געהט, צי אַ סדרה פאָהרט? און כדומה אַזעלכע אייזערנע קלאָץ־קשיות... נאָר אַ ניגון איז געווען דערצו, אַז איטליכע פראַזע האָט זיך געצויגען לענגער פון׳ם יודישען גלות און פיסקעס האָבען מיר דערביי געמאַכט פונקט ווי די פעטשערער גבאַי׳טע ביי קנייטלעך לעגען, און ווי דער טיוועריזוער שוחט ביים שטע־לען דעם חלף... קורץ, דער ערוואַרטעטער שבת פון דער דרשה איז געקומען! פרייטאָג האָט מיר די מאַמע אָנגעטוהן אַ יאַרמאָלקע מיט שפּאַניער, איבערגעניית פון אַ טשעפּטשעקיל וועלכעס זי האָט נאָך צוריק. מיט אַ יאָהר 5, אויפ׳ן צדיק׳ס הבטחה, צוגעגרייט פון׳ם מיידעלעס וועגען... און האָט מיר אָוועקגעפיהרט צום רביי׳ן, ער זאָל מיר בענטשען *) מיר האָט זיך גראַדע דעמאָלט צושפּילט דאָס בייכעל, און אַז דער רבי האָט מיך אָנגענומען ביים בעקעל און האָט מיר אַ פרעג גע־טוהן: „וואָס ווילסטו מיין קינד?“ האָב איך איהם פשוט געענט־פערט דעם אמת: איך וויל אַרויס! נו, נו, האָב איך עס געלייזט באַכענציעס פון דער מאַמען, אַז ניט ליב און ניט ניחא איז מיר געווען! און ווען זי דערצעהלט עס חלילה דעם טאַטען — וואָלט מיין לעבען ניט ווערט געווען אַ גראָשען... נו, פרעג איך אייך, רבותים, וואָס האָב איך דאָ אַזעלכעס חוטא בעגל געווען, וואָס מ׳זאָל מיך אַזוי שילטען און שלאָגען, נאָך אין דער יאַרמאָלקע מיט שפּאַניער!?...

שבת נאָכ׳ן טיש זענען זיך צונויפגעקומען אַלע שטאָדט בעלי־בתים, גוטע פריינד, קרובים חוץ חברה פליאַסקעס; דער סירעווקער צדיק איז אויך געווען אויף מיין דרשה, און פאַר

---

*) פונקט אויף דעם שבת איז דער סירעווקער רבי, צו וועלכען דער טאַטע פלעגט פאָהרען, געווען אין וצוני.

דעם כבוד האָט זיך שוין דער טאַטע מוסר־נפש געווען פאַר זיינע מעמדות... דער מלמד מיט די 2 חדר־יונגלעך זענען אויך געקומען, אַלע האָבען זיך אַרומגעזעצט אַרום טיש, די מאַמע מיט איהרע ווייבער אינמיטען שטוב, אויסגעשלייערט אין יאַמ־פערקעס, שטערנטיכלעך און פליערלעך, און איך מיט די 2 יונגלעך האָבען מיר אָנגעהויבען אַרויפקריכען אויפ׳ן טיש, און בין טאַקע אין איין וועגס אַראָבגעפאַלען, אַז איך האָב שיער די ציין געקליבען, אַ גליק וואָס אין שטוב איז געווען אַ בלאָטע איבער׳ן גאַרטעל! דאָך ניט אַזוי האַרט פאַר אַ קלאַפּ... הכלל, מיר זענען שוין אַלע 3 אויפ׳ן טיש, איך שטעה אין דער מיט, ווי חוזק אין גן־עדן, דער פרענער שטעהט מיט זיינע קשיות, דער בענטשער פישטשעט אויף אַ נעליינקעל, דער מלמד אַרבייט אויף אַלע כלים ווי גאָר אַ פערסמ׳טע מויז פאַר דער פגירה, און די מאַמע מיט די ווייבער האָבען זיך צוויאַכ־מערט פאַר פרייד, גלייך איך װאָלט עפּעס גע׳דרשה׳נט אין אַלע שוהלען!... נאָך דער דרשה האָט מען אָנגעשטעלט אַ טיש מיט אַלערליי מעדני־מלכים: געזאָטענעם אַרבעס, קיכעלעך, עפּעל־קוואַס, פּלעצעלעך מיט מאָן און 3 טשאָלענט־קוגלען: אַ לאָקשענער, אַ געקנאָטענער און אַ געבלעטערטער... נאָר לעבען צדיק אויבענאָן איז געשטאַנען אַ היבשע פלאַש ווימאָ־ראָזעק מיט 2 בוטעלקים אַלטער מעד מיט אַ געפּילעכצעל, גאָר גאָט׳ס וואונדער...

אינ׳ם חמוש־חדר איז מיר צוגעקומען שפּאָגעל נייע מעשות מיט ווילדע תנועות און הויות, אַ שטייגער: שילטען זיך אין טאַטענס־טאַטען, אין מאַמענס־מאַמען אַריין, און וואָס מעהר אַ מאָל „טאַטענס" „מאַמענס" הרי זה משובח! — אַן אַלטען בעטלער, צי אַ בעטלערין זאָל מען נאָכוואַרפען שטיי

נער; כאַפּען משה רבינו׳ס פֿערדעלעך; שפּילען אין תּלין־מלך־שלך־גנב; מאַכען פֿון דער צונג אַ פּלוים, פֿון דער ליפּ — אַ וויינשעל, פֿון אַ איבערגעקעהרטער ברעם — אַ מת און פֿון די פֿינגער אַ געפֿלאָכטענעם קוילעטש... היינט בין איך געוואָר געוואָרען פֿון כשוף מאַכערס, פֿון לצים, שדים און מזיקים; פֿון דעם מלאך־המות אויגען מיט׳ן פֿלעשעל סם, פֿון דער פּאַפּירענער בריק, וכדומה... דערצו האָב איך זיך אויסגעלערנט זעהר טייערע סגולות און שפּרוכען צו די ניט־גוטע... איינע פֿון זיי געדענק איך נאָך עד היום, היינו: אַז מ׳דערזעהט אַ ניט־גוטען, זאָל מען באַלד צולעגען דעם גוי (דעם גראָבען פֿינגער) צום יודען (צום מינדעסטען פֿינגער) און מ׳זאָל זאָגען „אָרינע באָרינע, דעמבענע קאָרענע, וויצענע קלייען, גלייך אויפֿ׳ן בית החיים” און באַלד אַ געשריי טוהן „שמע ישראל” און דריי מאָל אויסווישען דאָס רעכטע אויג מיט דער לינקער פּאה, און ביי איטליכען וויש זאָל מען אויסשפּייען, מיט די ווערטער: „געה אין דיין רוח אַריין, טפֿו! פּריטש מיר!” און אַנטלויפֿען אויף אַלע פֿיער... איין מאָל, געדענק איך האָט דער בעהלפֿער אונז געזאָגט, אַז מיר וועלען איהם אַוועקגעבען די קנעפּלעך פֿון די פּלודערן—וועט ער אונז ווייזען אַ שרעטעלע. מיר האָבען באַלד מיט די ציין אָבגעריסען אַלע קנעפּלעך, און איהם אַוועקגעגעבען, און פּלוצים דערזעהן מיר ווי עפּעס אַ מין חיה׳לע דורכלויפֿען אין אַ יאַרמאָלקע מיט אַ לייבסערדעק אָהן ציצית, און דער בעהלפֿער האָט אַ געשריי געטוהן „שרעטעלע! — שרעטעלע!” און אַ פּאַטש מיט די הענד — איז דאָס פֿערשוואונדען געוואָרען... איך זאָג אייך, מיר האָבען זיך ממש מחיה געווען, פּשוט אַ שטיק געזונד איז אונז צוגעקומען!... נאָר שפּעטער, אַז איך בין געוואָר געוואָרען, אַז דאָס האָט ער

אונז נאָר אָבגענאַרט מיט אַ פּשוטער קאַץ — האָב איך מיך אַ צייט געשעמט פֿאַר זיך אַליין און ס׳האָט מיר פֿערדראָסען אויף סכנות נפשות! — נישט מעהר, וואָס האָט מיר דאָ צו פֿערדריסען? אַ קונץ אַ קליין יונגעל אָבצונאַרען? מ׳נאַרט אָב יודען מיט גראָע בערד און, ניט נאָר עס פֿערדריסט זיי ניט, ניט נאָר זיי שעמען זיך ניט—אדרבא! זיי קוועלען נאָך גאָר משוגה אָן דערפֿון און האַלטען זיך עס נאָך פֿאַר׳ן גרעסטען כבוד!... און צאָהלען נאָך דערפֿאַר אין טאָג אַריין!... פֿאַר אַ קערבעל רעדט מען זיי איין, אַז דער רבי כאַפּט מלאכים; טרייבט אַרויס דבוקים, איז מתקן נשמות, גיט שנייו און רעגען, טאַנצט מיט די אבות צו דער מלוה־מלכה, האָט קפיצת־הדרך, קוקט מסוף עולם ועד סופו, ראַנגעלט זיך מיט׳ן רעכטען בחור אַליין... און נאָר ביי איהם איז דער שליסעל צו אַלע עקרות... כאָטשע קיינער הערט ניט און זעהט ניט אפילו אַ רמז דרמיזא פֿון די אַלע מינים טאַשען־שפּילען — נאָר וואָס העלפֿט עס אָבער, אַז דער רבי פֿערגלאָנצט פֿאָרט מיט די אויגען און שרייט אויס: „ברוך הבא, אברהם אבינו! ס׳קאָצעל קומט, שרה רבקה רחל לאה! אַוועק, שטן, מלאך המות, סמאל, פֿון מיין שטוב! אַרויס, לילית פֿון דער אשה!...“ נו, מוז דאָך דער חסיד שוין נאָכשטופּען די קאַרעטע... מילא מיר, יונגעלעך, האָבען כאָטש געזעהן אַ קאַץ אין אַ יאַרמאָלקע — און זיי, אַלטע תרח׳ס, זעהן דאָך בסך־הכל אַ פֿייג! נישט מעהר, וואָס זאָל איך רעדען, אַז איך וויים, עס וועט פונקט אַזוי העלפֿען ווי אַנ׳אַרבעס אין דער וואַנד אַריין! נעה טענה זיך אויס מיט תרפ״ט אלפים צבועק׳עס און מיט 18 שאָק פּוילישע דריפּקעס, וועלכע טוהען אַליין אַלדעס בייז און זענען וואָס אין דער קאָרט... און אַז ס׳קומט צו עפּעס אַן ענין, אַ אינטערעס, וואָס בערירט זיי

אין קנעפּעל אַריין — לויפֿען זיי: סטרים־האָלעוואָי, צו די גוטע יודען און רייסען קברים אויף זייער בייז וואונדער!...

איך מיין, אַז ס'איז די גוטע יודען אַליין אויך נמאס ומאוס אַזאַ לעבען צו פֿיהרען; כ'לעבען, וועלכער איידעלער מענש קען דאָס פֿערדייען, צו פֿערברענגען אַ וועלט מיט טויזענדער שלעפּציעס און טאָרבעטראָסניקעס, מיט אלפי אלפים צבוע'קעס, דריפּקעס, קורעלאַפּניצעס, סיפּאַקעס און פֿערד־גנבים? נו, אַז ס'קומט שוין צו איהם אפילו דער אַרענדאַר, דער פּאָטשטער, דער בעל־טאַקסא, דער סוחר און שוין דער שטאָדט גביר אַליין — איז דאָס איהם דען ניט על אפו ועל חמתו, אַז ער זאָל מוזען האַלטען אין איין שטיק מרמה זיין מיט פֿאַלשע הבטחות, יע־דען נאָך זיין נאַרישען, צי נאָך זיין טרפה'נעם, הולטייסקען וואונש נאָך: דעם צוגעבען אַ בן זכר אויף דער עלטער און דעם — אַ פּריץ, וואָס זאָל קיין ראַטע ניט מאָהנען... דעם לוי־טער כשי'רע אָקסען אהן סרכות און דעם אַ מופת, זיינע בלינ־דע קליאַטשעס זאָלען טראָגען די פּאַסאַזשירען ווי די אָדלערס. נאָר אָהן היי און האָבער... דעם שליטענמאַכער שניי און דעם פּאָסעסאָר — רעגען — ביידע אין איין טאָג... וכדומה מופתים, וואָס זענען חוץ מדרך הטבע, און ער ווייסט און פֿיהלט דאָך ביי זיך אין האַרצען, אַז ער קען אפילו קיין האַנד ניט אַריינ־שטעקען אין צו־קאַלטע וואַסער און קיין פֿוס — אין צו־אַ הייס ביטעל און די נאָז ניט ווייזען פֿאַר'ן ספּראַווניק... און לכן מוז ער נאָר שטענדיג האַלטען אין איין גלאָנצען און קנייטשען און זיפֿצען און קרעכצען, מיט נאָך הונדערטער תנועות און העויות, וואָס שלאָגען איהם נעבעך אודאי אַליין גוט צום האַר־צען נו? געשיקט זיך עס צו דענקען, אַז ער איז צופֿרידען מיט אַזאַ לעבען!?... נאָר וואָס דען? יעדער גוטער יוד איז

שוין נעביך אויף דער אַרענדע ביי זיין גבאי... און אַן עבד־
בנעני ביי זיין רבי׳צען... דו, [מאַן, גאַר די וועלט, שאַכער
מיט׳ן סאָוועסט, האַנדעל מיט שלעפּצים, דראָבעס, פּליאַסקע־
דריגעס, מוסרים, ממזרים און גנבים — אַבי איך זאָל טראָגען
אַ סך ציהרונג, קליידער, גאָלדנעשטיקטע טופלילעך, ברילאַנטע־
נע זאָקען־בענדלעך, אַ מאַנטעל אויף קאַטשקענע קעפּלעך,
וכדומה—און דערווייל ברענגט מען נעבעך אַזוי אויס די וועלט;
יונגע לייטלעך מאַכען אַ תל פון זייערע ביסלעך נדן; בעל־
מלאכות גיבען אָב זייער גאַנץ דאָברע־מזל, בטוחים נעהמען ביי
אלמנות יתומים און סטראַצען אויף פדיונות מיט מתנות, כדי
זייער קרעדיט אַליין מעהר הייבען, ביז זיי זעצען גאָר אָן... אָרימע
לייט פערזעצען און פערקויפען זייערע לעצטע בעביכעס, און
וואַליי צום רבי׳ן; דאָס לעצט קערבעל דעם חולה אויף אַ רע־
צעפּט, אויף אַביסעל יוך, טראָגט מען אַוועק אַ פדיון — דער
רבי גלאָנצט און קנייטשט און זיפּצט אַזוי לאַנג — ביז דאָ
נעהט דעם חולה די כשר׳ע נשמה אויס... אַ כלל, מ׳טוהט כל
הפסלנות—אַבי דעם רבי׳ן געלד, און ווייטער געלד! און נאָט
דער האַר ווייסט, וואוהין דאָס גאַנצע יודישע בלוט געהט
אַוועק ?... און וועמען קומט אַרויס דערפון...?

ו.

## יודישע קינדער אין פּוילען, שטודירען אוים אָהן טר״וד הלכות דרך־ארץ אין חדר און פּאָליטיק אין באָד!

טפו! געפעלט אייך אַביסעל וואוהין איך בין פערקראָכען!? נאַט אייך נאָר פון שרעטעלעך אויף גוטע יודען!... איך האָב, דאַכט זיך, גאָר דאָס ניט געמיינט! איך מיין דאָך גאָר מיין חומש לערנען — נו יאָ נו; הערט זשע אוים דעם עיקר: חומש האָט מיין מלמד מיט מיר געלערנט נאָר אן אַנטיק אין דער וועלט! עפּעס אַזוי גרינג, אַזוי קורץ און אַזוי שאַרף — ממש אַ פּקוח נפש! אַ שטיינער ווי ער האָט מיר געטייטשט: „אשה" אַן אשה, „כי תטמא" אז זי וועט טמא ווערען „ותקריב" און זי וועט מקריב זיין, „קרבן" אַ קרבן, „והקריב" זאָל מקריב זיין, „הכהן" דער כהן, „אל המזבח" צום מזבח, „באהל מועד" אינ'ם אהל מועד... און אַזוי כמעט כסדר... שווערליך אַביסעל איז מיר נאָר אָנגעקומען די טייטש פון „לא ישוב עליה שמן" ער זאָל מיר ניט טיהן טוהן טיהען אַריינטיהן קיין בוימעל... — אַזוי איז געוועזן דער חומש, אויך ניט ערגער דער חבור, און די צייט, דערווייל, שטעהט ניט. איך בין שוין געוואָרען 5 יאָהר, דאָס זעקסטע; איך האָב מיר שוין געפונען המצאות, ווי אַזוי צו אַנטלויפען פונ'ם חדר און וואו זיך אויסצובעהאַלטען... דאָס בעסטע ארט איז פאַר מיר געוועזן אין באָד, און כפי די חסיד'אַרני ראָלעט ביז 12 אַ זייגער אין באָד און דער מלמד אויך מיט זיי, האָב איך זיך דאָך ביז 12 ממילא פערשפּאָרט בעהאַלטען און קוים נאָך 12 איז שוין דאָרט געוועזן פאַר מיר אַ וועלט... איין מאָל, געדענק איך, האָב איך, שוין נאָך 12 אויך געטראָפען נאָך אַ פּאָר אויסגעווייקטע חניאָקעלעך, זיצענ־

דיג אויף דער אייבערשטער באַנק; איינער האָט געזוכט אין טלית־קטן די דריטע מכה, און וועלכער ער איז אַ פּגים, נאָר ניט זשעדנע געווען... און דער צווייטער האָט געבראַכט אַ פּאַ־פּישעל מאַרכאָטקע אויף פּעדרייכענען צו די נקיות... איך האָב זיך באַלד אַרונטערגעכאַפּט אונטערן קעסעל און האָב זיך פער־טייעט גאָר ווי אַ גע'פגר'טער, ווי איך הער, פּיהרען זיי צווישען זיך אַזאַ מין שמועס.

— הערסטו, חיים חייקעל, וואָס איך וועל דיר זאָגען? ווערלינג איך זעה אַרויס איז מחויב אין גיכען נצמח ווערען אַ ווילדע מלחמה!"

— פון וואַנעט נעמסטו עס ברוך תנחום?

— דער תוגר, פערשטעהסטו מיך, האָט געוואָרפען איין אויג אויף דער פראַנצויזישער בת־מלכה..."

— נו? און דער פראַנצויז וויל זי איהם ניט נתנ'ען?

— „גענוג שוין דו שטיק איינער! דער תוגר איז דאָך אַ מלך בכפה, טראָגט דיר, חיים חייקעל, דיין נאַרישער שכל, אז דאָס פראַנצויזעל וועט נאָך פערעבענדיווען מיט איהם...? האַ? שטעהט איהם אודאי זיין טאַטען קיין כבוד ניט אָן, האַ?..."

— נישט מעהר וואָס? — פרעגט חיים חייקעל.

— „נישט מעהר דאָס!" ענטפערט ברוך תנחום. דער קיר"ה איז פערשטעהסטו מיר, געוואָרען דערפון, און אַרבייט גאָר מעשים דערפאַר!"

— מן־הסתם קער ער מחילה אַליין חשק האָבען צו איהר!

— „הערסטו! ווער פרעגט דיך? וואָס דען? אַ נאַר איז ער, דער קיר"ה? מן הסתם, אַז דער תוגר איז אַ בעלן אויף

איהר — איז דאָס שוין מן הסתם אַ גוט שטיק יפהפיה...!"

— נו, וואָזשע איז געוואָרען דערפון?

— „וואָס פרעגסטו? ס'איז שוין ניט געוואָרען! — דער קיר'ה האָט געשטעלט אויף דער גרענעץ 2 אומגעלומפערטע זשאַנדאַרען מיט רויטע, גראָבע וואָנצעס, אַז ווען די בת מלכה וועט דורכפאָרען, זאָלען זיי זי, גאָר אָהן טענות ומענות, אַפּ־כאַפּען און אַנטלויפען."

— נו? האָבען זיי, מן הסתם, פערשלאָפען צום רעכטען האַק! האַ?

— „אַ חכם, קיין עין הרע! זשאַנדאַרען שלאָפען דען גאָר?... ס'איז דאָך רוחות — ניט קיין מענשען! אודאי האָבען זיי זי גע'הרג'עט, געשלאָגען, אַז זי איז קוים אַ לעבעדיגע אַנ־טלאָפען פון זייערע הענד!"

— אוי וועה איז מיר! ברוך תנחם, ס'איז דאָך עפּעס גאָר מסוכן נפש!

— „פערשטעהסטו שוין, טפּוש, וואָס דערפון קען נצמח ווערען!?..."

— וואָזשע, וואָס? זאָג שוין ברוך תנחם, דאָס איבעריגע און הער מיר אויף ציהען אויף דערינען!

— „וואָס זאָל זיין שטיא איינער? אודאי האָבען אַלע מלכותים צושיקט שטאַפּעטען אויף פייערדיגע פערד, מ'זאָל כאַפּען די 2 זשאַנדאַרען, לעבעדיג, אָדער טויט!"

— נו...? האָט מען זיי פּאָציאַפּעט?

— „באַ באַ!... נאָר ניט אַזוי ניך דערטאַפּט מען זשאַנ־דאַרען אין די לאַפּקעס אַריין! זיי האָבען זיך נאָר פערשטעלט פאַר גרים און בעהאַלטען זיך אויס, אַ סברה, ביים זלאָטשעווער

מלמד אין קעלער, נאָר דערווייל טוהט זיך חושך צווישען אַלע מלכותים, און די וועלט גערט האַדאָראָם!..."

מיר האָט די מעשה זעהר געטויגט: כ׳לעבען, צו וואָס דאַרף איך די באָד, וואו הונדערטער אויגען קענען מיר זעהן, אַ מעהר איז דאָך ביי אונז אין דער היים אויך דאָ אַ קעלער! — ניט לאַנג געטראַכט און אַריין אין קעלער אַריין! דאָרט בין איך מיר געלעגען רוהיג, ווי ביים טאַטען אין ווייגהויז, פון קיינעם קיין שאָרך ניט געהערט, נאָר אויפ׳ן דריטען טאָג האָב איך דערהערט ווי עמיצער געהט — דאָס איז די מאַמע, אַ פּנים׳ נעגאַנגען נאָך דער קאַלטער פּעציאַ אויף שבת — און האָב כמעט ווי אומגערן אַוואָרפגעטוהן אַ רודקעלע ערד; נו, נו׳ זאָלט איהר געוועזן זעהן, וואָס פאַר אַ קאָלעבליק איך האָב עס אנגעמאַכט דערמיט! מיין כונה איז נעבעך גאָר ניט נע־ ווען אזוי ווייט — און אין שטאָדט איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז ביים טאַטען אין קעלער האָט זיך געיאָוועט אַ ליץ, וואָס וואַרפט מיט שטיינער אויף סכנות נפשות... די מאַמע האָט שוין גערופען באַבקעס מיט שפּרעכערקעס און דער טאַטע האָט געבראַכט פוּנ׳ם רבי׳ן שמירות מיט קמעות און דאָ איז שוין בלויז געוואָרען סוף זמן, וועלכעס איך האָב געוואוסט, אַז סיי ווי סיי, וועל איך שוין ביי דעם מלמד ניט לערנען — האָב איך זיך אויפגעהערט בעהאַלטען אין קעלער — און דער סירקעווער צדיק איז, אומזיסט און אום־נישט, נתגדל געוואָרען פאַר זיין נייעם מופת, וואָס ער האָט אַרויסגעטריבען דעם ליץ פוּנ׳ם קעלער...

קורץ גערעדט, מ׳האָט מיך פון דעם מלמד אָבגענומען, און מ׳האָט שוין אָנגעהויבען שמועסען מכח אַ גמרא־מלמד פאַר מיר. מיר האָט עס אפילו נישט געשמעקט, נאָר כפי עס

זענען דאָך בלויז געגאַנגען די ימים טובים. וועל איך דאָך שוין ממילא פּטור זיין פון חדר — טאָ וואָזשע זאָל איך טאַקע אָנהויבן זאָרגן פאַר פריה? דיה לצרה בשעתה! דערווייל איז גוט אַ חיי שעה!...

מאָלט אייך איך זאָל דעמאָלט געווען שכל האָבן כאָטשע אויף איין מינוט זיך גוט אומקוקן אויף מיין לאַגע אַרום און אַרום — וואָלט איך ניט געווען אַזוי אָנגעקוואָלען פון מיינע ח י י־ש ע ה׳ ן! אַ שיינע חיי שעה האָב איך גע־האַט!... מ׳קען אַנדערש ניט רעדן... הפקר ווי אַ יאַטקע־הונד. ווער אין גאָט האָט גלויבט, דער האָט מיך גע׳הרג׳עט גע־שלאָגן; קיין מאָל זיך ניט אָנגעגעסן צו זאַט. וואָרעם דער טאַטע האָט דאָך געקוקט אויף מיר מיט 18 אויגן, איך זאָל ברעכן תאוות... און פאַר נאָך אַ ביסען איז [נעפלויגען פעטש מיט קולאַקעס... געשלאָפן בין איך אויף דער הוילער ערד, מיט אַ שמאַטע אונטערגעבעט און מיט אַ שמאַטע צוגע־דעקט; געגאַנגען בין איך קרועה ובלויה, די פאַר־צוויי־יעהריגע פאַר שיכלעך, וואָס מ׳האָט מיר אָבגעקויפט פון ר׳ שמואל־סירקעס יונגעל, האָבן זיך שוין איבערגעקעהרט מיט די פריש־וועס אַראָב און די פאָדעשוועס אַרויף, אַזוי אַז די פינגער פון די פיס זענען שוין פאָכאָזשע געווען אויף לעדערנע קנעפלעך, און די פיאַטעס—אויף קאָפּיטען... א יאָ, אַ שענע חיי־שעה!... נישט מעהר אַ יונגעל בלייבט אַ יונגעל, און דעם וואָרעם אין כריין חלומ׳ט זיך ניט קיין זיסערס דערפון... די מאַמע האָט פּראַוודע אַ זאָג געטוהן דעם טאַטען: „שוין אפשר צייט, יאָסי, מ׳זאָל איהם קויפען אַ פּאָר שיכלעך? ווי מיינסטו?" — „וואַרט נאָך צו אַ ביסעל — האָט ער געענטפערט — אויף סוכות, אם ירצה השם, וועל איך אַריינרוקן דעם קישקעוויצער אַרענדאַר

מיינע צוויי לעכערדיגע אתרוגים פֿאַר 30 רובעל אַסיגנאַציע — אַזוי ווי ער צאָהלט מיר תמיד — דעמאָלט וועט שוין זיין אַ סוויט יאַק באַנקי...״ די מאַמע האָט זיך אפילו ווי אָנגעהויבען פֿערהיקען מכח דער שאלה: סטייטש די אתרוגים זענען דאָך ניט ראוי לברכה...? נאָר דער טאַטע האָט עס נאָך פֿריער פֿערכאַפּט מיט איין אויסרעד: „און אַ מצוה אויף דעם עם הארץ דאורייתא! לאָז ער ניט לאָזען דעם זיסען איידעם זיינעם פֿאָהרען צום זאָדקעוויצער רבי׳ן!...״ פֿון דעם שמועס קען שוין אַ יעדער פֿערשטעהן, אַז שיכלעך יאַק שיכלעך — נאָר צוויי לעכערדיגע אתרוגים פֿאַר דרייסיג רובעל סוג, וועט שוין דער קישקעוויצער אַרענדאַר געווים האָבען! — זעהט איהר, דאָס האָט דער טאַטע יאָ אַ זאָג געטוהן צו לעצט: „אַז ער וועט זיין אַן ערליך קינד און וועט זיך, היינטיגען ראש־השנה, גוט אויסוויינען ביים דאַווענען, קען אפשר זיין, איך זאָל איהם נאָך בין כסא לעשור קויפֿען אַ פּאָר שיכלעך.״ — מיר זענען די ווערטער אַריין אין קאָפּ אריין און איך האָב מיך מישב געוועזן: וואָס וועל איך דאָ אָנווערען? לאָם איך מיך פּריווען! דאַכט זיך ניט פֿון די גרויסע מלאכות וויינען... און מיט דער דאָזיגער שוואכער האָפֿנונג האָב איך יאַקאָש דערלעבט דעם ראש־השנה, אין וועלכען מיר איז געוואָרען 6 יאָהר אויף מיין לעבען.

ז

## פֿון וויינען צו וויינען איז דאָ אונטערשידען;
## אמת׳ע טרעהרען איז נאָר ביי פּוילישע יודען!

ס׳איז שוין ראש השנה, און איך בין שוין מיט׳ן טאַטען אין קלויז און פּרוב מיך וויינען, נאָר ווי איך זעה איז די זאַך ניט אַזוי גרינג, ווי איך האָב געמיינט! איך קרים פּיסקעס, איך קוועטש די אויגען, איך פֿערקוק מיך אין איין זאַך אַריין עטליכע מינוט — עס געהט ניט! און באמת, וואָס זאָל איך וויינען? אויף מעכצי דעם רבי׳נס גבאי, וואָס איז איהם ניט אָבגעראָטען די מעשה אין קיך צו זכור־ברית...? צי אויף דעם קישקעוויצער אַרענדאַר, וואָס ער וועט נעבעך בעצאָהלען 30 רובעל סוג פֿאַר צוויי לעבעדיגע אתרוגים...? וואָס דען די תפלות אליין האָבען מיך וועניג וואָס געריהרט צום וויינען: ראשית האָב איך זיי כמעט ניט אָנגעהויבען צו פֿערשטעהן, והשנית איז מיר גאָר מיין מוח ניט געווען דערביי, וואָרעם איך זאָל געווען כאָטש עפּעס שכל האָבען, זיך צו בערעכענען אויף דער וויסטער לאַגע פֿונ׳ם כלל יודען, צי וועגען די הטאים פֿונ׳ם גאַנצען יאָהר — וואָלט איך זיך שוין אומשטאַנד געווען צו בערעכענען מיין לאַגע אודאי... און אויף אַזאַ אופן וואָלט איך דאָך ממילא פֿערגאָסען טרעהרען, נאָר אָהן ראש־השנה און אָהן אַ סידור׳ל פֿאַר זיך... איך האָב דאָך אָבער דעם שכל ניט געהאַט, און אַ פּאָר שיכלעך ווילט זיך פֿאָרט — היינט אויף וואָס זאָל איך וויינען? — איך האָב אַ קוק געטוהן, אַז באַלד קאָנטשעט מען די שמונה עשרה, און איך בין גאַנ׳ץ וויים, ווייט פֿון טרעהרען, האָב איך מיך מישב געווען: אַ נו, לאָם איך זיך געהן אונטערהערען צו די יודען, וואָס וויינען זיי

— טאָמער וועל איך מיך אפשר אויך אויסלערנען וויינען ?...
אומר ועושה און איך בין שוין טאַקע לעבען רב׳ס שטענדער
— צו מיין גליק, אַז די יודען וויינען און דאַווענען, זאָגען זיי
אויף פּראָסט יודיש אַ סך ווערטער, וואָס שטעהן נאָר ניט אין
סדור: — ווי איך הער — וויינט אַזוי דער רב מיט הייסע טרע־
רען: „ובכן, רבונו של עולם! דו ווייסט דאָך יא, אַז פּיני, דער
שוחט איז אַ קל שבקלים! קוילען מיט אַ חלף פּגום מאַכט
ביי איהם אויך ניט אויס... נאָר ווייל איך האָב נעבען אַ פלאַ־
טשיגען קאָפּ, און בין ניט אַזא בקי אין די ארבעה שלחן־
ערוך׳ם, און ער איז דאָך אַ חריף, אַ צנא מלא ספרא — דע־
ריבער קומט מיר ער זאָל מיר רודף׳ן און מביש זיין ביי יע־
דער שאלה, ביי יעדען דין־תורה! ? ... שיק זשע אויף איהם
אָן, גאָטעניו, המנ׳ס מפלה צום נייעם יאָהר, ער זאָל שוין
אפילו פּערגעסען ווי ער הייסט... און לאָזען טאַקע אין מיר
מקוים ווערען די ווערטער „וחסידים ברנה יגילו — ועולתה תקפּ׳ץ
פּיה״... ווי איך האָב דאָס דערהערט, איז מיר באַלד איינגעפּאַ־
לען, אַ נו, לאָם איך זשע הערען, וואָס וויינט דער שוחט...?
איך קום צו צו זיין שטענדער, הער איך, ווי ער וויינט: „ובכן,
רבונו של עולם! דיר איז דאָך יאָ גלוי וידוע, אַז דער רב איז
אַן עם הארץ דאוריתא, און חוץ חסידות ווייסט ער ניט אַ
פּשוט׳ן דין אין שלחן ערוך, נאָר מיט תקיפות פּונ׳ם רבי׳ן איז
ער שוין 30 יאָהר רב, און איז נאָר מאכיל טרפות און מרבה
ממזרים בישראל מיט זיינע גיטין וקדושין... פאַר וואָס זשע
קומט איהם נאָך אַ חלק פון מיינע שכירות? ווייז זשע אַרויס,
גאָטעניו, דעם כבוד התורה, און לאָז גאַנץ קהל זיך צעבונטע־
ווען און איהם מעביר זיין פון רבנות, כדי ס׳זאָל מקוים ווערען
די ווערטער „ויעשו כולם אגודה אחת לעשות רצונך בלבב שלם״

ניט ווייט פֿונ׳ם שוחט איז געשטאַנען דער קליינשטעדטעלדינער גביר, אַ חזיר, אָ דאָ בין איך אַ בעלן געווען צו הערען, וואָס בעט ער, און וויינט? — איך געה צו, הער איך: „ובכן, רבונו של עולם! דו ווייסט, ווי געטריי איך היט דיר אָב דיין קאַסע, אַז אלע יאָהר זאָל צוקומען ניט אָבגעהן... צום סוף שיקסטו אויף מיר אָן אלע מאָל די שיבעניקעס, די גבאים, זיי זאָלען ביי מיר צאַפּען ח״י און ווידער ח״י פֿונ׳ם רבי׳נס וועגען, און איך זאָל ניט טאָרען מאַכען אַ קרומע מינע דערביי — אלא ניט, בין איך דאָך ניט זיכער מיט מיין גאַנץ פֿערמעגען... און לא די איך אַליין מוז איהם געבען — האָסטו מיך נאָך גע־שטראָפֿט אויף דער עלטער מיט אַזאַ פּליכט, אַ זוהן, וואָס איז פֿערברענט אינ׳ם רבי׳ן מיט די חסידים ממש אויף מסירת נפֿש, און וואָלט אַ בעלן געווען איבערצוטאַסקען צום רבי׳ן מיין גאַנץ ביסעל האָב, איך זאָל נאָך דאַרפֿען חלילה אין די הייזער אַרומגעהן!... דערלייכט זשע איהם, גאָטעניו, זיין נאַרי־שען מוח, ער זאָל אַוועקוואַרפֿען אָ די עבודה־זרה, און עס זאָל מקוים ווערען „כי תעביר ממשלת זדון מן הארץ!...״
אודאי בין איך אַ בעלן גלייך פֿונ׳ם גביר צו זיין זוהן! ווי איך הער בעט ער און וויינט אַזוי געשמאַק: „ובכן, רבונו של עולם! דער טאַטע מיינער, דער קמצנ׳יוק, איז דאָך שוין כמעט אָן עובר־בטל — און ליגט נאָך אַלץ אויף דער טאָרבע געלד ווי, להבדיל, אַ הונד אויף דער נבלה! און וואָס איך נעם פֿונ׳ם רבי׳נס וועגען, מאריך ימים ושנים זאָל ער זיין, קומט עס מיר אָן מיט ווערים פֿון דעם אַלטען עכברוש; העלף זשע מיר, גאָטעניו, עס זאָל איהם כאָטש די ראיה אָבנעמען, איך זאָל כאָטשע אויף חנוכה אי״ה קענען מאַכען דעם רבי׳ן אַ מתנה, אַ הייס־געגילט זילבערן לעמפּעל מיט אַ מנורה און 2

כּרובים, כּאַטשע אויף איין אַרשין די הויך, און לאָז מקוים ווערן: „ובכן צדיקים יראו וישמחו"... פון דעם חסידישען בן יחיד בין איך צוגעגאַנגען צום סטאַראַסטעס שטענדער, הער איך ווי ער וויינט אַזוי ערענסט: „ובכן רבונו של עולם! וואו זענען דיינע נסים ונפלאות, וואָס אונזערע אבות האָבען אונז דער־צעהלט פון דיר? פאַר וואָס מיין זיידע, מיין טאַטע האָבען אַלע יאָהר אַ נאַבאָר — און איך, נאָר איין מאָל אין דריי יאָהר...? זיי האָבען דאָך געפיהרט 10 רעקרוטען אויף איין קייט — און איך גיב אַ קייט אויף יעדען רעקרוט בעזונ־דער... זיי האָבען אָבגעגעבען די שענסטע בעל־בית'שע קינדער אין שטאָדט — און איך לעג מיך אין דער לענג און אין דער ברייט, איך לאָז נאָר אָבגעבען פּאָימעניקעס; מעג זיין מיט אַ פּראַשפּאָרט, מעג זיין מיט אַ זקן פון אַריבער חמשים... אפילו, אַ רב פון אַ קליין שטעדטעל... אפילו אַ מאַן פון ווייב און קינדער; אפילו אַ בן יחיד ביי אַן אַלטער בלינדער אָרימער מאַמע... איז מיר אַלץ איינס! איך צרייס דעם פּראשפּאָרט און שטעל מיר דערמיט איין דאָס לעבען; איך פליק איהם אויס די גרויע האָר פונ'ם קאָפּ... הכלל איך טוה כל הפסלנות שבעולם און גיב זיי אָב פאַר סאָלדאַטען — אַבי מיין קהל צו פערהיטען... צום סוף האָט מיין זיידע, עליו השלום, געלאָזט נאָך זיך אַ ראַד געמויערטע קלייטען, און מיין טאַטע, זכרונ לברכה, אַ מויער אין 3 גאָרען אויף אַ גאַנצען קוואַרטעל..

און איך האָב מיך, קוים מיט צרות, צוגעשלאָגען צו אַ פּריצ'יש הייפּעל אויפ'ן פּאַראַדנע פּלאַץ, צו אַ פערדע־שער מיהל, אַ דוואָראַנסקי ביידעל, אַ 5 הילצערנע קלייטלעך אומשטיינס געזאָגט, און נאָך עפּעס, וויים איך דאָרט, אַ יאַטקע מיט אַ 2—3 שענקען — און אַ מעשה מיט אַן עק!... אמת,

פּראַוודע חתונה געמאַכט מיינע 3 מיידעלעך, זאָלען לעבען — אָבער וואָסערע איידעמלעך האָב איך גענומען!? צאַצקעס, תכשיטים׳לעך, אַז דו, גאָטעניו, אַליין מעגסט מיר מקנא זיין אויף זיי... העלף זשע מיר גאָטעניו, און שיק אריין דעם מיניסטער אין קאָפּ אַריין, ער זאָל גוזר זיין — פּראָ מיר — כאָטש 2 נאַבאָרען אין יאָהר! פון די היינטיגע יונגע אפּיקורסים׳לעך, די בערלינער, וועט אַפּילו סטייען אויף 3 נאַבאָרען אין יאָהר... לאָזען זיי, אָ די פּורקי־עול־מלכות־שמים, אָ די הפקר־יונגען מורא בעקומען פאַר גאָט און פאַר לייט, און עס זאָל מקוים ווערען אין זיי „ובכן תן פּחדך על כל מעשיך"!... אַוועקנעהענדיג פון׳ם סטאַראָסטע, האָב איך מיך אָנגעשלאָגען עפּיס אין אַ גאַנץ גרויסען שטענדער, איך קוק מיר צו: דאָס איז דער גבאי פון דער חברה־קדישא. „אָ!" טראַכט איך, לאָמיך אומישנע הערען, וואָס וויינט ער? — איך הער מיך צו, וויינט ער אַזוי גאַנץ שטיל, קוים וואָס מ׳הערט: „ובכן רבונו של עולם! נעכטען האָב איך אומישנע איבערגערעכנט דעם פּנקס פון די מתים אין יענעם יאָהר — זענען בסך הכל געווען 52 שטיק — אַ חוץ נפל׳עך און מפּיל׳עך— דאָס הייסט קוים קוים אַ מת אויף אַ וואָך! אי דאָס איז אונטער זיי געווען בלויז קבצנים... נו, פרעג איך דיר, רבש״ע, קען איך זשע דען לעבען דערפון כאָטשע ווי לייט לעבען?... מילא, די קשיא, איך זאָל דיך בעטען אויף אַ סך מתים — איז עפּעס ווי געגען דיין ווילען... בעט איך דיך, גאָטעניו, בעשער מיר אויפ׳ן נייעם יאָהר אַ 5—6, אַזוי... פעטע, געפּאשעטע מתים׳לעך... דו ווייסט דאָך גאָטעניו, וואָס איך מיין... און דערנאָך וועל איך דיר ווייטער בעטען, דו זאָלסט מיר נאָר געבען די געלערנטע מיט די געבולעבעטע אין די הענד אַריין,

וועל איך שוין וויסען, ווי מיט זיי זיך אָבצורעכענען... אָט ליגט, אַ שטיינער, דער יאָקטער געלעגט שוין 3 חדשים, ווי אַ גולם, מוטשעט זיך און. מוטשעט מיך, דער רוח ווייסט פֿון וועסט וועגען?... אַ מעהר מאַך איהם שוין אָב די שפּיל, און זיי איהם משלח אַ הין, אין די וואַרעם בעדער... צום גיהנום־שמש אויף אַ קור; אי ער וועט גענעזען ווערען... און איך וועל דערווייל אָבלעקען אַ פּעט ביינדעל... און לאָז שוין גיכער מקוים ווערען די ווערטער: „וכל הרשעה כלה כעשן תכלה"... איך בין נאָך ביי עטליכע שטענדערס אויסגעווען, און כמעט אַליין אַזעלכע טרעהרען, וועלכע האָבען מיך בערירט צום לאַכען מיט פּיאַווקעס... אָבער כלל ניט צו וויינען!... און ווי איך האָב מיך שוין געוואָלט אומקעהרען צו מיין שטאָדט — דערזעה איך, סאַמע ביי דער טיהר, שטעהט אַ יוד מיט אַ אָבגעגאָלטען האַלבען קאָפּ, אין אַ גרויער סוויטע מיט אַ לאַטע אויף די פּלייצעס, און לעבען איהם אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס... אָ דאָ בין איך זיך אַ בעלן געווען אָבצושטעלען, און הערען, וואס קען ער וויינען?

— ווי איך הער, בעט ער אַזוי און וויינט מיט בלוטיגע טרעהרען: „ובכן רבונו של עולם! דו ווייסט דאָך דעם אמת, אַז מיר איז אפילו אויף דער מחשבה [ניט געקומען נאָכצומאַכען אַ פֿאַלשען קוויט אויפ'ן פּרייז, נאָר מיט דער עצה פֿונ'ם רבי'נס לייב־גבאי און מיט דער הסכמה פֿונ'ם רבי'ן אַליין, האָב איך מיך בעשלאָסען דערויף — אי דאָס האָט דעם קוויט נאָכגעמאַכט דעם רבי'נס טאַינע סעקרעטאַר, מיט זיין האַנד... אַצינד מוז איך פֿוילען אין אָסטראָג, און ווער ווייסט, צי וואָס איך וועל פֿער'משפּט ווערען חלילה?... נו, זאָל איך זיך ניט גע־

ווען פֿערלאָזען אויף אַזאַ צדיק, וואָס אַ וועלט גלויבט אין איהם ווי אין דער תורת־משה, און דו, גאָט, אַליין ווייזט דורך איהם דיינע גרויסע נסים ונפלאות אַלע שעה, אַלע רגע!? לייזשע מיך אויס, גאָטעניו, פֿון גוי'עשע הענד, און לאָז מקוים ווערען אין מיר די ווערטער „ופתחון פה למיהלים לך!"... אין מיטען דערינגען האָט דער שמש אַ געשריי געטוהן: „צעהן גילדוין במקום כהן!" און ווייטער, ווייטער „אַכצעהן גילדוין אום שלישי!... פֿינפֿאונצוואַנציג גילדוין אום שישי!" (דעמאָלט איז ראש השנה געפֿאַלען אום שבת.) און מ'האָט אָנגעהויבען לייענען. ווי איך טוה אַ קוק אַ וועהטאָג איז מיר! מיין גבאי דהברה־קדישא געהט אַרויף צו שלישי... עס האָט מיך זעהר פֿערקלעמט ביים האַרצען — נאָר איך האָב מיך נאָך אַלץ געמענטשעט, און זיך איינגעהאַלטען פֿון וויינען בכל מאמצי כח... נאָר אַז איך האָב דערזעהן דעם סטאַראָסטע אַרויף געהן צו שישי — אָ דאָ האָט שוין אין מיר געלאָפֿנעט די גאַל און איך האָב אויסגעשאָסען מיט אַ געוויין איבער דעם גאַנצען קלויז!... און אַז דער טאַטע מיט נאָך עטליכע חסידים, האָבען מיך געפֿרעגט, וואָס דאָס בעדייט? האָב איך פֿאַר בושה פֿאַר לייט... און פֿאַר מורא פֿאַר'ן סטאַראָסטע... געזאָגט, אַז יענע נאַכט האָט זיך מיר געחלומט, אַז מ'האָט מיך גענומען פֿאַר אַ רעקרוט, און, דערזעהענדיג דעם סטאַראָסטע, האָב איך מיר דערמאָנט אינ'ם חלום, און ס'איז מיר פרחה נשמתי געוואָרען!... קורץ און גוט, צי דורך מיין וויינען, צי דורך דעם, וואָס דער

טאַטע האָט, ברוך השם, אַריינגעטוהן דעם קישקעוויצער אַרענ־
דאַר די צוויי לעבערדיגע אתרוגים — נאָר איך בין ערב
סוכות אַריין אין אַ פּאָר נייע שיכלעך צו מזל!

ח

## אַ נײַער פּריץ — נײַע גזרות,
## אַ נײַ יאָהר — נײַע עבֿרות!

נישטאָ די זיסערע און גליקליכערע צײַט פֿאַר'ן פּוילישען יונגעל, ווי די עשרת ימי תשובה בכלל און די 4 טעג צווישען יום כפּור און סכות בפּרט! די צײַט איז בין־הזמנים און די מלמדים האָבען קיין שליטה ניט אויף זייערע חדר־יונגלעך... די טאַטע־מאַמעס, ווידער, גייען אַרום ביז יום־כפּור מיט קאַזיאָנע באַלק־מחילות'ן פֿאַר זייער היבש ביסעל חטאים פֿון אַ גאַנץ יאָהר, אַז זיי פֿערגעסען אַפילו אין „זיי־געזונד"... און אין די 4 טעג, צווישען יום כפּור און סכות, זענען זיי דאָך גאָר אין זיבעטען הימעל!... אַ קלייניגקייט! די אַלטע חטאים פֿערגעבען; די 4 טעג איז מען דאָך פֿריי ווי די נאַיאָמשטישקעס, גאָר לחלוטין אָהן דין־וחשבון... נו, און ביז איבער אַ יאָהר ראש־השנה איז נאָך גאַט אַ פֿאָטער... און חטאים זענען שוין דאָ נרייטע, נאָר צום אָבפּרעסען... מ'קען זיך נאָך אָנזינדיגען, ווי אַ פֿאַס, ס'זאָל אַזש רינען איבער'ן מויל... און פֿאַר שפּעטער לאָז זיך גאָט זאָרגען!... אָט אין די געצעהלטע ליכטיגע טעג, פֿאַר אַזאַ לאַנגען פֿינסטערן ווינטער אינ'ם פֿינסטער'ן וויסטען חדר, האָב איך מיך גאָר זאַט ניט געקענט אָנשטיפּען און אָנהולען, אום זיך נוקם צו זיין פֿאַר'ן גאַנצען יאָהר!... איך האָב פֿון די רעשטלעך וועקסענע יום־כפּור־ליכט אויסגעקלעבט אַלערליי פֿיגורען אין דער וועלט; איך האָב מיך געטאַטשעט אינ'ם סכך; געפֿלאָכטען פֿונ'ם לולב קאָשעקלעך און קראָם־פֿינגערלעך; פֿון אָטשערעט פֿייפֿעלעך און פענעס און ציגאַר־שפּיצלעך; הכלל איך האָב געהולעט,

געשפּרונגען, געבריקעוועט אין געאַרבייט אויף וואָס די וועלט שטעהט, ביז דער ליבער סוכות איז געקומען, און דער טאַטע האָט זיך איבערנייעס דערמאָנט אין מיר!...

מילא פֿון סכות בייטאָג איז דאָך ניטאָ וואָס צו דער־צעהלען! מ'עסט אָב די קאַלטע לאָקשען אין סוכה, און מ'לעגט זיך שלאָפֿען. נאָר אויף דער נאַכט איז זיך צום טאַ־טען צונויפֿגעקומען די חסיד'ארניע, מ'האָט אַביסעל אונטערגע־לעבט, און נאָך הבדלה האָט מען זיך געלאָזט געהן און דער טאַטע האָט מיך אויך מיטגערופֿען. אַרויסגעהענדיג אין דרויסען, האָב איך בעמערקט, ווי עטליכע חסידים טראָגען צו עמער וואַסער אין די הענד, און אַז איך האָב אַ פֿרעג געטוהן דעם טאַטען: וואוהין געהט מען עס? האָט ער מיר געענטפֿערט: „אויף שמחת־בית־השואבה". מיר האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז ער זאָגט מיר: „ביי שמחה'ן איז אַ שרפה"... נו, מילא, אַ שרפה איז דאָך עפּעס אויך פֿאַר מיר אַ געשעפֿט!... ווי מיר זענען צוגעקומען צו ר' שמואל־סירקעס שטוב, האָט זיך אַ יונג כניאָקעל שמיידיג אַרויפֿגעדראַפּעט ווי אַ קאַץ אויף ר' שמואל'ס סוכה, צוויי אַנדערע חסידים האָבען איהם כהרף־עין אַרויפֿדערלאַנגט 2 עמער וואַסער, און ער האָט זיי אַריינגעגאָסען אין סוכה אַריין, און ווי ער איז נאָר אַראָפּ, האָט מען שוין געהערט אַ ביטער געשריי: „גוואַלד מיין ווייב חלש'ט!"... מיין חברה האָבען עס אפּילו אין פּיאַטע ניט געהערט, און מ'האָט מאַרשירט צו אַ צווייטער סוכה, און האָבען די איינענע שפּיל געמאַכט... אַזוי איז מען ארומגענאַנגען אין אַ שטיקעלעך 50 סוכות, פֿון אומעטום האָט זיך געהערט קולות ביז אין הימעל אַריין... ביז ס'האָט אָנגעהויבען טאָגען — און די גאַנצע חברה האָט זיך געלאָזט אין מקוה אַריין... אַוודאי בין איך פֿון אַזא

נאַכט העכסט צופרידען געווען, גישמעהר וואָס קומט מיר אַרויס דערפון, אַז מאָרגען גיט מען מיך אָב צום גמרה־מלמד.

— כך הוה: דעם ערשטען טאָג חול המועד איז צו אונז גע־קומען דער גרויסער גמרא־מלמד, ר׳ אברהמ׳ל חיריק, אַ רויט יודעל, מיט גרויסע ברעמען איבער צוויי טיפע, גרינע, קאַצענע אייגעלעך, מיט אַ בעוואַקסענער באָראָדיווקע אויף דער שפיץ נאָז, מיט פיר טיפע קנייטשען אין שטערן, וואָס אין איטליכען בעזונדער וואָלט מען געקאָנט לייכט בעהאַלטען אַ בינטעל ציצית. די נאָז, קאַרפּאַטע מיט צוויי ברייטע, צעשפּאַרטע נאָז־לעכער, ווי אַ יאָקטאָר, די אייבערשטע ליפ אין דריי גאָרען, ס׳הייסט אַ ליפ אונטערגעפּוטרעוועט מיט אַ שמאָל ליפעל, אונטער וועלכען ס׳איז ווי צוגעליאַמעוועט צוויי האַלבע, בול־בעוואַטע ליפעלעך... אַ גיפּטיג־שיטער, ריזשע צאַפּען־בערדיל מיט אַ שנעל־לויפענדיגען קנאָפּ ווי קוועקזילבער, און די גאַנצע פיגור ווי אַ סטראַשידלע אין אַ גאָרטען... גערעדט האָט ער מיט אַלע אברים און על פי רוב האָט ער אריינגעשטעקט איין גראָבען פינגער טיף אין נאַרטעל אַריין, און אַלע פינף שפּי־ציגע פינגער פון דער צווייטער האַנד האָט ער אָפּט געשטופּט אינ׳ם צאַפּען־בערדעל פון אונטען אַרויף, פערדרייסענדיג דערביי דאָס מאָרדעלע אַרויף, און קרימענדיג דעם פיסק, יאַק סערדאַ נאַ פּיאַטניצאַ... הגם ער האָט נאָר גערעדט ווי האַלבע ווער־טער—דאָך איז זיין שמועס זעהר ריין געווען, ווי פעריל שיטען פונ׳ם מויל! אָט הערט אַ שמועס פון אַ יודען און שטוינט:

ווי דער טאַטע האָט איהם אַ פרעג געטוהן: „וואָס מאַכסטו אברמ׳ל?״ האָט ער איהם באַלד געענטפערט: „עט! וואָס זאָל מען מאַכען? אָט, מאַכט מען!... מ׳מאַכט און

מ׳מאַכט, נאָר וואָס מאַכט עס, אַז נאָך אַלע מאַכעווישען — מאַכט זיך ניט, כאָטש בעמאַך זיך?...״

וויפיל קינדער האָסטו שוין אין חדר? האָט איהם דער טאַטע געפרעגט.

— ווייס איך! האָט ער אַ מאַך געטוהן, פערדרייענדיג דעם פנים און פערציהענדיג די אַקסעל — די קשיא, אויך די אייגענע מעשה; כ׳לעבען, ווי זאָגט מען עס, דער ענין דערפון, ס׳הייסט, די גאַנצע זאַך דערפון, איז דאָך נאָר, אַז דער איי־בערשטער העלפט אַ יודען, די קשיא: מ׳איז דאָך ניט מעהר ווי אַ־אַ־אַ־אַ־אַ יוד! פערשטעהסטו מיך, יאָסקי? אָ דאָס איז דער גאַנצער ענין דערפון! נמצא, אַז די גאַנצע זאַך דערפון איז טאַקע, נאָך אַ מאָל דאָס אייגענע, ס׳הייסט, אַז מ׳וויל קלערען אַביסעל טיפער אין ענין אַריין קען מען ס׳הייסט גאָר פשוט פערשטעהן פון זיך זעלבסט, אַז די גאַנצע זאַך איז ניט מעהר, ווי טאַקע ווייטער דאָס אייגענע! איי וו־אָ־אָ־אָ־ס גיש־מעהר, גאָר ניט!...״

„אָבער מיין יונגעל ווערסטו מן הסתם נעמען צו דיר אין חדר?״ פרעגט דער טאַטע;

— דיין יונגעל? נאָך אַ מאָל! איך פערשטעה ניט, בנאמנות! ווי הייסט? די קשיא, אויך די אייגענע מעשה, הא? דער גאַנצער ענין דערפון איז דאָך, כ׳לעבען, ווי זאָגט מען — איך האָב מיך פיינד צו נאַרען, די קשיא, וואָס טויגען דאָ אַ סך דבורים? דער אמת דערפון, ס׳הייסט די גאַנצע זאַך דעפון איז דאָך אַזוי: אַ מענש, ווי זאָגט ער, איז דאָך פאָרט ניט מעהר ווי אַ־אַ־אַ־אַ מענש, הא? אַזוי, פשוט גערעדט, אָהן חכמות! וואָס זאָל מען זיך דאָ אַ שטייגער נאַרען? מילא מאַלע, וואָס אַ זאַך מאַכט זיך? כ׳לעבען, אַהין אַהער, מן

הסתם איז זיך עס, ווי זאָגט יענער, אַ־אַ־אַ בעשערטע זאַך! נו מילא! לאָז זיין אַזוי, כ׳לעבען. איך וועל מיר דאָ עפּעס מיט דיר, ווי זאָגט מען עס־ס־ס־... האַ? מילא, נישט—נישט! און ווייטער — צוריק די אייגענע מעשה, ביסט זיך עפּעס, כ׳לעבען — איך זאָג עס אַקעגען דעם־ם־ם... נו, יאָ, נו! פֿערשטעהסטו שוין?... אָ דאָס אי דאָס! איי וואָ־אָ־אָ־ם? נישמעהר גאָרניט!...

און טאַקע אַזוי רעדענדיג איז געבליבען, אַז מאָרגען זאָל איך שוין קומען אויף אַ פּאָר שעה אין חדר אַריין...

איהר קענט פֿערשטעהן, ווי גיך די נאַכט איז מיר אי־בערגעפֿלויגען?... און די וויסטע מינוט איז געקומען! ווילדע אַהין ווילדע אַהער — איך געה אינ׳ם נייעם חדר אַריין! איך בין שוין דאָ!... אין שטוב איז אַ ביסעלע ריינער געוועזן ווי ביי נחמן טראָסק אין חדר, ווייל דאָס גאַנצע מיסט מיט׳ן סראַטש זענען נאָך געוועזן אין סוכה...

ווי איך האָב נאָר איבערגעטראָטען די שוועל, איז שוין דער רבי צוגעגאַנגען צו מיר, האָט מיך אָנגענומען ביים אויער און מאַכט אַזוי צו מיר כהאי־לישנא: „הערסטו, דו שייגעץ איי־נער! דו מיינסט, אַז דו וועסט דאָ אויך אַזוינע וועלטען פֿיהרען ווי ביי נחמן טראָסק, צי ביי אַנשעל בוזשעכעס, האַ?... דאָ וועל איך פֿון דיר פּאַסעס שינדען לעבעדיגערהייט! דו הערסט שובעניק, צי ניין?!... „ני טאָט טעבע ר׳ איקום!“... און ביי די רעד האָט ער פֿון אונטער דער פּאָלע אַרויסגענומען צוויי בערעזעווע ריטער, האָט מיך שוין טאַקע אַריבערגעלעגט איבער אַ בענקעל און האָט מיר דערווייל געגעבען איין אַדאָרויף...

אודאי אַ שענער ברוך הבא לכבוד יו״ט... מ׳קען אַנדערש ניט רעדען... אַזאַ ברוך הבא זאָל ער נאָר האָבען אויף יענער

וועלט, רבונו של עולם! נישמעהר וואָס קאָן מען מאַכען? — מ׳מוז זיך האַלטען און שווייגען. דערפאַר האָב איך דעם שמחת־תורה אַזוי אָבגעוואויוועט, פאַר האַריך־וועהטאָג, אַז איך האָב ממש איבערגעקעהרט די וועלט האָרע־קאָרען, פונקט ווי דער בוהיי צובריקעוועט זיך עטליכע מינוט פאַר דער שהיטה...

יאַקאָש, דער ליבער סוכות איז אַוועק, ווי אַ ליטוואַק פון ווייב און קינדער... ווי אַ זומערדיגע פרעפעראַנס־נאַכט... ווי דער לעצטער אויגענבליק פון אַ פאַלשער האָפנונג... פון די שטריימלען איז געוואָרען גאַרעסענע מאָזניצעס; פון די ראַצע־מאָרענע זשיפעצעס—פיסטרענע ברישליקעס, פון שטערנטיכלעך, פערשמאָלצעוועטע יאַמפערקעס, פון זינגען—קרעכצען, פון פריידען—ליידען, פון פאַנטעפעלעך—שקראַבעס און פון יונגע ווייבעלעך, אַלטע באָבעס... נאָר מיר איז נאָך פינסטערער פון אַלע: מ׳מוז געהן צו אברהמ׳ל היריק אין חדר אַריין, און עס העלפט ניט, כאָטש שריי׳ חי וקים!...

## ט

## וואו נאָך ערגעץ, גיט עס, ווי פאַר נקבות, אַזוי פאַר זכרים, אַזאַ ערציהונג, אַזאַ לערנען, ווי אין די פוילישע חדרים ? !

קומענדיג אין חדר אַריין האָב איך דעם רבי׳ן ניט גע־טראָפען. ער איז נאָך געווען אין באָד, צי אין קלויז, און מיר האָבען אויף איהם געוואַרט ביז צוועלף אַ זייגער. אַזוי איז גע־ווען אַלע טאָג, און דאָך האָבען מיר זיך אַלע יונגעלעך, גע־פלייסט, צו קומען תמיד גאַנץ פריה אין חדר, ווייל טילקאָ זענען די 3—4 שעה געווען אונזער גאַנץ שטיקעל נחמה פאר׳ן גאַנצען טאָג ! ליידיג זענען מיר ברוך השם, קיינמאָל ניט געזעסען : די רבי׳צען האָט שוין תמיד אויסגעזוכט אן אַרבייט פאַר איטליכען יונגעל : דער פלעגט איהר אַרויסטראָ־גען די פאָמעניצע, דער פלעגט איהר דערלאַנגען דאָס ברויט אויף דער לאָפעטע, דער פלעגט פערקנעטען ליים צום פריי־פעטשיק און דער פלעגט געהן קלויבען צעפליקעס פונ׳ם רבי׳נס מיידעל וועגען... אויף מיר איז כמעט תמיד דער גורל נעפאַלען, צו שאַרען דאָס אַש פון דער הרובע און זומער־צייט, אָבלעשען די האָלאָוועשקעס פונ׳ם אויווען אין דער פאָמעניצע; און טאַקע דעריבער בין איך נאָך היינט אַזוי קלאָר און ציכ־טיג, אַז ס׳איז ממש אין מיין צורה ניט אַריינצוקוקען... פונקט צוועלף איז דער רבי געקומען פונ׳ם דאַווענען מיט אַ פאָר פערפלאַמטע בעקלעך -- מן הסתם פון גרוים התלהבות ביים „אחד“... און אפשר גאָר פון אַ קאַפ תיקון ?... די רבי׳צען האָט נאָר וואָס אַרויסגענומען רעטשענע פלעצלעך מיט מאָן פון אויווען, און דער רבי האָט איהר אַ וואונק געטוהן, זי זאָל

אונז פֿערקויפֿען צו צוויי גראָשען אַ פּלעצעלע, מיר זאָלען אַ פּנים האָבען וואָס צו טוהן ביז ער וועט אָבעסען און זיך אויסשלאָפֿען... דאָס מיידעלע האָט געכאַפּט דעם קויטיגען האַנדטוך, וואָס די זיבעטע בלאָטע איז אויף איהם געלעגען, און האָט איהם געגרייט צום טיש, און ער האָט זיך געזעצט עסען אָנבייסען אַליין, אָהן דעם בני־בית, כדרך כל החסידים... אַ טבע האָט ער געהאַט צו עסען פֿונ'ם זאָד—עס בריהט דאָך אָבער? פֿלעגט ער, טאַקע אַן אמת, פֿערקריכען מיט זיין טראָך־עטאַזשנע ליפּ ביז העכער, אַ האַלבע דערזשעלע... די מינים, תנועות און עויות, וואָס ער האָט געמאַכט ביים עסען און ביים בענטשען, פֿלעגען אויף אונז וואַרפֿען אַזוינע פּחדים, עפּעס נאָר ווי אַ בייזער משוגענער הונד זאָל אויף אונז אָנפֿאַלען... נאָכ'ן בענטשען האָט ער זיך געלעגט שלאָפֿען מיט'ן פּנים צו דער וואַנד און מיט די פֿערגעלטע, טערקיש־לייוועטענע־תחתונים אין שטוב אַרויס... ארום צוויי אַזייגער האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט מיט אַן אָבגעקוועטשטען שטערן, ווי אַ געפּיאַטנע־וועטער און פֿון דער טראָך־עטאַזשנע ליפּ האָט איהם געסלינעט איבער'ן צאָפּען־בערדעל, נאָר ווי איינער קומט פֿון אַ וועג אין אַ ברענענדיגען פֿראָסט... ער האָט זיך טיף אויסגעכראַקעט, אויסגעשנייצט, אָבגעווישט זיך מיט'ן קויטיגען ברייטען אַרבעל פֿון העמד, געטוהן אַ טרונק וואַסער, זייענדיג טאַקע אויפ'ן זעלבען אַרבעל... גענומען דאָס פּעפּעראָווע ציבעכעל אין דער האַנד און זיך אַנידערגעזעצט אויבען־אָן. באַלד האָט מען געעפֿענט די גמרות, אויפֿגעמישט דעם דף, און כאָטשע דער דף איז געוועזן אויסגעפּאַטשקעט פֿון חלב און פֿערנעלטע טאַבאַק־פֿלעקען — דאָך, אַז מ'נעמט זיך אַרויס די אויגען — קען מען, ווי עס איז אָנטאַפּען... ער האָט אַ קלאַפּ געטוהן

מיט׳ן ציבעכעל אין טיש אַריין און האָט אָנגעהויבען: „נו, קינ־
דער, זאָגט!״ „היה רוכב על גבי בהמה״ צווישען די יונגעלעך
איז געוואָרען אַ געשריי, גאָר ווי צווישען גענז, וואָס מ׳טראָגט
אויף דער קראָמעסלע צום שוחט! — דער רבי האָט אָנגעהויבען
קלאַפּען מיט׳ן ציבעכעל: „שאַט! אַ רוח אין אייערע מאַמעס
אריין! — נאָך אַמאָל: „היה רוכב על גבי בהמה״, אַז ראובן
האָט געריטען אויף אַ בהמה. (עפּעס האָט זיך אונז פאָרגע־
שטעלט אַזוי ווילד און משוגע: נאַ דיר גאָר אויף קיה ריי־
טען...? דאָס וואָרט „בהמה״ ווייסען מיר נאָר אויף דער קוה...!
און נאָך ווער?... ראובן!? יעקב אבינו׳ס עלטסטער זוהן, דער
בכור פון די צוועלף שבטים, רייט גאָר אויף אַ קוה!?...)
„וראה את המציאה״ און האָט דערזעהן אַ מציאה!״ — איין
יונגעל האָט זיך פערשפּעטיגט מיט׳ן ניגון, האָט זיך געהערט,
ווי ער האָט אויסגעלאָזט: „און וויל דרעהען די רצועה״ און
אַ צווייט יונגעל האָט איהם פעררייכט: „דו גוי׳עץ — און וויל
געהן אין דער פּאָליציי״... איך האָב מיך נאָר וואָס געוואָלט
אָנרופען: „און האָט געלאָזט אַ ראַציע״ — נאָר דער רבי האָט
שוין געעפּענט די פיר קנייטשען און צעשפּאַרט די נאָזלעכער,
און האָט אונז אַלע מכבד געווען מיט אַ ציבעכעל איבער די
אַקסלען: „אַ מציאה!״ — „אוי, אוי, אוי! רבי׳ניו, אַ מציאה,
אַ מציאה!״ און אַזוי האָבען מיר אָבגעקאַניוטשעט אַ גאַנצע
וואָך, ביז פרייטאָג פאַרנאַכט. — שבת נאָכ׳ן שלאָף האָט דער
טאַטע געהייסען מיר ברענגען די גמרא, ער זאָל מיך פאַרהערען;
איך בין געגאַנגען אין חדר נאָך דער גמרא, און ביים אַוועק־
געהען האָט זיך דער רבי מישב געווען, ער געהט אויך מיט
מיר צום טאַטען, אָנגעזאָגט האָט ער מיר אַזוי: אַז דו
וועסט עפּעס ניט ווייסען בשעת׳ן פאַרהערען, זאָלסטו אַ קוק טוהן

אויף מיר, ווי אַזוי איך וועל מאַכען מיט׳ן מויל, צי מיט׳ן פינ־
גער, און זאָלסט באַלד ביי מיר אויסכאַפּען די ווערטער, גלייך
ווי דו האָסט אַליין געטראָפען...״ מיר זענען געקומען אַ היים,
איך האָב זיך געזעצט לעבען טאַטען, דער רבי האָט אויפגע־
מישט דעם דף, און איך האָב אָנגעהויבען אויף אַ געלענקעל
„היה רוכב על גבי בהמה״ אַז ראובן האָט געריטען אויף
אַ בהמה... איך האָב נאָר אויסגערעדט די עטליכע ווערטער, טוהט
פלוצים דער טאַטע אַ כאַפּ: „זאָג נאָר, וואָס איז היינט?״ —
דעם שבת איז גראָד געווען ביי חיה ריקלען — מיינס אַ גע־
שוויסטער קינד — פאַרשפיל, אַזוי האָב איך איהם באַלד גע־
ענטפערט, אַזוי טשאַקענדיג: „היינט איז פאַרשפיל ביי חיה
ריקלען!״ „אַ דיר אַכציג שוואַרץ יאָהר! — האָט דער טאַטע
אַ געשריי געטוהן — חיה ריקעל׳ס פאַרשפיל ליגט דיר אין
קאָפּ, ניט די גמרא! האַ?״... אַ דאָ האָב איך שוין אָנגעהויבען
קוקען אויפ׳ן רבי׳ן זעה איך ווי ער קוועטשט זיך: „אַז נעכטען
איז געווען פריי... נו...?״ איך האָב די רגע אונטערגעכאַפּט
„פרייטאָג!״ — נו קוועטשט זיך דער רבי — אַיז זיך היינט ש...״
איך האָב ווידער די מינוט אויסגעכאַפּט ביי איהם פונ׳ם מויל
„שבת!״ און האָב זיך נאָר געשמאָלצען, וואָס איך טרעף אַזוי
געשווינד... „נו? — זאָגט דער טאַטע — אום שבת מעג מען
רייטען?״ — יאָ! האָב איך אויסגעשריגען מלא שמחה — איך
האָב היינט אפילו אַליין געזעהן דעם רבינ׳ס יונגעל פאָהרען
רייטענדיג אויף אַ צאַפּ!״... דער רבי איז שטאַרק מבויש געוואָ־
רען און האָט מיר כלומר׳שט אַ קניפּ געטוהן אין בעקעל, אַז
ער האָט מיר שיער אַ שטיק פלייש אָבגעריסען: נו, נו, —
זאָגט ער — מיין יונגעל וועל איך שוין דערפאַר מקיים פסק
זיין,—נאָר דו זאָלסט וויסען, אַז אום שבת טאָ...״ איך האָב

מיך באַלד אָנגעשטויסען, און האָב אויסגעשריגען מיט אַ גמרא נגון: טאָר מען ניט רייטען! „אַז מען טאָר ניט — זאָגט דער טאַטע — ווישע קומט ראובן רייטען אום שבת?" אויף אַזאַ קלאָץ־קשיא האָב איך מיך שוין כלל ניט געריכט, און האָב שוין אויסגעגלאָצט די אויגען אויפ'ן רבי'ן, זעה איך, ווי ער היקעט: „דהיינו, אַז ראובן האָט געריטען אין דער וואָ... „איך האָב אַ כאַפּ געטוהן: „אין דער וואָסקעבוינע אַריין!"... דער טאַטע איז געזעסען מלא כעס וחמה, און דער רבי האָט מיר, מיט אַ ניפּטיג־פּערביסען שמייכעלע אַ זאָג געטוהן: „ביסט זיך אַ וואויל יונגעל... הער זיך צו, וואָס דו רעדסט! נאָך אַמאָל: דהיינו, אַז ראובן איז גע..." — איך האָב באין אופן ניט געקענט פּאַלען, וואָס ער מיינט, און נאָך אַ פּאָר מינוט שווייגען אין איין אַנגסטען, איז מיר אַליין איינגעפּאַלען דער אמת'דיגער תרוץ אויפ'ן טאַטענס קשיא, און איך האָב אויסגעשריגען מלא שמחה: דהיינו, אַז ראובן איז געווען אַ גוי..." — אוי, אַ רוח אין דיין טרייף פּאַרצערו אַריין!" — האָט דער טאַטע אַ געשריי געטוהן און האָט מיר אָבגעלאָזט צוויי פּעטש, אַז איך האָב שיער אַלע ציין געקליבען, און דער רבי האָט, ווי ערענסט אַ זאָג געטוהן: „אַ פּנים, יאָסקי, דו ביסט טאַקע גערעכט: היה ריקעל'ס פּאָרשפּיל ליגט איהם אין קאָפּ: ווייטער איז ער דייקא ניט קיין באָץ... לאָז שוין זיין אויף איין אַנדערס מאל" און דערביי האָט ער צוגעמאַכט די גמרה און דער טאַטע האָט מיך אַרויסגעוואָרפּען פּון אונטער'ן טיש.

מילא פּון פּאַרהערען נאָך אַמאָל בין איך שוין כמעט בעווארענט געווען: דער אָסיען האָט זיך צושפּילט מיט אַלע פּישטשעוווקעס, רעגענס און ווינטען און אַ עסעדיגע קעלט; דער טאַטע האָט שוין פּערלוירען אין דער בלאָטע אַ פּאָר פּאַנטאָפּעל

מיט אַ שטיוועל; אין דער היים שטאַרבט מען פֿאַר הונגער און קיין מעמדות געלד נעמט זיך ניט צונויף אַ גראָשען! אין מיטען דערינען האָט מען גאָר דעם צדיק געטרעבעוועט אין דער נובער־ גיע אַריין... און דער טאַטע געהט אַרום אונטער ד־ר־ערד... היינט וואו איז איהם שוין אין זינען מיין פֿאַרהערען...? ניש־ מעהר איז דערמיט, ניט נאָר ניט גרינגער געוואָרען—נאָר נאָך אַ סך ערגער ווי פֿריהער! — ראש חודש חשון, פֿערשטעהט איהר מיך, האָבען מיר אָנגעהויבען געהן ביינאַכט! · און דאָס האָט שוין גאָר אַרויסגענומען דאָס דם התמצית פֿון מיינע ביי־ נער!... די דריי קאָפּיקאָווע ליכטלעך, וואָס איטליכעס יונגעל פֿלעגט ברענגען, אַמאָל אין דער וואָך, אין חדר אַריין אויף ביינאַכט, פֿלעגען כמעט תמיד זיין אויסגעשמירט אין בלאָטע און צובראָכען אין דרייען, וואָרעם וועלכעס יונגעל איז ניט געפֿאַלען דרייצעהן מאָל אין בלאָטע, איידער ער איז געקומען אין חדר אַריין...? היינט, אז דער רבי האָט דאָס מיין ליכטעל אַריינגעשטעלט אין אַ צושפּאָלטען ליימענדיג לייכטערעל, אָדער פּשוט גערעדט: אינ'ם „ליימעל", וועלכעס איז אַרומגעקאַפּעט געוועז מיט חלב און אָנגעשפּינעוועט מיט שנויצען, (די מעשי־ נע לייכטער זענען געשטאַנען אויסגעריבען לכבוד שבת.) קענט איהר זיך שוין פֿאָרשטעלען, ווי ליכטיג און ווי פֿרעהליך ס'איז אונז געוועזן אויף דער נשמה...?

פֿריי זיין נאָך מיטאָג, פֿיהרט מען נאָר אין די שקאָלעם
אוים, בײַ אונז לערנען — איז לערנען! ביז די נשמה
זאָל אַרויס!...

שטעלט אייך, רבותים, פֿאָר: אַן ענג, נידעריג זעמליאַנ-
קעלע, פֿאַרנע, הייס און דושנע; צוועלף יונגעלעך אַרום אַ קוריץ,
שמאָל טישעל, איבער פֿיר לאַנגע גמרות, פֿוןביידע זייטען
טיש, אויף דריי יונגעלעך אַ גמרא, אַזוי אַז די גמרות האבען
שטענדיג געהאַלטען אין איין בוצקען זיך... און מיט יעדען
בוצקע האָט זיך דאָס זיסע ליימעל איבערגעקעהרט אויף איינער
פֿון די גמרות, און דאָס ליכטעל האָט זיך פֿערלאָשען... די
עטליכע מינוט, וואָס ס'פֿלעגט שוין יאָ ברענען, האָט עס גע-
האַלטען אין איין שפּריצען, אַז ניט איינמאָל פֿלעגט מיר
אַריין אַ שפּריץ חלב אין אַן אויג אַריין און קיין איינציג יונגעל
האָט ניט געוואָלט אויסלעקען דאָס אויג... וואָרעם ס'איז דאָך
טרייף... אָט ביי דער מין לימענאַציע, וואָס האָט אַ סך ווענ-
גער געשיינט, ווי די שטאָדט-קאַליזשע אַ קעגען דעם שיין פֿון
אַ ליכט אין אַ פֿענסטער — זענען מיר געזעסען אין דרייען גע-
בויגען, צוגעשפּאַרט מיט די הערצער צו די גמרות, מיט אויס-
געסטאַרטשעטע אויגען ווי די באַנקעס... און האָבען נאָך גע-
מוזט אויסזינגען דעם סקוטשנע, אומעדינען גמרא-נגון, וואָס
האָט זיך אָבגעגעבען ביי נאַכט נאָר ווי דאָס וואָיען פֿונ'ם ווינד
אין אַ קוימען, און מיט איטליכען שאָקעל אונזערען, זענען די
שאָטענס, פֿון אונזערע קעפּלעך מיט'ן רבי'נס טראָך-עטאַזשנע-
ליפּ, טאָ זיך אויסגעלעגט אויף די גמרות, טאָ זיך אויסגעצויגען
איבער דער סטעליע ביז דער הויזענטיר, אַזוי אַז אָפּט פֿלעגט

זיך אונז אויסווייזען, אַז מיר זענען רוחות אין אַ פּוסטער מיהל, און עס פֿלעגט אויף אונז פֿאַלען אַן אימת־מות פֿאַר זיך אַליין!... און צודרעכען זיך פֿון אָט דעם שרעקליכען בּרעד פֿלעגען מיר זיך נאָר, בעת דער רבי פֿלעגט אָנצינדען דאָס פֿערלאָשענע ליכטעל און פֿלעגט אַ געשריי טוהן: „זאָגט כלבים, עכברושים! וואָס זענט איהר עס פֿערשטומט געוואָרען?..."

היינט, אַז מ'האָט בּעדאַרפֿט, נאָך אַזאַ אויפֿדערנאַכט, געהן אַליין אַהיים אין אַ בלאָטע, אַ חשכות, כאָטש די אויגען אַרויסנעמען!... אָ! וויפֿיעל שרעק און אַנגסטען איז אויף מיר געפֿאַלען, געהענדיג אַהיים בּיינאַכט!... וואָרעם אַ חוץ די מעשות, וואָס איך האָב געוואוסט פֿון די פֿריהערדיגע חדרים — איז דאָך מיר דאָ נאָך דריי מאָל צוגעקומען... און וואָסערע מעשות? — מעשות, וואָס קענען דעם אשמדאי אַליין איבּער־שרעקען אויף טויט... אברהמ'ל הירש'ק האָט מיר נאָר מודיע געווען די מעשה פֿון דעם אָבהייבען דעם בר־מינן, ווי אַזוי די שטרוי שטעכט דעם מת ווי מיט נאָדלען און ער שרייט מסוף עולם ועד סופו, נאָר קיינער הערט ניט דאָס קול, חוץ אַ שוואַרצער האָן און אַ משוגען קעלבּעל...; היינט די מעשה פֿונ'ם חבוט הקבר: ווי אַזוי דער מלאך־דומה צושפּאַלט דעם מת דעם בּויך און רייסט אַרויס די קישקעס מיט די געדערעם און וואַרפֿט זיי איהם אין פּנים אַריין...; ווי אַזוי ער שטופּט אַריין דעם מת אין די אַחורים אַ קאַטשעלקע האַלב אייז — האַלב פֿייער... ווי אַזוי ער כאַפּט איהם אויף אַ שפּיז בּיים שפּיץ נאָז און טהוט איהם אַ שליידער פֿון עק וועלט ביז עק, און דערנאָך וואַרפֿט ער איהם אין שאול תחתיה אַריין, און דאָרטען קאָכט מען איהם אין אַ קעסעל אַזוי לאַנג, בּיז ער

69 ווערט אויסגעלייטערט פֿון אַלע זיינע חטאים... און נאָך אַזעלכע

שרעקליכע קאַרטינעס פּון גלגול, פּון עולם־התוהו, פּון שבעה מדורי־גיהנום, וכדומה. צו די אַלע מעשות דאַרף זיך נאָך מאַכען, אַז צוריק מיט אַ פּאָר וואָכען איז געשטאָרבען נחמן טראָסק און ס'איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָדט, אַז ער נעהט אַרום אויפ'ן עולם־התוהו. דאָס אַלעס אינאיינעם פלעגט זיך מיר פאָרשטעלען געהענדיג ביינאַכט אַהיים, און דאָ איז מיר נאָך תמיד אויסגעקומען צוגעהן פּערביי דער שוהל... אַזוי אז ניט איין מאָל פּלעג איך קוים אַ לעבעדיגער אַריינפאַלען אין שטוב אַריין, און בין עד היום געבליבען! אַ שרעקענדיגער האָז מיט אַ מסוכנ'ער נערוועז־קראַנקהייט, וואָס אַלע מינוט בלייב איך אויסען, און מיין לעבען איז מיר נאָר אַ לאַנגער געמישטער טויט!...

אַזוי בין איך אויסגעניקערט געוואָרען ביז חנוכה, ווען איך בין אויף אַכט טאָג אַביסעלע אויפגעריכט געוואָרען: די אַכט טאָג האָט מען אין חדר נאָר געלערנט ביז צוויי אַ זייגער, אי דאָס, ניט קיין גמרא! היינט פּלעגען מיר שפּילען מיט'ן רבי'נס יונגעל אין דריידעל און אין ציינגעל... אמת ער האָט אונז אַלע אָבגעדראַצט ביז אין לעצטען גראָשען, וואָרעם דער רבי פּלעגט דאָך איהם, כלומר'שט אונטעדווילעכ'ץ צוווייזען און אונטערהעלפען... נישמעהר, מיר אַליין האָבען איהם באהבה צוגעלאָזט דעם קאָן, כדי ער זאָל אונז אויפהערען מסר'ן ביים רבי'ן... ביים אַוועקגעהן פון'ם חדר וואָרעמעס־פריי פּלעגט אונז שוין דער רבי נאָכשרייען מיט אַ נעלעכטערעל: ברעננט, קינדער, מאָרגען אויך געלט, וועט איהר ווייטער אַביסעל שפּילען...” פערשטעהט זיך, אז איך האָב שוין בעדיי אַרויסגע'גנב'עט דעם לעצטען גראָשען ביי דער מאַמען — אַבי שפּילען!... און טאַקע פון דעמאָלט אָן האָב

איך ליב בעקומען צו שפּילען אין געלד, אַזוי אַז שוין נאָך חנוכה אפילו, פּלעג איך אויך שפּילען מיט די יונגלעך, טאַקע ביי דער גמרא, אונטערן טיש, און אַבי דעם רבי׳נס יונגעל האָט געוואונען, פּלעגט זיך שוין דער רבי נאָר אויף צו׳כלומר׳שטען בייזערען... און פּלעגט שוין באַלד אַ שמייכעל טוהן: „איי, וויי׳סע חברה׳ניקעס איינע! נו, נו, שפּילט אייך אַ האַלבע שעה, שפּילט אייך! נאָר זעהט זשע, דערנאָך צו דער גמרא מיט חשק!...“ הכלל, איך האָב מיך שוין אויסגעלערנט אין רעשע־טע אָדלער, אין האַלבער־צוועלף, אין איין־און־דרייסיג, אין קאָשעק, און שפּעטער, שפּעטער אין אַ קערטעל אויך! אַז נאָך היינט ברען איך צו אַ קאָרט ווי אַ העליש פּייער!... אַזוי, אַזוי ווערט מען אַ לייט איבער אַ סך אונזערע יודישע מדות אין פּוילען! פּון אַ דריידעל ווערט מען אַ קאַטאָרזשניק, פּון תקון אין קלייזעל — אַ שכור, פּון ארויסנעמען אַ טיכעל אויף קאַטאָוועס — אַ גנב, פּון חסיד׳שע לשון הרע׳ס און רכילות׳ן — אַ מסור... און אַזוי ווייטער!...

נאָך חנוכה, ווידער דער ווינטער „ביינאַכט“, נאָר וועניגסטענס כאָטש די בלאָטע פּטור געוואָרען! איי די קרודעס צו מיין קאָזלאָווע שיכלעך מיט די האַלב־פּאַפּירענע פּאָדעשוועס?... איי די ביטערע פּרעסט צו מיין זיסען הולך?... עט! אַ טפשות! איבער די קרודעס בין איך דאָך עפּטער געפּאַלען — האָט דאָס מיך אַלע מאָל פּאַרטערעראַמעט פון די פּחדים ביינאַכט... נו, און מכח די פּרעסט איז דאָך אודאי ניטאָ וואָס צו רעדען: אַ פּערפּרוירענער פּיהלט ממילא קיין קעלט ניט!... דערוויילע האָט זיך אָנגערוקט דער חודש אדר, אָנגעהויבען אָפּטער נעמען אַביסעל בראָנפּען: „משנכנס אָדר מרבין בשמחה“... אודאי זעד־גען מיר אַביסעל פּרייער געוואָרען... איך פּלעג מיך אָפּט

אַריינכאַפּען אין באָד, הערען ווי חברה מאַכען די פּורים־שפּיל; פון דער באָד זיך אַביסעל גליטשען אויפ׳ן טייך און בינו לבינו איז דערווייל געקומען דער ליבער פּורים! אַ וועלט מיט קליינע וועלטלעך! איך קויף פּורים־גרייט, איך שלאָג המנ׳ען, איך גנב׳ע המן־טאַשען ביי דער מאַמען, איך לויף נאָך די פּורים־שפּילער, איך שיק שלוח־מנות מיינע חברים: חיים־ברוכ׳ן שיק איך אַ רעטעכל מיט אַ פּאַקעל — שיקט ער מיר אָפּ אַ פּאַקעל מיט אַ רעטעכל, אשר־יונה׳ן שיק איך אַ פֿידעלע מיט אַ קאָפּהאָן שיקט ער מיר אָב אַ קאָפּהאָן מיט אַ פֿידעלע. וועלכעס יונגעל עס שיקט מיר באַלד ניט אָב קיין שלוח־מנות — לויף איך צו איהם אַליין נעמען מיין שלוח־מנות, און אַז ער גיט ניט — רייס איך איהם באַלד אַראָב דאָס היטעל... אויף דער נאַכט זענען צו אונז געקומען די פּורים־שפּילער: אַ שוסטער־יונג איז אחשורוש, אַ רופא־יונג — המן, אַ פֿערשטעלט משרת׳ל אין אַ היפּע מיט אַ שטערנטיכעל איז געווען אסתר, אַ בייגעל־טרעגער אין אַ בינדע מיט אַ צאָפּ—ושתי, און דער באָד־יונג אין אַ קאַפּטען מיט אַ ספּאָדעק איז געווען מרדכי, און האָט גערעדט אויף אַלע שבעים לשונות, נאָר קיין פּראָסט יודיש האָט ער ניט געקענט... הכלל, ס׳איז געווען ששון ושמחה אויפ׳ן העכסטען אופן, און תיכף נאָך פּורים האָט מען אויפגעהערט געהן ביינאַכט אויך! — שושן־פּורים בייטאָג האָט אונז דער רבי געהייסען, מיר זאָלען זיך צונויפלעגען אויף אַ סעודה ביינאַכט; איטליכעס יונגעל האָט געבראַכט אַ פּיטאַק מיט אַ המן־טאַש, דער רבי האָט געקויפט בראָנפען מיט דאַרע קישקעס, די רבי׳צען האָט אָבגעבאַקען רעטשענע פלעצלעך, דער רבי האָט געטרונקען לחיים און פון דעם טראָפּען אויפ׳ן דנאָ, האָט ער אויף איטליכען יונגעלס

אַרויסגעטעלעפּעטע צונג אויסגעזיגען אַ טראָפּען, און נעגעבען אַ רעפּטעלע דאַרע קישקע, אַזוי דיק, ווי אַן אָבגעריבענער גיל־דען צו פּערבייסען, און יעדען אַ האַלב פלעצעלע אין קעשע־גע אַריין... ביים אַוועקגעהן האָט ער אונז אָנגעזאָגט, אַז אויפ׳ן וועג און אין דער היים זאָלען מיר זיך כלומר׳שט מאַ־כען שכור... נו, נו! ווי מיינט איהר? איך בין דאָך תמיד אַ מזל׳דיגער האָז—אודאי דאַרף איך אָנטרעפּען, זיך שכור מאַ־כען אויף אַ גליטש, און זאָל פּאַלען און זיך אויסברעכען אַ פוס... מילא, מן הסתם איז מיר אַזוי בעשערט!... איך בין אָבגעלעגען אויפ׳ן פוס קאַרגע אָנדערהאַלבען יאָהר ווען ס׳איז מיר אַ ביסעל גרינגער געווען דער וועהטאָג. פלעגט דער טאַטע מיט מיר אָבריקען אַ פּרק משניות, אַ בלעטעל עין־יעקב, און אַזוי בין איך פּאַוואָלי אַלט געוואָרען ניין יאָהר; פון קיין חדר איז שוין גאָר קיין רייד ניט געווען. איך האָב גע׳שמ׳ט אין שטאָדט פאַר אַן עלוי, אַ חריפות׳דיגען קאָפּ... וואָרעם וואָס אַ גרעסערער שייגעץ, אַ ווייסער־חברה׳ניק דאָס פּוילישע יונגעל איז, איז דאָס אַלץ מעהר סמן, אין פּוילען, אויף אַ חריף, אַ ווילדען בר־שכל!

## יא

## אין קלויז ווערט מען אַ מאַנסביל, אַ זכר, אַרויס פֿון „יונגעל“, אַריין אין „בחור“!

אין אמת אַריין שמועסען, האָט מיר טאַקע מיין קעפּעל, קיין עין־הרע, אזוי נעשפּילט, אַז ניט איין מאָל נאָר האָט מען בעדאַרפֿט אויסשמירען מיט שאַרע־זאַלב... ובכן, אַז קוים איז שוין פֿאַר מיר קיין מלמד ניטאָ — דאַרף מען דאָך שוין אָנהייבען געהן אין קלויז אַריין, צווייבען זיך צווישען די סקאַרבאָווע קלויזנער בחורים, וועלכע פֿאָהרען שוין בחור־ווייז צום רבי'ן אויף שבת תשובה, און קומענדיג אַ היים מוזען זיי זיך סוד'ען מיט'ן רופא... איך בין אַריין אין טאַטענס אַ פּאָר פּאַנטאָפֿעל, אַ כאַלאַטעקעל האָט מען מיר איבערגענעהט פֿונ'ם אונטערשלאַק, וואָס פֿון דער מאַמעס היפּע, אַ יאַרמעלקע האָב איך געהאַט, וואָרעם אויף ראש השנה האָט דער רבי גענעבען דעם טאַטען זיין אַלטע ווייסע יאַרמעלקע — האָט מיר דער טאַטע אַוועגגעבען זיין שוואַרצע יאַרמעלקע... זי איז אפילו געווען צו גרויס אויף מיר, נישמעהר קיין גרויסער חסרון איז דאָס ניט נעווען, וואָרעם דער פּאַרך איז נאָך גרעסער געווען... נו? וואָס נאָך האָט מיר געפֿעהלט? — אַ פּאָר לאַנגע גרייזעלעך מיט אַן אויסגעצויגען נערגעלע — דאָס האָב איך ביי קיינעם ניט בעדאַרפֿט לייען... ובכן, מיינע ליבע לעזער, מעג איך שוין בעזפּיעטשנע, דאַכט זיך, געהן אין קלויז אַריין? האַ? — יאָ?! — נו האָט זשע מיר אַ גוטען טאָג! איך געה שוין טאַקע אין אַ גוטער שעה, מיט'ן רעכטען פֿוס! איך בין שוין טאַקע אין קלייזעל!

עולם איז שוין ניט געווען, נאָר עטליכע יונגע־לייטלעך זענען
געזעסן אונטערן עמוד ביים ארון־קודש און האָבן געטרונקען
לחיים... איהר מיינט חלילה וואָס...? אסור, ניט קיין נסך!
פשוט אביסעל בראָנפען!... נאָר וואָס דען? דאָס איז געווען
אביסעל מצוה־משקה; אויף דעם בראָנפען האָבן זיך צונויפגע־
לעגט צוויי קלויזנער בחורים, פון וועלכע איינער האָט זיך גע־
קלאָגט, אז שוין פון א צייט מאַכט זיך איהם, אז ווען ער
זאָגט שמע ישראל, שטעלט זיך איהם, רחמנא לצלן, פאָר
א צלם, און דער אנדערער האָט זיך נעבעך מתנצל געווען, אז
נעכטיגענדיג יענע נאַכט אין קלויז, האָט זיך איהם גע'חלומ'ט,
אז די ערלית, וואָס האָט געשמירט די קלויז, איז איהם
תובע... דערויף קויפען זיי אביסעל תקון, בכדי די קליפות און
מחשבות־זרות זאָלען צו זיי קיין שליטה ניט האָבען... דריי
יונגע־לייטלעך האָבען זיך אַרומגעדרעהט אין קלויז: איינער
מיט א לולקע־ציבעבעל אין מויל — א סמן, אז ער איז זיך
ערשט מכין צום דאַווענען.. און צוויי מיט די טליתים אויף די
אקסעלען, און דרעהענדיג אַלץ די ציצית, אזוי ווי דער ראַט־
מאַן דרעהט דעם גראָבען קיטעס פון זיידענעם חאַלאַט, בעת
אן אָרימאַן וויינט איבער איהם, ער זאָל בּיי איהם נאָר נע־
מען צעהן קערבלעך פאַר א האַלב־יאָהריגען פאַספאָרט... בּיי־
דע זענען אַלץ געגאַנגען הין און צוריק, שטאַרק פערטיפט אין
א שמועס, אין וועלכען איינער דעם אַנדערען שפאַרט אַלץ
איבער און דרינגט איהם אויס מיט'ן גראָבען פינגער, אז ס'איז
פונקט קאַפויר! — איך בּין דאָ בּיי זיך שטאַרק געפאַלען גע־
ווען, זעהענדיג, אז איך בּין עפּעס בטל ומבוטל בּיי אַלע
בקליפת־השום — האָט זיך מיר זעהר פערוואָלט הערען זייער
שמועס, בכדי טאָמער וועל איך עפּעס נאַשען פון זיי. און כאַ־

פֿען זיך דעם סטרי פֿון קלויזנער... אָ דאָ האָב איך עס מיך פֿערקליבען העט אין ווינקעלע, ביי דער הרובע, און האָב אנגע־שטעלט אַ פּאָר אויערן ווי אַ האָז. — ווי איך הער, מאַכט אַזוי דער עלטערער צום יונגערען:

„גלייב מיר, פֿרויקע, אַז די שוויגער איז דאָ בסך הכל גאָרניט שולדיג! אָט פֿרעגט קינד און קייט, וועט יעדער זאָגען אַז העלקע די טוקערין איז אַ כשר'ע יודענע און אַ מזג־טוב, נאָר וואָס דען? פּשוט איז פּשוט: דאָס ווייבעל אַליין איז טאַקע אַ גרויסע כלבט'ע! און פֿון וואַנעט דאָס נעמט זיך? — וועל איך דיר זאָגען: זי איז, פֿערשטעהסטו מיך, געווען אַ פּאָ־קאָיאָווע ביי ר' שמואל סירקעס, און ר' שמואל'ס לעהרער — ימח שמו וזכרו זאָל ער ווערען — קענסטו דאָך מן הסתם! נו, נו! ווי מיינסטו, פֿרויקע...?

— ווי הייסט? — האָט זיך פֿרויקע אַ כאַפּ געטוהן ווי אַן אָבגעבריטער — האָט זי דען חלילה חוטא געווען מיט'ן לעהרער!? אי פֿע, גדליה, בנאמנות! מעגסט זיך שעמען, אַז דו ברענגסט גאָר פֿאַר מיר אַזעלכע ווערטער פֿאַר'ן מויל!..."

„חס ושלום — ענטפֿערט גדליה — איך זאָג דיר דען חלילה, אַז זי האָט עפּעס פֿאָר געהאַט מיט'ן לעהרער! איך מיין עס גאָר עפּעס אַ קעגען אַן אַנדער ענין; איך בין דאָך אַ סופר — מאַכט זיך מיר אָפּט, אַז איך שלאָג אַליין צו מזוזות ביי די יודישע גבירים. אַמאָל האָט זיך עס מיר געמאַכט ביי ר' שמואל סירקעס אַליין — און דעמאָלט האָב איך פֿון איהר געזעהן אַ זאַך, וואָס געהער ניט צו קיין יודישער טאָכטער!...

— וואָזשע האָסטו עס פֿון איהר אַזוינס געזעהן, גדליה? אדרבא, לאָמיך הערען וואָס איז אַזוינ'ס?"

„די קשיא, אויך די אייגענע מעשה — זאָגט גדליה —

וואָס זאָל איך דאָ אויסבעהאַלטען פון דיר! אודאי טוהט מיר טאַקע זעהר וועה מיין האַרץ אויף דיר קוקענדיג — נאָר אויך די איינענע מעשה: אַז מ'רעדט—דערעדט מען זיך צו עפּעס... איך דערצעהל דיר, פרויקע, מעשה כהויה: איך קום פאַר אַ יאָהרען אַריין צו ר' שמואל'ן אין חדר'ל צושלאָגען אַ מזוזה— טרעף איך דעם זיסען לעהרער ביים טיש איבער אַ טרייף-פסול און זי, דיין יפהפיה, זיצט און הייצט די הרובע און וויינט... וואָס פריהער איז געווען, ווייס איך ניט! נאָר אויף די רעד בין איך אָנגעקומען, ווי זי זאָגט אַזוי: „טאַקע נאָר איך בין אין אַזאַ פינסטער מזל געבוירען געוואָרען. איך האָב געמיינט, אַז נאָכ'ן אָבדינען עטליכע יאָהר, וועל איך מיך קענען צושלאָגען צו עפּעס אַ רעכטען שדוך, אַז איך זאָל שוין פערשפּאָרען דינען און האָרעווען אויפ'ן שטיקעל ברויט — צום סוף האָט מיך די מאַמע פערשלייערט פאַר אַ כניאָק, אַ פליאַסקעדריגע, וואָס ווייסט נאָר קוועטשען די באַנק אין קלויז, און טויג ניט אויף דער וועלט! און ערשט איצט וועל איך דאַרפען אויסגעריסען ווערען און פערשוואַרצט ווערען, איך זאָל איהם נאָך האָרעווען, וואָס ער וועט מיר פּאַק אָנטוהן אַ מעגטליך אויף יענער וועלט מיט זיין פליעסקין ביים דאַווענען און טאַנ־צען ביים רבי'ן... אוי אַז אָך און וועה איז צו מיינע יונגע יאָהר!" — ביי די רעד האָט זי זיך אַזוי צעכליפּעט, אַז איך ווייס ניט כ'לעבען צי האָב איך נאָך אַמאָל אַזוי געוויינט יום־כפור ביים ונתנה תוקף... נו, פרויקע, היינט וועט דיר שוין ניט זיין קיין חדוש, פאַרוואָס זי זאָגט דיר הסרונות אַטף דער מקוה? הא...?"

— גוואַלד! — זאָגט פרויקע מיט האַרץ־וועהטאָג—איך ווייס דאָך אָבער פאָרט, אַז מיך גופא האָט זי כ'לעבען גאָר ניט פיינד..."

„וואָס טויג מיר די פּוסטע גדולות — זאָגט גדליה מיט פֿעראַכטונג — אַזעלכע דבורים זענען, כ׳לעבען נאָר אַ בזיון פֿאַר אַ חסידישען יונגען מאַן! וואָס מיר ליב, פֿיינד! אַ חרפּה בנאמנות!... איך זאָג דיר, פֿרויקע, אַז זי איז ניט פֿאַר דיר!...

— וואָזשע קומט מיר צו טוהן, נאָך דיין חות־דעת גאָך? פֿרעגט פֿרויקע ווי פֿערלוירען.

„וואָס הייסט „וואָס?" — זאָגט גדליה — ס׳איז שוין גאָר ביי יודען קיין תרופּה ניטאָ צו אַ ווייב, אַ מרשעת? איך ווייס, ווען איך האָב אַזאַ סחורה, וואָס זאָל מיר זאָגען דעות אין יודישקייט אַריין, וואָלט איך מיט איהר אַ מינוט ניט געוואוינט..."

— ווי הייסט? — זאָגט פֿרויקע, ווי איינער בעט זיך נעבעך ביי אַ גזלן — זי זאָגט מיר דען חלילה דעות אין יודישקייט? — גלאַט, זי וויל ניט איך זאָל מיך שווענקען אַלע טאָג אין מקוה, צי איך זאָל טראָגען אַ טלית־קטן מיט די ציצית ביז אין די פּאַנטאָפֿעל אַריין, צי איך זאָל ניט גאָלען דעם קאָפּ ביז אין דער הויט, ווי אַן אַרעסטאַנט... נו, וואָזשע קומט איהר דערפֿאַר, גדליה, האַ?...

„אַזוי גאָר, פֿרויקע? האָט גדליה אַ שפּרונג געטוהן אַ שפּאַן אונטער זיך — ביסטו זיך טאַקע גוט אין דער אַרבייט! — וואָס רעדסטו, יונגעל, ס׳איז נאָך אַ שאלה, צי דאָס איז יודישקייט!?... וואָס דען איז יודישקייט, אַז ניט דאָס?... נישמעהר, איך זעה, אַז דו האַלטסט שוין גאָר ווייט... נו, אויב אַזוי — איז שוין רעכט אַרום און אַרום!..."

— יאָ רעכט — ניט רעכט! — זאָגט פֿרויקע מיט אַ ביטער געמיט — נאָר איבער אַזוינע קליינינקייטען גט מען זיך נאָך ניט!... דו האָסט פֿערגעסען, גדליה, וואָס די הייליגע גמרא

זאָגט, אַז פֿון שלום־בית וועגן מעג מען אפילו אַ שם הויה אָבמעקען! ובפרט אַזעלכע דקדוקי סופרים...

"קליינינקייטען"? — האָט גדליה אויסגעשריגען, מיט אַ פּאָר אויסגעסטאַרטשעטע אויגען און מיט אַ גיפּטיגען לאַך — נו, נו, היינט געפֿעלט איהר ניט דיין מקוה, מאָרגען וועט זי לאַכען פֿון דיינע זמירות און איבערמאָרגען — וועט זי דיר זאָגען חסרונות אויף רבי'ן, און ווייטער, ווייטער, ביז זי וועט דיך טרייבען, זאָלסט געהן קויפֿען אַ מעסטעל תבואה אויפֿ'ן מאַרק!... אודאי ביסטו אויף אַ שענעם גראַד!..."

— נו, וואָזשע מיינסטו, גדליה — זאָגט פֿרויקע ווי מיט אַן איינשטעלעניש — ס'איז אפשר שלעכט, אַז מ'ווייסט אי דאָס אי יענץ...? זאָגט דאָך די משנה „טוב תורה עם דרך ארץ" — פֿון אַ מעסטעל תבואה קויפֿען ווערט מען מיט דער צייט אַ סוחר — איז זשע דען ניטאָ אונטער חסידים גאַנץ פֿיינע בכבוד'ע סוחרים? איך זאָל נאָר אַזוי פֿיל יאָהרען לעבען אין נחת, רבונו של עולם! — אָט קוק אָן כאָטש אָהרעלע ר' שמואל'ס איידעם, כ'לעבען, ער זאָל נאָר וועלען — וואָלט דאָך איהם זיין שווער באהבה געגעבען אייביגע קעסט — פּריטאָם, זעהסטו דאָך, ווי ער האָרעוועט יום ולילה אין געשעפֿט, פֿאָרט אַרום, קויפֿט אויף תבואות ביי די פּריצים, דינגט פֿוהרען — און ווען ער האָט נאָר צייט, מהכי תיתי, קוקט ער אין אַ ספר אַריין אויך, און לערענט אַ בלאַט גמרא אויך, און איז צווישען חסידים זעהר אַ טייערער יונגערמאַן!

איך האָב מיך פֿיינד צו נאַרען, גדליה דאָס איז דען אַ תכלית, אויף צו זיין אין קלויז און בראָטען קאַרטאָפֿליעס? — ס'איז נאָך גוט וואָס די שווינער גיט דערווייל קעסט; זי איז דאָך אָבער שוין ניט קיין יונג מענטש..: נו, וואָס וועט זיין

שפעטער!... הער נאָר אויס, גדליה! כ׳לעבען, מ׳האָט די ווייבער אויך ניט וואָס חושד צו זיין! אַז מ׳וויל זיך נאָר גוט בעקלערען, ווערען זיי געננוג אויסגעריסען ביי אונז! און וואָס? זיי וועלען האָבען עולם־הבא פון אונזער העפען אין איינע תחתונים ביים רבי׳נס מלוה־מלכה?... איך וויים ניט, כ׳לעבען! נישמעהר וואָס דערנאָך וועט שוין זיין — דערווייל וויל זי מיט די קינדערלעך געבעך עסען; אַ פּאָר שיך דאַרף זי אויך האָבען, און כאָטש אַמאָל אין אַ יאָהר, עפּעס אַ שטיקעל מלבוש, — נאַקעט קען מען דאָך פאָרט ניט געהן!... און אָ דאָס אַלעס וועלען זיי, פון מקואות און מלוה מלכות, געוויס ניט האָבען! אַז אויף מיר איז פּאַק אַ שמחה, אַז איך טאַנץ אַזש אין איינע תחתונים — וועט זי דערמיט זאַט זיין?... ניין, כ׳לעבען!

„אַ־אַ־אַ, פרויקע! — זאָגט גדליה מיט אַ פערביסענער גיפטיגער מינע — שנייטסטו זיך אַ פּנים, אויף דעם בערלינער דרך!... דער מאַן זאָל האָרעווען און דאָס ווייב זאָל זיצען אין דער היים ווי אַ פּריצה!... נו, נו! טאָמער וואָלסטו איהר שוין טאַקע בעצייטענס צוגענומען אַ דינסט אויך, זי זאָל זיך ניט איינריכטען די הענטלעך ביים פריפּעטשיק... האַ?...

— אוי, אוי, אוי, — זאָגט פרויקע בעהאַרצט — איך זאָל נאָר האָבען פאַר עפּעס — וואָלט איך איהר אודאי מיט אַלע כבוד׳ן צוגענומען אַ דינסט! — די הייליגע גמרא זאָגט דען ניט „חייב אדם לכבד את אשתו יותר מגופו“? שאַ, שאַ, גדליה, דער רבי איז דאָך אַ צדיק יסוד עולם, אַ יאָ? בודאי ניט פון די בערלינער, להבדיל באלף אלפי אלפים הבדלות! — נו פיהרט ער דען ניט די רבי׳צען ווי אַ מאָנאַרכינע — האַ? — איך זאָל עס נאָר דערלעבען זעהן, אָהן איהר שאָדען, אַ טויזענד חלק אויף מיין ווייב, רבונו של עולם!...

„האַ, האַ, האַ! — האָט נדליה אויסגעשאָסען אַ גיפּטיגען לאַך, ווי דער בכור שטן אַליין — אָ דו שייגעץ איינער! דו אַר־צע פליאַסקע, עזות־מחוצף־פנים איינער! דו גלייכסט זיך צום רבי'ן להבדיל, און דיין יפהפיה — צו דער רבי'צען!?... אַ זאַסיע, דו אַפּיקורס איינער! איך וועל דיר שוין ווייזען, שייגעץ, ווער עלטער איז!...“ און ביי די ווערטער האָט ער אָנגעמאַכט אַ ליאַרם צווישען אַלע אין קלויז אזוי, אַז מ'האָט באַלד פאַרויקע'ן אַריבערגעלעגט איבער'ן טיש, און מ'האָט איהם אַריינגעוואָרפען אפשר אַ מאה הייסע פּאַנטאָפּעל, און פון דער מינוט האָב איך מיך איינגעקויפט אין דער חברה, און בין געוואָרען דער גלאַוו־נער שאַלאַטען שמש ביי די סקאַרבאָווע בחורים...

## יב

## מײַנע חפצית אין קלויז מאַכען מיר אַ שם בײַ לײַטען און כלות רעדט מען מיר פֿון אַלע זײַטען!

דאָס ערשטע שליחות מײַנס איז געווען אויף אַזאַ אופן: אַן אַלטער סקאַרבאָווער בחור, אַפֿשר פֿון אַ יאָהר אַכצעהן... רופֿט מיך פּלוצים אַזוי צו און פֿרעגט מיך: דו ווייסט, וואו טרײַנע די סעדעכע וואוינט?"

„יאָ, — האָב איך געענטפֿערט — איך ווייס!" — טאָ געה זשע צו טרײַנען אַהיים — זאָגט דער בחור — און זעה, אויב קײנער איז דאָרט ניטאָ אין שטוב חוץ איהר מײדעל, זאָלסטו איהר זאָגען — ס'הייסט דעם מײדעל — אַז זי זאָל די מינוט ברענגען עפּעל אין קלויז אַרײַן; און אויב די מוטער וועט יאָ זײַן אין דער היים—זאָלסטו גאָרניט זאָגען מכח עפּעל, נאָר זאָלסט זיך בריה'ש אויסדרעהען... דו פֿערשטעהסט, צי ניין?..." — „אָ! איך פֿערשטעה זעהר גוט! — האָב איך געענטפֿערט — איך וועל זאָגען טרײַנען, זי זאָל אָבשפּרעכען דער מאַמע מײַנער אַן עין־הרע..." — פּלאות, בנאמנות — האָט דער בחור אויסגעשריגען מיט אַ פֿערביסען שמייכעלע — ביסט אַ מאָלאָדעץ! נו געה זשע און מאַך קײן פֿלעק!"... אַז איך בין שוין געווען פֿון יענער זײַט טיהר, איז ער מיר נאָכגעלאָפֿען און האָט מיר נאָכגעשריגען אויף אַ פֿערדומפּען קול: אַז דו וועסט זעהען, זי געהט שוין מיט די עפּעל — זאָלסטו אַרײַנ־נעהן צום ריך, און איהם פֿרעגען פֿון מײַנעטוועגען: ווען מען הייבט אָן זאָגען „טל ומטר"?... גיכער זשע געה וואָ־רעם די חברה וועלען נאָך אָנקומען — וועט ניט סטײַען קײן עפּעל..." איך בין אַוועקגעלאָפֿען פֿײַל אויסען בויגען, האָב 82

אַרויסגעבראָוואָדעט דאָס מיידעל מיט די עפּעל אין קלויז אַריין און אַליין בין איך אַוועקגעגאַנגען צום דין. אין אַ פערטיל שעה אַרום, אַז איך בין צוריק געקומען אין קלויז אַריין—האָב איך שוין דאָס מיידעל ניט געטראָפען, נאָר דער בחור איז געווען שטאַרק פערפאַלעט ווי אַ שניידער־יונג. פונ׳ם צעך אַרויס... און ער האָט זיך עפּעס אַזוי צוגעלאָזט צו מיר, גלייך איך וואָלט איהם אויסגעקויפט פון גוי׳עשע הענד!...

קורץ, איך בין מיט אַלע בחורים און יונגעלייטלעך געוואָרען אַ גאַנצער פאַני־בראַציע: זיי האָבען מיט מיר פערשטופט אַלע לעכער, און זענען שטענדיג פון מיר העכסט צופרידען געבליבען! — אַ מאָל האָט מען בעדאַרפט צושניידען דעם נבאי׳ס סדור אויף לאָקשען, אַ מאָל דעם טאָלנער מלמד׳ס שטענדער צוברעכען; דאָנערשטאָג, ביים אויף־זיין ביי נאַכט, האט מען בעדאַרפט גנבה׳נען באַרען, קאַוועגעס, צי דיניעס ביי די גוי׳עשע פערקופקעס; אַ מאָל אַריינוואַרפען איינעם דאָס אָנטוהן אין מקוה אַריין, צונויפקניפען די טליתים בעת שטעהן שמונה־עשרה, וכדומה... און צו אַלעמען בין איך געווען אַ כוואַט... אויף איין זאַך נאָר וועל איך אייביג חרטה האָבען — נאָר ס׳איז שוין פערפאַלען: די חברה האָט זיך אַמאָל, אין אַ דאָנערשטאָג ביינאַכט, פערלעגט, מ׳זאָל אָבטוהן אַ שפּיצעל דעם אַלטען לייבצי ר׳ נפתלי׳ס, דערפאַר, וואָס ער לאָזט ניט רעדען ביים דאַווענען... האָבען זיי זיך מישב געווען סאַמע ביי חצות, ווען לייבצי קומט תמיד אין קלויז אַריין — און האָבען מיך אָנגעטוהן אין אַ טלית מיט אַ קיטעל איבער קאָפּ, האָבען מיך אַנידערגעשטעלט אויפ׳ן בעלעמער, און מיר געגעבען אַ שופר אין די הענד און האָבען מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל שטעהן אויסגעצויגען ווי אַ מת, און ווי לייבצי וועט זיך

נאָר יאָווען אויף דער שוועל — זאָל איך אַ בלאָז טוהן מיט'ן שופר און אַראָבשפּרינגען פוּנ'ם בעלעמער גלייך אויף איהם אַרויף... כך הוה: זיי האָבען אַלע ליכט פערלאָשען, אַ הוין אַ קאָנעצעל אונטערן עמוד, און ווי לייבצי האָט זיך נאָר גע־יאָוועט — און איך האָב אָבגעמאַכט די קונץ — איז ער באַלד געפאַלען, און חלשות, געבליבען! — מיר זענען זיך אַלע באַלד צולאָפען פון קלויז, און ערשט צום טאָג האָט מען איהם קוים מיט צרות און דאָקטוירים, אָבגעראַטעוועט. נאָר ער האָט דעם שרעק ניט געקענט איבערטראָגען און, נאָך אַ צוויי חדשים'דיי־גער מסוכנ'ער קרענק, איז ער געשטאָרבען...

נישמעהר, וואָס דאַרף איך צרות האָבען דערפון, אַז איך וויים אַז אין קלויז האָט זיך עפּעס בעסערס דערפון אָבגעטוהן, און קיין האָן האָט דערפון קיין קרעה ניט געטוהן... דערווייל בין איך אין קלויז אַ כל ולך, און די חברה לעקען פון מיר די פינגער!... בינו לבינו בין איך געוואָרען אַ בחור פון עלף יאָהר און שדכנים פון אַלע זייטען שלאָגען ממש אָב די טירעןביים טאַטען! — דער קומט מיט אַ שדוך פון שטינקע־וויץ: אַ מיידעל פון אַ יאָהר נייך, נאָר אַ בלינדע אויף אַן אויג, קיין נדן איז ניטאָ אַ גראָשען, נאָר וואָס דען? — זאָגט דער שדכן—: דער מחותן האָט בירושה פון גרויסען ר' גאָדרין זיינע אַ פּאָר פּאַנטאָפעל, פאַר וועלכע אַלטע חסידים האָבען איהם שוין געוואָלט גיבען דרייסיג רויטע רענדלעך, און ער הערט עס אַפילו ניט אין דער לינקער פּיאַטע... אַצינד וויל ער איין פּאַנטאָפעל איינלעגען נדן, און דעם אַנדערען פערזעצען אויף הלבשה און הוצאות־החתונה, אָבער בתנאי, אַז דער חתן איז איהם מחויב אויסצולעזען, און טאָר זיי ביידע אייביג ניט פער־קויפען פאַר כל הון דעלמא! — דער טאַטע איז שוין אַפילו

באַלד מוסכם געוואָרען, נאָר די מאַמע האָט זיך שוין דאָ אַרויסגעשטעלט פֿאַר'ן עזות־פּנים און האָט געזאָגט, אַז בלוט זאָל דאָ אפּילו פֿערגאָסען ווערען, וועט דאָס קיין שדוך ניט זיין!

אַ צווייטער שדכן האָט פֿאָרגעשטעלט אַ שדוך פֿון טראָסקעוויצע, אַ מיידעל פֿון אַ יאָהר אַכצעהן—ניינצעהן, אַ יתומה אָהן אַ טאַטען, אַ ווילדע מיוחסת. געלד האט זי אויך ניט, נאָר אַ גאַרדעראָבע—בגדי־מלכות! דהיינו זי האָט גע'ירש'נט דער קאָלאָטשקאָווער רבי'צענס אַ וואַטאָווע לייבטיקענאַשעל אויף העקעלעך מיט אַן איילקיטענער קערטקע אין אַ פּאַסקע־לע, און אַ ברוסטוך מיט שפּאַניער האָט זי נאָך פֿון דער קאָלטענעוואַטער מגיד'קע; נאָר בתנאי, אַז דער טאַטע זאָל בעצאָלען דאָס שניידער־געלד פּאַר'ן איבערנ'ייען אויף איהר מאָס, און דערפֿאַר וועט מען מיר שיקען אַ מתנה דעם פֿאָטערס אַ פּאָר רבינו תמ'ס־תפֿילין, וואָס ער האָט זיי נאָך פֿונ'ם דרע־ליוועקער סופר זצ"ל. דעם טאַטען איז דער שדוך זעהר שטאַרק געפֿעלען, נאָר ער האָט פּשוט ניט געהאַט צו בעצאָהלען דערווייל דאָס שניידערגעלד...

אַמאָל, ווי איך זיץ מיר אַזוי אין קלייזעל און שפּיעל אַ ציגען־וואָלף, קומט צולויפֿען מיין ברודערל פֿערסאַפּעט און טראָגט מיט זיך דעם טאַטענס שבת'דיגע זשופּעצע „נאַ — זאָגט ער מיר — טוה זיך אָן גיכער און קום אַהיים, וואָרעם ס'איז געקומען אַ שדכן מיט אַ פּרוווער דיך פֿערהערען!"... עס העלפֿט ניט, מ'מוז געהן! נאָר ווי אַזוי איך האָב מיך אין דער זשופּעצע פֿערשלעפּט אַהיים...? ווייסט איין גאָט דעם אמת! מיט יעדען שפּאַן האָב איך אין איהר אויסגעזעהן נאָר ווי די זשאַבע, וואָס שטעקט אַרויס די פֿיסלעך פֿון דער טשערעפּע־

כע אַרויס... איך בין יאַקאָש געקומען אַהיים, און ווי איך בין נאָר אַריין אין שטוב, מאַכט אַזוי דער פּרוּוער צום טאַטען: „אָט דאָ איז אייער יונגעל?" — „יאָ" זאָגט דער טאַטע. „אַזוי?" זאָגט דער פּרוּוער, און אומקערענדיג זיך צו מיר, האָט ער מיך שוין אַ פרעג געטוהן: „וואָזשע פאַר אַ מסכתא לערנסטו היינט?" — איך האָב איהם אַזוי געקענט געפינען אַ תרוץ אויף זיין קשיא, פּונקט ווי דער סאָלדאַט, וואָס קריכענדיג אויפ'ן בוידעם עפּעס צו גנב'נען, פאַלט פלוצים אין סוכה אַריין, און מ'פרעגט איהם „טשטאָ טעביע נאַדאָ?"... קוים מיט צרות האָב איך מיך דערמאָהנט, וואָס איך האָב נאָך פאַר פיר יאָהרען געלערנט אין חדר, און האָב איהם אין איין אַנגסטען געענט־פערט: „איך לערן מסכתא שבת" — „אַ נו — זאָגט ער — וויין נאָר אַהער די גמרא!"—איך בין ווי אַ פּריטשמעלעטער אַוועק־געגאַנגען נאָך דער גמרא, און אונטערוויילכעץ האָב איך געהערט ווי דער שדכן בייזערט זיך אַ ביסעל אויף דעם פריוועך, פּאַר וואָס ער שלאָגט מיר אַזוי ראַפּטום אין קאָפּ אַריין? דאָס האָט מיר זעהר גוט גענוצט... און ברענגענדיג די גמרא, האָב איך אָנגעהויבען קוקען אויפ'ן שדכן מיט אַ רחמנות פּנים, ווי אַ נעבעכעל... (איך האָב דעמאָלט קיין שכל ניט געהאַט צו בערעכענן, אַז דער שדכן מיינט ניט אַזוי מיך, ווי דאָס שדכנות געלד...) דער פּרוּוער האָט אַ עפען געטוהן די גמרא, און ס'האָט זיך אַ עפען געטוהן די משנה „כירה שהסיקוה בקש ובגבבה" — דער שדכן האָט אַ קוק געטוהן אויף מיר, אַז איך בין טויט ווי די וואַנד, האָט ער אַ כאַפּ געטוהן פאַר מיר: „נו זאָג מיין קינד: כירה שהסיקוה בקש ובגבבה—אַן אויוועך, וואָס מ'האָט איהם פריטאָג אויסגעהייצט מיט שטרוי און מיט שפּענד־לעך—" — ווי דער שדכן האָט נאָר אויסגערעדט די עטליכע

װערטער, האָט איהם שוין דער פּרוּװער אַ כאַפּ געטוּהן אויפ׳ן באָם מיט אַזאַ קלאָץ־קשיא, אַז ער איז געבליבען שטעהן, כאָטש מען לק איהם אויס... אָ דאָ האָט זיך עם דער טאַטע אַריינגעמישט אין דער מיט, און צווישען די דריי איז געוואָרען אַ געקוועטשעריי מיט אַ געדרינגעריי, מיט אַ מין טיצען די גרויסע פינגער אין אַלע זייטען, אַז אין דעם געטומעל, האָט מען גאָר להלוטין פערגעסען אין מיר... דער פּרוּװער שטופּט דעם גראָבען פינגער אַרויף און שרייט „אָ דאָס איז דער קוועטש פון דער משנה!“... דער טאַטע קוועטשט דעם אייגענעם פינגער אַראָב און לעגט גאָר איין די וועלט: „סטייטש, איז דאָך די קשיא די מציעתא!...“ און דער שדכן ציהט אויס אַלע פיר לאַנגע פינגער ווי אַ באָבע און דרינגט אויס „פּונקט קאַפּויער“ איז דאָך דער חתן גערעכט!...“ בינו לבינו האָב איך אויך עפּעס אַריינגעוואָרפען אַ וואָרט, און בין געבליבען דאָס „וואויל יונגעל...“ און מ׳האָט געמאַכט אַ וואָרט... נדן האָט מען צוגעזאָגט פופציג רו״כ באופן, אַז האַלב זאָל מען משליש זיין תיכף אחר החופה... און די אַנדערע העלפט — נאָכ׳ן ברית, אם ירצה השם... מתנות האָט מען מיר שוין געבראַכט גרייטע, היינו: דעם אַלטען ר׳ אייבישס אַ פוקסען מיצעלע, וועלכעס די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז ס׳איז אַכצעהן יאָהר נאָך ר׳ אייבישס פטירה, אַליין אַרומגעקראָכען אויפ׳ן טיש... (די לצני־הדור האָבען אפילו געזאָגט, אַז ס׳איז אָנגעשלאָגען געוועז מיט לעבעדיג היל פון דער דריטער מכה... גישמעהר ווער פרעגט אויף די אפיקורסים)... און אן אַלטען צעטיפּעטען גאַרטעל, נאָך פונ׳ם גרויסען מגיד זצ״ל... חוץ לזה האָבען זיי געבראַכט פונ׳ם מחותן אַליין אַ יחוס בריף, אַז ער איז שוין צווייאונפופציג דורות כסדר פון לויטער

מקבלים... אויף דער כלה האָט מען ניט אָנגעהויבען פֿרעגען, אַז ס'איז שוין כּלל גאָרניט גויטיג געווען דאָס איבעריגע... און אַזוי בין איך, צו מזל, אַ חתן געוואָרען פֿון קראָקעדילעווקע!"
— די חתונה האָט מען אָבגעלעגט אויף צוויי יאָהר, זי זאָל אויסקומען אין איינעם מיט דער בר־מצוה, כּדי איך זאָל שוין אַריין אין די תּפילין מיט'ן טלית אינאיינעם...

## יג

## דער טיטול „חתן" הייבט מיר מיין מח, איך בין כל ולך און פֿערדין שוין געלד אויך!

אַצינד בין איך שוין אַ פֿאָלנער מענטש! איך טרעט שוין אַריין אין צעטעל פֿון אַלע סטאַטסקע, סקאַרבאָווע בחורים און האָב שוין בעקומען די אַלע פּראַוועס וואָס זיי, למשל: אָוועקשיקען אַ ש"ס־גמרא פֿון דער קלויז אין שענק אַריין אַ משכון פֿאַר אַ שקאַליק בראָנפֿען; אַרומגעהן מיט אַ פּאַפּיראָס אין מויל ווען דער גאַנצער עולם שפּרינגט קדושה; וואַרפֿען דעם שמש די שמאַטע פֿונ'ם קוימען אין פּנים אַריין; אונטערשלאָגען אַ בחור די הענד בעת תּפילין לעגען, ער זאָל אַראָבלאָזען אַ תּפֿיל, כּדי ער זאָל דאַרפֿען פֿאַסטען, אָדער זיך אויסלעזען מיט אַ האַלבער אָקע בראָנפֿען... איינטונקען אַ יאַרמאָלקע אין וואַסער מיט סאַזשע און אויסשמירען אַ שטאָדט־בעל־הבית דאָס פּנים, צושטעלען ביינאַכט אַ פּאָמעניצע מיט אַ קאָטשערע ביי דער טיהר, כּדי דער דין זאָל זיך נהרג'ן ביים אַריינגעהן אין קלויז; אום תּשעה־באב וואַרפֿען בוזיקעס אַלטע יודען אין די בערד אַריין; הושענה־רבא וואַרפֿען די אָבגעשלאָגענע הושענות גלייך אין דער פּאָהן, וואָס אין מזרח־וואַנד, און נאָך אַזעלכע טויזענדער פּראַוועס... היינט בין איך שוין געוואָרען אין עסקן־במצות; אַלע פֿרייטאָג בין איך, מיט אַ סטאַטסקי בחור, אַרומגעגאַנגען אין שטאָדט נאָך נדבות. וויפֿיל מיר האָבען געמאַכט האָבען מיר אָבגעגעבען דעם סטאַרשע, סקאַרבאָווע בחור, וועלכער האט זיך דערמיט שוין מתעסק געווען נאך זיין חות־דעת נאָך... נאָר דאָס ווייס איך, אַז ווען ס'איז ניט געווען קיין ביסעל תּקון אין אַ יומא־דפּגרא

למשל: פורים־קטן, פסח־שני, זאת־חנוכה, כ״ט כסליו, חמשה־עשר־בשבט, ל״ג בעומר, כ׳ סיון, חמשה־עשר־באב, די נשיאים, וכדומה — פלעגט ער קויפן תקון פון די נדבות־געלטען... אויך ביי א גרויסער גויט, האט ער מיט דעם געלד אַרויסגעהאָלפן, למשל: אַז חברה האָבען זיך צעשלאָגען און האָבען צובראָכען אַ טאָפליע אין קלויז, צי אַן אַנדער שאָדען געמאַכט... אַז אַ בייזע סעדעכע האָט באין אופן ניט געוואָלט אָבטרעטען פון דעם קלויז, ביז מ׳זאָל איהר, אָהן אַ תרוץ בעצאָהלען פאַר די גנבה׳שה קאַוועגעס ביינאַכט... אַז ס׳איז שוין געווען אסתר תענית נאָך מנחה, און מ׳מוז שוין, אָהן תרוץ, אויסלעזען די פערזעצטע מגילה אין שענק... אַז אַן ערלית האָט זיך אַרומגעטראָגען אויף אַ מאַרק־טאָג מיט אַ בחור׳ס אַ טלית־קטן צי אַ יאַרמאָלקע, צו פערקויפען... וכדומה אַזעלכע קלויזנער טיינעס ווי עס שמעקט מיט אַן עין־הרע... אָדער חלול־השם... אַזוי האָב איך פרעהליך און טומעלדיג פערבראַכט די צייט ביז ראש חודש ניסן.

ראש חודש ניסן האָבען מיר, קלויזנער בחורים, זיך אָנגעהויבען פערזאָרגען מיט לאָפעטקעלעך אויף שמורה־קלויבען. אַלע יראים ושלמים אין שטאָדט פלעגען ברענגען זייערע טאָרבעלעך מצה־שמורה־ווייץ מיט דער מאָס און וואָג און מיט סמנים אויף די טאָרבעלעך, וועמען יעדעס געהער. און איטליכער בחור האָט אויף זיך גענומען איבערצוקלויבען ניט ווייניגער פון אַ טאָפ שמורה אַ טאָג. אויף די לעצטע צוויי טעג איז אויף מיר אויסגעקומען צו קלויבען דעם דינ׳ס צוויי טעפ שמירה, במקה אַ גראָשען פאַר יעדער ציבולקע און צוויי גראָשען פאַר יעדען זריסט. אינ׳ם דינ׳ס שמורה האָב איך אויסגעקליבען הונדערט און צווייאונצוואַנציג ציבולקעס און זעכצעהן זריסטען —

איז מיר נמצא, פֿון איהם געקומען הונדערט און פֿיראונ־
פֿופֿציג גראָשען. איך בין מלא שמחה געלאָפֿען מיט דער
כשר'ער מציאה צום דין אַ היים, איך זאָל שוין בעקומען מיין
שכר... און ווי איך האָב איהם שוין אָבגעצעהלט די ציבולקעס
מיט די זריסטען — האָט ער זיך מיט אַ פֿערביסענעם שמייכעל
צובייזערט אויף מיר: „אָ דו קונדעס איינער, ביי מיר ווילסטו
אויסנאַרען געלד אומזיסט!?... אַ נו, צעהל נאָך אַ מאָל אי־
בער!" איך האָב נאָך אַמאָל געצעהלט, און ער בייזערט זיך
אַלץ און הייסט אַלץ נאָך אַמאָל צעהלען... קורץ איך האָב
אפשר אַמאָל צעהן איבערגעצעהלט פֿון מיין האַנד אין זיין
האַנד אַריין, (זאָל איך זאָגען, אַז דאָס האָט ער אַלץ אונמישנע
דורכגעלאָזט דורך די פֿינגער אַ סך זערענעם, באופן איך זאָל
ניט בעמערקען?...) ביז צום לעצטען מאָל איז אינגאַנצען
אויסגעקומען בסך הכל פֿופֿציג ציבולקעס מיט דריי זריסטען
און פֿון דעם מספר וויל ער מיר נאָך נלאַט אָברייסען עטליכע
גראָשען... מיך האָט עס פשוט אָנגענומען ביים האַרצען, און
איך האָב שוין נאָר וואָס געוואָלט אַפּירנעמען מיין עזות־פנים
— פלוצים רוקט זיך פֿון אַלקערעל אַרויס אַ גרויסער ספּאָדיק,
אונטער וועלכען עס שיינט אַרויס אַ פנימ'ל ווי אַ פֿייג... איך
פֿרעג דעם דין: ווער איז דאָס? — זאָגט ער מיר: דאָס איז
אַ בעל־שמ'סקי אייניקעל; ער פֿאָהרט נעבעך אַרום אויף חתונה
מאַכען זיינע אַ בת יחידה, מיט'ן רבי'ן ר' מלך'ס אייניקעל, נאָר
אַ צאַצקע, אַ יונגערמאַן!" — דאָס אייניקעל איז צוגעקומען צום
טיש, און מאַכט אַזוי מיט אַ זלידניש שמייכעלע: „הערט אויס
ר' צמח סערצע, איהר דאַרפֿט זיך מיט דעם בחור'ל גאָרניט
שפּאַרען! דאָס בחור'ל זאָגט, אַז ער האָט אין אייער שמורה
אויסגעקליבען הונדערט און צוויי־און־צוואַנציג ציבולקעס מיט

זעכצעהן זריסטען, איי, איי, מרא דעלמא כלא! איהר זענט דאָך, ר׳ צמח, גאָר פֿון די גרויסע חשובים ביי קודשא־בריך־הוא. אין דעם מספר זעהט מען בעשיינפערלעך ווי די השגחה עליונה בעהיט אייך פון אַ משהו חמץ אום פסח, און איז נאָך מרמז, אַז דאָס מיינט זי טאַקע בפרוש גאָר אייך! אוי, לעבעדיגער פֿאָטער! איי, איי, איי! נו, יאָ, נו, אַזוי איז דאָס טאַקי: הונדערט צווייאונצוואַנציג איז טאַקע בגמטריא „בצל״, ס׳הייסט די ציבולקעס, און אינאיינעם מיט די זעכצען זריסטען איז דאָס בגמטריא „צמח״, צמח הייסט אַ זריסט, און צמח איז טאַקע אייער נאָמען.. היינט איז דאָך „צמח״ די אותיות „חמיץ״ איי, איי, איי, גבורות הבורא ברוך הוא! דער אייבערשטער אַליין בעהיט צמח׳ן פֿון אַ משהו חמץ!... וואָס פֿאַר אַ זכיה איהר האָט ר׳ צמח סערצע, דורך דעם דאָזיגען בחור׳ל! — גיט זשע איהם אָב, ר׳ צמח סערצע, וואָס איהם קומט, און ער וועט מיר געבען צוויי מאָל ח״י גדולים אויף מיין הכנסת־כלה...״ מיר איז דער גינציגער רמז זעהר געפֿעלען און דער דין האָט נעבעך בחרפות־בושה מיר געמוזט אָבגעבען אינגאַנצען מיין געלד, פֿון וועלכען איך האָב בשמחה רבה אַוועקגעגעבען דעם אייניקעל די ב׳ פעמים ח״י, און בין געלאָפֿען אַהיים מיט אַזאַ שמחה און אַזוי פֿערטיפֿט אין מיין ביסעל מינץ, אַז שוין כמעט ביי אונזער שטוב האָב איך מיך, פֿון אימפעט אָנגעשלאָגען מיט׳ן בויך אין אַ דישעל, אַז איך האָב שיער גע־טריסנעט אויפ׳ן אָרט, און ערשט אין אַ צעהן מינוט אַרום האָב איך מיך ספאָמיענעט און האָב דערזעהן עפעס אַ דראָבינע מיט אַ קליאַטשע לעבען אונזער טיהר... און אין דער מינוט האָב איך דערהערט דער מאַמעס קול פֿון דער שטוב אַרויס: „אי־צעקעל, איצעקעל! קום גיכער אין שטוב אַריין!״ — אין שטוב

האָט מיר די מאַמע מודיע געווען, אַז דאָס האָט מען געשיקט נאָך מיר פֿון קראָקאָדילעווקע אַ פֿוהר מ'זאָל מיך נעמען צו דער כלה אויף פּסח... „אָט אָ די דראַבינע?" האָב איך נאָר וואָס אויסגערעדט, האָט זיך פֿונ'ם טאַטענס אַלקערעל, געיאַ־ וועט עפּעס אַן אַלטער ייִד מיט אַ בייטש אין דער האַנד און מאַכט אַזוי צו מיר, ווי איינער קרימט זיך נאָך: „אַזוי חתנ'יו „אַ דראַבינע" זאָגסטו? — געפֿעלט דיר אודאי ניט, האַ? — זאָלסט אָבער וויסן מיט וויפֿיל צרות די דראַבינע איז אָנגעקומען ביי אַזאַ סלאָטע אין דרויסן? אַ גליק, וואָס דעם לעהרערס ווייב האָט אַ מיתה־משונה איינ־ גענומען — ווייטער וואָלט אָ די דראַבינע אויך ניט געווען!" „וואָס קעהר זיך אָן בוידעם מיט לאָקש" האָט איהם די מאַמע געפֿרעגט. „עס קעהר זיך משונה אָן! — זאָגט דער אַלטער — וויל זי איז געווען מחילה אַ נרויסע הולטייקע, איז תמיד גע־ גאַנגען מיט די אייגענע האָר און איהרע שרצים קיינמאָל ניט גערופֿען קיין יודישע נעמען, נאָר „מאַר־ קוס" און „פּיפּע" און „ליזע" און „קלאַרע", אפילו דעם ימח־שמו'ניק האָט זי אויך גערופֿען „וויקטאָר"... און נאָך אַזעל־ כע שענע חפצות... — אודאי, דער וואָס לעבט אייביג האָט אַ נס געטוהן, וואָס זי האָט פּלוצים אַ מיתה משונה איינגענומען — האָט קיין שום קרעמער ניט געוואָלט פֿערקויפֿען קיין שוועביש איהר אויף תכריכים; זיי זאָגען, אַז זי איז ניט קראַנק צוליגען אין אַ רעדנע... אודאי האָט דער זיסער מאַן איהרער געמוזט דינגען אַ פֿוהר און שיקען אַהער, קיין וצוני, נאָך תכריכים, און דערווייל איז דעם מחותן געראָטען מיך צושיקען, אין איין וועגס, נאָך דיר חתנ'יו, אויף יום טוב... פֿערשטעהסטו שוין, וואָס פֿאַר

אַ דראַבינע דאָס איז?... דאָס איז אַ..." נאָר איידער ער האָט אויסגערעדט דאָס איבעריגע, האָט מיך דער טאַטע פּלוצים אַרויף געטוהן צו זיך אין אַלקער אַריין און איך האָב געמוזט די מינוט אַוועקגעהן.

יד

## צו אַמענשען, וואָס שרייבט לשון קודש אַזוי זיס, מעג מען שוין לויפען, כ'לעבען אפילו צופּים!

אַריינקומענדיג צום טאַטען, האָב איך איהם געטראָפען זיצענדיג איבער אַ בריף, און ווי ער האָט מיך דערזעהן, האָט ער מיך אַ כאַפּ געטוהן ביים אַרבעל מיט די ווערטער: „נאַ פּראָפּעס, זעה אַ לשון קודש־בריף פון'ם מחותן זאָל לעבען, אַז ס'איז מיר נאָר אַ חרפה, אַ בושה, דיך צו שיקען צו אַזאַ למדן מופלג בתורה, ווי ער איז, אַז איך ווייס וואָס פאַר אַן עם־הארץ דאוריתא דו ביסט, אַז דו קענסט אַפּילו קיין יודיש וואָרט ניט אָנשרייבען ווי מ'דאַרף! — „וואָזשע בין איך שולדיג? — האָב איך אין פּלאַטערניש, געענטפערט דעם טאַטען — האָסטו מיך געזאָלט אָבגעבען צו יעקעל, דעם לעהרער, וואָלט איך אויך געקענט גלייך מיט אַנדערע יונגעלעך...“ — „צו יעקעלע'ן! — האָט דער טאַטע אַ געשריי געטוהן ניט מיט זיין קול — אָ דיר אַכציג שוואַרצע יאָהר! — צו יעקעלע'ן זאָגסטו? זאָלסט געווען ווערען אַזאַ תכשיט ווי ער, האַ?... זאָלסט אויך, ווי ער, געהן מיט אַ קודלע פון אונטען, און שבת אין שוהל אַריין מיט געוועקסעלטע שטיוועל און מיט אַ טלית'ל אויפ'ן האַלז, ווי אַ שאַרפע? האַ?... זאָלסט אפשר אויך טראָגען לאַנגע פאַנטאַלאָנעס מיט קורצע פּאה'קעלעך, אַ היטעל מיט אַ דאַשעק און צוגעבונדען דעם האַלז ווי אַ כאָרט!... יעקעלען וואָלסטו געוואָלט, דו פּראָפּעס איינער, אָ דיר אַכציג שוואַרצע יאָהר!...“ — „נו — האָסטו מיך אַליין געזאָלט לערנען שרייבען...“ — „איך!? — האָט ער אַ געשריי געטוהן מיט רציחה — איך בין אַ שרייבער?! מיינע אבות אבותינו זענען קיין

שרייבערס ניט געווען! נאָר וואָס דען? — וויפיל אַ יוד דאַרף — האָבען זיי עס אויסגעלערנט פון זיך זעלבערט, און איך אויך דאָס אייגענע... פאַרוואָס זשע האָסטו זיך, פּראָפּעס, אויך ניט געזעהן אויסלערנען פון זיך אַליין?..." — אפשר האָט איהר, רבותים, עפּעס אַ תּירוץ אויף אָ דער קלאָץ־קשיא, מכי־תיתי ענטפערט איהר! איך האָב אויף איהר קיין תּירוץ ניט, כאָטש דער׳הרג׳עט מיך אויפ׳ן אָרט... נאָר ווי איך בין דאָ אַזוי גע־בליבען שטעהן ווי אַ גולם מיט אויסגעגלאָנצטע אויגען — טוהט ער מיך אַ שלעפּ צום טיש, כאַפּט דאָס בריוועל אין די הענד און טוהט אַ געשריי: „הער, פּראָפּעס! לאָמיך דיר כאָטש אי־בערלייענען זיין בריף, טאָמער וועסטו זיך כאָטש אַ מוסר נעהמען דערפון, און וועסט זיך אויך סטאַרען עפּעס צו קענען..." און מיט די ווערטער האָט ער מיר אָנגעהויבען לייענען דעם מחותנ׳ס בריף, פון וועלכען איך בין אַזוי נתפּעל געוואָרען, אַז נאָך עד היום שטעהן מיר די ווערטער פאַר די אויגען אות באות, פון אל׳ף ביז ת״ו... און ס׳איז כדאי, בנאמנות, מפרסם צו מאַכען אַזאַ טייערען דאָקומענט — לאָזען די דייטשונצעס, די גע־בולבעטע זעהן, ווי אַזוי, אהן זייערע רקרוק און אָהן זייערע לעהרערס קען מען קומען צו אַזאַ הויך לשון קודש, אַז זיי אַליין מעגען זיך נאָך לערנען ביי די חסידים אַזאַ טייערען סגנון שרייבען, מיט אַזאַ זיס אָויסלענעכץ!... אָט איז די בריף אות באות:

ב״ה יום ד׳ פרשה צו פה ק״ק קראָקעדילעווקע.

אֶל יַד מְחוּתָּנֵי הַמּוּפְלָג בְּתוֹרָה וּבְיִרְאָה, וָותִיק וְחָסִיד, כש״ת מו״ה יָאסְקִי נ״י. אֲנִי מְשַׁלֵּחַ פּה סוּסֵי־עֲגָלָה (אַ פֶּערְדֶען־וַוענֶעלע) שֶׁשְּׁלַמְתִּי לְפָנֶיךָ (וָואָס הָאב בֶּעצָאהלְט פַּאר אִיהר)

אַחַר־חֲצוֹת־צִפֳּרִים, (אַנְדֶערְהַאלְבֶּען פוֹיגֶלֶען קֶערְבְּלִיךְ —) כְּדֵי שֶׁתֵּידַעֲתֶּם, (אוּם אִיהר זָאלְט וִויסֶען) שֶׁלֹּא קִמְצַנְתָּנִי מִדַּרְכֵּי בָּתֵּי־חֲתָנִים (אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעקַארגְט פוּן מַיין טָאכְטֶערְס חָתָן ווֶעגֶען). לָכֵן נָה וָנָה, שֶׁתְּשַׁלְּחֻתֶּם לוֹ לִי (אִיהר זָאלְט מִיר אִיהם שִׁיקֶען) זֹאת רֶגַע עִם כּוּתְלֵי־מִטָּה, (מִיט'ן בֶּעטְגֶעוַואנְד) בַּאֲשֶׁר שֶׁלֹּא יֵשׁ לִי כּוּתְלֵי־מִטָּה לָתֵת לוֹ עַל שְׁכִיבָה, (וַוייל אִיךְ הָאבּ נִיט קֵיין בֶּעטְגֶעוַואנְד אִיהם צוּ גֶעבֶּען אוֹיף אַנֶעלֶעגֶער) וְדַ"ל... גַּם שֶׁלֹּא תִּשְׁכַּחְתֶּם (אִיהר זָאלְט נִיט פֶערְגֶעסֶען) עִם־לְנָתֵן עָלָיו (אִיהם מִיטצוּגִיבֶּען) אֶת הַמִּיטְצְעל שֶׁל ר' אֵייבִּישׁ זצ"ל, מִפְּנֵי בְּלַאווּ הַמִּיטְצֶעל, הוּא יִהְיוּ יֵשׁ פָּנִים כְּחוֹזֵק... (ווֶעט עֶר הָאבֶּען אַ פָּנִים ווִיא חוֹזֵק) גַּם שֶׁתְּנַתְנֶתֶּם אֶת זָקֵן מוּכַּ"ז (אִיהר זָאלְט גִיבֶּען דֶעם אַלְטֶען) טוֹב מִשְׁתֶּה יַ"שׁ בְּעַד הַדֶּרֶךְ (אַ גוּטֶען טְרוּנְק בְּרָאנְפֶען פַאר'ן וֶועג.

נְאוּם מְחוּתַּנְכֶם, אֲשֶׁר יְמִשְׁאֲלוֹתְכֶם (וואָס וִוינְשְׁט אַייךְ) כָּל טוֹב עִם הַפֶּסַח כָּשֵׁר, וְשֶׁתֶּהְיִיתְכֶם בָּרִיא עִם פְּלוֹנִיתַתְכֶם וּבֵית־בְּרִיאַכֶם, (אִיהר זָאלְט זַיין גֶעזוּנְד, מִיט אַייעֶר וַוייבּ אוּן מִיט אַייעֶר הוֹיזְגֶעזוּנְד)

שְׁרַגָּה פַייוִוישׁ בֶּן שְׁמַרְיָה כ"ץ זללה"ה.

„אָט אַ לשון קודש! — האָט דער טאטע אויסגעשריגען מיט אַ ברענענדיגען התפעלות — איך ווייס גאָר ניט בנאמנות ווי קומט עס צו אַזאַ ירא ושלם ווי ער איז?!..."

אַ קצור מ'דאַרף פאַהרען! קיין קעסטעל, קיין זאַק, קיין קלומעק איז ביי אונז, אין אונזער גאַנצען גבול ניט געוועז! וואָס טוהט מען...? נאָר די מאַמע, זאָל מאריך ימים זיין איז געפאַלען אויף אַ שכל: זי האָט אַרויסגענומען פון'ם קעלער דאָס ליידיגע פעסעל פון די געזייערטע אוגער־קעס, און האָט מיר דערינגען איינגעפאַקט דאָס גאַנצע בעטגע־

וואַנד פֿונ'ם קינד'ס וויגעלע, מיט אַלע מיינע בגדי־שבת־ויום־
טוב (איהר ווייסט דאָך זיי שוין אויסענווייניג...) מיט נאָך דאָר־
טען שאר ירקות... הכלל, אַלעס פּיקס און פֿערטיג כדבעי!
נאָר אינ'ם עיקר האָט מען גאָר פֿערגעסען: ס'טייטש און דאָס
מיצעל?! וואו איז דאָס מיצעל?... „יאָ יאָ — זאָגט דער טאַ־
טע — דאָס מיצעל!" — „דאָס מיצעל...? — זאָגט די מאַמע
— אָט וועל איך עס באַלד געהן אויסזוכען!" — „יאָ יאָ, —
זאָגט דער אַלטער — דאָס מיצעל, חתנ'יו זאָלסטו מיטנעמען!"
— „נו, מאַמע, וואו איז דאָס מיצעל?" — „נו" — שרייט דער
טאַטע — דו גיסט שוין אַמאָל דאָס מיצעל!?..." — נאַ דיר
אַ מיצעל אויף מיין קאָפּ! — זאָגט די מאַמע, זוכענדיג דאָס
מיצעל — דאַכט זיך ערשט ניט לאַנג געזעהן — און ווי אין
דער ערד אַריין דאָס מיצעל!..." „אפשר אי דאָס ערגעץ
אַוועקגעקראָכען — פֿרעגט דער אַלטער — ס'איז דאָך ר' איי־
בּיש'ס מיצעל!..." מילא מיצעל אַהין, מיצעל אַהער — ניטאָ
דאָס מיצעל! אוים מיצעל!... — (דערווייל האָט מען דאָ אָנגע־
מיצעלט פֿופֿצעהן מאָל מיצעל, און ווען דאָס בעל־שמ'סקי
אייניקעל וואָלט דאָ געווען — וואָלט ער שוין געמאַכט אַ רמז
אַז פֿופֿצעהן מאָל מיצעל אויף מספּר קטן, איז בגמטריא
„וכובע־ישועה"... און איך וואָלט איהם געזאָגט, אַז פֿופֿצעהן
מאָל מיצעל איז בגמטריא „צילינדער־הוט" מיט די אותיות...
און נמצא, אַז אַ צילינדער־הוט איז דער אמת'ער כובע ישועה!...)
פּלוצים, ווי מ'טוהט אַ קוק: דאָס מיצעל קריכט פֿונ'ם אונטערן
אויוועץ אַרוים, און די מאַמע האָט זיך געבעך געמוזט מודה
זיין, אַז נאָך אייערנעכטען האָט זי מיט'ן מיצעל צוגעדעקט
דעם פּאָרעווניק מיט סעראָוועטקע; דער טאַטע האָט זי גוט
אויסגעזידעלט דערפֿאַר, אַז זי ווערט שוין, דאַכט זיך, פֿערזאָגען

דעם צעהנטען... און מ'האָט יאַקאָש דאָס מיצעל פֿערפּאַקט אין פֿעסעל אַריין, און איך פֿאָהר שוין אין אַ גוטער שעה צו מיין כלה אויף פּסח.

פֿאָהרענדיג אויפֿ'ן וועג האָט זיך דער אַלטער שטאַרק צוגעלאָזט צו מיר און מאַכט אַזוי: ווי דו קוקסט מיך אָן חתנ'יו, בין איך אַ גאַנצער השוב אין קראָקאָדילעווקע! דאָס גאַנצע שטעטעל וואָלט פֿאַר מיר קיין זאַק באָרשט ניט גענומען! אַ יאָ, דו שמייכעלסט צו, חתנ'יו? דו האַלסט מיך פֿאַר אַ פּראָסטען שמייסער, הא?... זאָלסטו אָבער וויסען, וואָס פֿאַר אַ ראָליע איך האָב אַמאָל געשפּילט, וואָלסטו גאָר אַנדערש געקוקט אויף מיר!

— איך בין, פֿערשטעהסטו מיך, אַלע מיינע מיטעלע יאָהרען געוועזען פֿאַקטער ביים שמירעווקער דוכס און האָב געסמאַלעט וועלטען... צו צוואַנציג יאָהר האָב איך חתונה געהאַט אויפֿ'ן קראָקאָדילעווקער סבאָרשטשעקס אַ מיידעל, אַ יפת־תואר אין דער וועלט, נאָר דער אייבערשטער האָט מיך געשטראָפֿט. איך האָב מיט איהר קיין קינדער ניט געהאַט, און דאָס האָט מיך אָבגעקאָסט מיין גאַנצ'ן פֿערמעגען, וואָרעם ס'איז ניט געוועזען דער גוטער יוד, וואָס איך בין צו איהם ניט געפֿאָרען מכה קינדער, און יעדען האָב איך גענעבען מיט דער פֿולער האַנד... נאָר ס'האָט גאָרניט געהאָלפֿען! — דעם זאַדקיוועצער אַליין האָב איך איבערגעגעבען אפשר מאה פעמים ח"י רו"כ און ער האָט מיך אַלץ פֿון יאָהר אויף יאָהר אַזוי ווי מבטיח געוועזען אַ קינד — אָבער אַלץ ניט מיט'ן פֿולען מויל... מן הסתם האָט ער, מיט זיינע ליכטיגע אויגען, אַרויסגעזעהן, אַז ס'איז נאָך ניט די צייט!... איך האָב סוף כל סוף אַ קוק געטוהן, איך בין

שוין אַ ייִד פֿון אַריבער שלשים און קיין קינד איז ניטאָ — און דאָ געהן מיר פּשוט אויס פֿונ׳ם חיות נאָך אַ קינד, האָב איך מיך מישב געווען, איינמאָל איבער אַלע מאָל, און האָב גענומען מיין יפת־תואר מיט זיך, און וואַליי גלייך צום זאַדקיוועצער באופן, אַז מיר זאָלען איהם ניט אָבטרעטען, ביז ער מוז אונז געבען אַ קינד!... מיר זענען בשלום געקומען צום רבי׳ן, איך האָב איהם אַנידערגעלעגט מיין לעצט ביסעל קאַפּיטאַל אַ פּדיון י״ד פּעמים ח״י וחצי רו״כ און איך מיט מיין פּלוגית׳טע האבען זיך צורעוועט אויף אַ קול ווי קליינע קינדער: רבי! מיר וועלען אייך ניט אָבטרעטען, איהר מוזט אונז געבען אַ קינד!...״ און ביי די ווערטער זענען מיר איהם געפֿאַלען צו די פֿיס, אָבער טאַקע ווי איך זאָג דיר, חתנ׳יו, ממש צו דער ערד געפֿאַלען, אַזוי ווי איך ווייז דיר, אָט אַזוי אָ...״ און ווייזענדיג מיר זיין פֿאַלען דעמאָלט — איז ער אַזוי אַראָבגעפֿאַלען פֿון דער קעלניע און האָט זיך פֿערפּלאָנטערט אין די שלייעס, אַז נאָך אויף איין האָר, וואָלט ער צוטרעטען געוואָרען אונטער דער קליאַטשע מיט די רעדער! צום גליק האָט זיך די אַלטע קליאַטשע אויך בענוצט מיט דעם צופֿאַל, און איז אויף דער מינוט געבליבען שטעהן, און ביז דער אַלטער האָט זיך ספּאָמניענטעט און אַרויסגעראַטשקעוועט פֿון אונטערן וואָגען אַרויס, איז דערווייל דער שמועס איבערגעריסען געוואָרען אויף אַ פֿערטעל שעה, און איך, פֿון איינמידערכין מיט׳ן אַרויסהעלפֿען דעם אַלטען, בין דערווייל אַנדרימעלט געוואָרען.

טו

# לעבען און טויט איז נאָר אינ'ם רבי'ן געווענדט — נאָר דאָס אַלעס טוהט זיך דורכ'ן גבאי'ס הענד...

דורך אַ שטאַרקען סטוק מיט די רעדער איבער אַ שטיין, האָב איך מיך צודרעכעט, און דער אַלטער האָט זיך אומגעקעהרט צו זיין פריהערדיגען ספור המעשה: — „אַזוי אַזוי, התנ'יו, האָבען מיר זיך ממש מוסר נפש געווען, און דער, וואָס לעבט אייביג, האָט סוף כל סוף, רחמנות געהאַט אויף אונזערע יונגע יאָהר. דער רבי האָט אונז געהייסען אויפשטעהן; האָט פערטיפט געלייענט אונזער קוויטעל און האָט אַליין געקוקט, מיט זיינע ליכטיגע אויגען, טאָ אויף מיין פלונית'טע, טאָ אויף הלאַוונע, דעם לייב-גבאי, וואָס איז געשטאַנען ביים אַנדערן עק טישעל, ביז ער האָט זיך, ענדליך, געווענדעט צו מיר בזה הלשון: „הער זשע אוים, לעמעל! איך זעה באספקלריא המאירה, אַז דער מדת־הרחמים רייסט זיך בכל מאמצי כח צו מיר, נאָר עפּעס איז דאָ מעכב אינ'ם פדיון! אַיי, איי, איי! אוי ווּאַ, אוי ווּאַ, אַן עכוב אינ'ם עולם הנשמות דאָרט!... (דערביי האָט ער פערגלאָנצט די אויגען ממש כלות הנפש, אַז ס'איז אונז פרחה נשמתא געוואָרען, קוקענדיג אויף זיין הייליגער צורה...) יאָ, יאָ, יאָ! צום פדיון פעהלט נאָך ב' פעמים ח"י מיט אַ ניי זילבערן קערבעל... אמת, אמת! וועט אויסקומען דער מספר צווייהונדערט און אַכטאונניינציג דאָס איז בגמטריא „רחמים" איי איי איי! און דאָס זילבערנע קערבעל, כסף טהור, בחינות לבנונות, ס'הייסט המתקת־הדינים בסוד „הלבן חטאינו"... יאָ, יאָ, יאָ, אַזוי איז דאָס! לעג זשע נאָך, לעמעל, צו ב' פעמים ח"י מיט אַ רובעל כסף טהור, דער מדת הרחמים זאָל

גובר זיין דעם מדת הדין און דיין פדיון זאָל עולה יפה זיין...
הערענדיג מפיו הקדוש אַזוינע ריינע ווערטער, בין איך די מינוט
אוועקגעלאָפען אויף מיין אכסניא. (מיין פלונית׳טע האָט דער
רבי דערווייל געהייסען חלאַוונע׳ן אַריינלאָזען אין זיין יחידות־
שטיבעל אריין, זי זאָל דאָרט מהרהר בתשובה זיין, ביז איך
וועל מיך אומקערען...) איך האָב נאָך אויסגעזוכט עטליכע
טייערע חפצים, וועלכע ס׳איז אויך געווען ר׳ אייביש׳ס מיצעל
זצ״ל, וואָס ער האָט עס מיר, נאָך בחור־ווייז, געשענקט פאַר
אַ סגולה, איך זאָל נושא־חן זיין ביים שמירעווקער דוכס. (נישט־
קשה, די סגולה האָט מיך אָבגעקאָסט מי יודע וויפיל!... נאָר
ר׳ אייביש זצ״ל איז ווערט געווען, וואָס קיין מלכות קען ניט
בעצאָהלען!...) און האָב געכאַפּט אויף זיי, טאַקע ביים בעל
אכסניא גופא, די ב׳ פעמים ח״י מיט אַ ניי זילבערען קערבעל,
און בין געלאָפען צום רבי׳ן. איינס מיט׳ן אַנדערען האָט עס
געדויערט אַ פאָר שעה, און קומענדיג האָב איך געטראָפען מיין
פלונית׳טע ווי פערשלאָפען און עפעס ווילד צוטראָגען, אַז זי
האָט עפעס נאָר ניט געוואוסט, וואו זי איז אין דער וועלט...
איך האָב באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס האָט זי, אַ פנים, דער
צדיק געבראַכט אין אַ בחינת איגערפלעט, בכדי איבערצובייטען
איהר נשמה פון עקרה אויף אַ נייער נשמה... און כך הוה!
כ׳האָב אַנידערגעלעגט דעם פדיון, דער רבי האָט געהאַט
עלית נשמה און פלוצים האָט ער געעפענט די אויגען, און
האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי דער האַנד, און האָט מיר האַסטיג
אַ זאָג געטוהן: לעמעל! פאָר אַ היים, דיין פלונית וועט אי״ה
גאָר אין גיכען נפקד ווערען מיט אַ זרע חיא וקימא!״... דו
הערסט, התנ״ז ווערטער!?... כך הוה! איך בין נאָר געקומען 

אַהיים איז מיין פלוינית נפקד געוואָרען און האָט מיר צו נײַן חדשים... געהאַט אַ מיידעל צו מזל!...

מילא דאָס, וואָס איך בין אויסגעבראַכט געוואָרען צוליב אַ קינד האָבען, אַזוי אַז פון דעמאָלט אָן האָב איך שוין ניט געקענט צו מיינע כחות קומען, און האָב מיך שוין געמוטשעט אויפ׳ן שטיקעל פרנסה ווי אויפ׳ן טויט, און דאָס, וואָס מיין פלונית האָט עפּעס אָנגעהויבען טשאַכנען און איינגעהן ווי אַ ליכט... האָב איך נאָך מקבל־באהבה געווען צוליב דעם קינד — נאָר וואָס דען? עפּעס דאָס קינד גופא איז מיר עפּעס תמיד געווען ווי אַ שטיין אויפ׳ן האַרץ... איך האָב געוואוסט, אַז איך האָב עס מיט געוואַלד אויסגעבעטען ביים רבי׳ן... און עס האָט זיך מיר עפּעס שטענדיג געשראָקען מיין האַרץ.. ווער שמועסט, אַז זי איז אַלט געוואָרען אַ פּאָר יאָהר און מיר האָבען דערזעהן, וואָס פאַר אַ יפת־תואר דאָס איז, אַז ממש ס׳איז אין איהר צורה ניט צו קוקען—האָט עס אונז נאָך מעהר עפּעס געשראָקען... און והא ראיה: וואָס זי איז אַלץ עלטער געוואָרען — האָט זי עפּעס אַלץ מעהר אַרויסגעוויזען אַזעלכע מיני תנועות און פאָרטלען, וואָס מ׳זעהט עס גאָר ניט ביי קיין שום יודיש קינד אין פוילען... למשל: אַז זי איז אַלט געווען אַ יאָהר פינף, געדענק איך, אַז מ׳האָט זי אַמאָל אויף ציקאַ־ וועסט אַ פרעג געטוהן: „וועמען ווילסטו בעסער, קריינדעלע, (אַזוי האָט איהר דער רבי אַ נאָמען געגעבען, נאָך דער אַלטער רביצ׳ן ז״ל.) פאַר אַ חתן, דעם חזן צו דעם דאָקטאָר?״ אודאי האָט זי זיך פערגינט ענטפערן: „פע דער חזן! איך וויל דעם דאָקטאָר!...״ און דער חזן, מאָהל דיר, איז געווען אַ יונגערמאַן אַ תכשיט פונ׳ם רבינ׳ס הייסע חסידים... היינט פערשטעהסטו שוין, פאַרוואָס מיך האָט דאָס קינד אַלץ ניט געלאָזט

רוהען...? הכלל, וואָס אַ טאָג עלטער זי איז געוואָרען — מעהר שלעכטער איז זי געוואָרען! דאָס האָט זיך איהר גאָר מיט יונגעלעך געוואָלט שפּילען אין ניס; דאָס האָט זי זיך נאָכגעקרימט דער פֿאָרזאָגערין ווי זי צערעפּעט דעם פּיסק ביי די קנייטלעך לענען; אָט האָט זי זיך פּלוצים, פֿאַר אַ גאַנצער שטוב מענשען, צולאַכט פֿון דער מאַמעס שלייער און האָט פּשוט געזאָגט, אַז די שרייבערקע געהט אַ סך שענער פֿערפּוצט דעם קאָפּ... אָט האָט זי גאָר אינמיטען דערינען אויסגעלאַכט די חסידים און האָט זיי גערופֿען פֿליאַסקעדריגעס... וכדומה אַזעלכע שטוקעס, וואָס געהער ניט צו קיין יודיש קינד, און נאָך אַ מיידעל!... איך פֿלעג אפילו אָפּט דולען דעם רבי'ן וועגען דעם, און חלאַווגע פֿלעגט מיר שטאַרק צוהעלפֿען דערצו; ער האָט זי עפּעס אַזוי ליב געהאַט, אַז ער פֿלעגט זיך ממש אַוועקלעגען פֿאַר איהר ביים רבי'ן! איך זאָג דיר, פּשוט ווי אַן אייגען קינד!... נאָר דער רבי פֿלעגט אַליץ ענטפֿערן: „וואַרט, לעמעל, אויף אַלעמען קומט זיין צייט! איהר עזות קומט איהר נאָר פֿון איהר שעהן פּנימ'ל... וואַרט זשע ביז דער אייבערשטער זאָל עפּעס אַ נס טוהן, זי זאָל פֿערלירען איהר גדלות...” איך האָב עס זעהר גוט פֿערשטאַנען, אַז ס'איז טאַקע גאָר איבער איהר ווילדער שעהנקייט, און עס האָט מיך גערענקט אין טיפֿען האַרצען! כ'לעבען, וואָס טויג דאָס שלעכטע ביער אינ'ם שענעם פּאַס...? און זי ווערט וואָס אַ טאָג ערגער!...

קורץ, זי איז אַלט געוואָרען צעהן יאָהר; זי בליהט ממש ווי אַ רויז, און וואַרפֿט אַרוים אַזוינע שטוקעס, אַז ס'איז גאָרניט צום אויסהאַלטען!... מאָהל דיר, אַז זי האָט זיך גערענט פֿערגינען זאָגען אונז עלטערען אין די אויגען: „איי איז 10*

דער יונגער דוכם אַזאַ שענינקער, אַז מ׳מעג איהם אויסקושען איטליכעס אבר!..." נו פֿערשטעסטו, שוין, וואָס דאָס איז גע־וואקסען?... אַז אָך און וועה איז מיר, אַז איך, טאַטע אַליין, דערצעהל דיר דאָס אַלעס! נישמעהר, אַצינד דערצעל איך עס שוין אין פֿריידען! וואַרט, וועסטו הערען דעם אייבערשטענס נסים דורך דעם צדיק, מאריך ימים ושנים זאָל ער זיין! — הער אַ מעשה: ויהי היום ווערט זי פּלוצים עפּעס ניט געזונד; עס געהט אַוועק אַ טאָג — ס׳איז ערגער, און אויפ׳ן דריטען טאָג איז זי שוין געלעגען אין איין פֿייער, אַז זי ווערט ממש פֿער־ברענט! מ׳האָט איבערגעטוהן אַלערליי באַבסקי רפואות — עס העלפֿט ניט! דאָס קינד ברענט ווי אַ העליש פֿייער! — אַ קיצור איך האָב גערופֿען דעם דאָקטאָר, ער האָט זי גוט בעטראַכט און האָט געזאָגט, אַז דאָס גליהט זי אויף פּאָקען, און זי איז אין אַ גרויס געפֿאַהר, דערפֿאַר וואָס מ׳האָט עס גאַנצע דריי מעת לעת פֿערלאָזט. איך האָב דאָס נאָר דערהערט — וואַליי קיין זאָדקיוועץ צום רבי׳ן; איך האָב אַנידערגעלעגט אַ פּדיון און אין קורצען איבערגעגעבען דעם רבי׳ן דעם דאָקטאָרס רייד, און האָב מיך זעהר שטאַרק צוויינט. דער רבי האָט זיך ווילד פֿער־טיפֿט אין עולמות... און מאַכט אַזוי צו מיר פּלוצים: „הערסטו, לעמעל! מ׳האָט מיר געוויזען מן השמים דאָס וואָרט „אש" און די ווערטער „פּנה הודה — פּנה זוה", איי, איי, איי! רבונו דעלמא כלא!: „אש" איז בגמטריא „פּאָקען" מיט׳ן כולל... איי, איי! קלויב איר אויס, לעמעל, איינס פֿון דיביידע: אָדער זי זאָל חלילה פֿערברענט ווערען איבער איהר אש זרה... אָדער זי זאָל אָנווערען איהר שעהן פּנימ׳ל" איך האָב אין איין ציטער־ניש געענטפֿערט: „רבי! לאָז שוין זיין, וואָס ס׳וויל זיך — אבי זי זאָל מיר לעבען בלייבען!" — נו — זאָגט דער רבי —

דערפֿאַר, וואָס דו ביסט אַן עומד בנסיון, וועט דיין מיידעל אם ירצה השם האָבען אַ רפואה שלמה; פֿאָהר זשע דו, לעמעל, באַלד אַהיים, און לא יאוחר פֿון איבערמאָרגען, פּונקט ווען די פּאָקען וועלען שוין אַלע זיין אָנגעפֿוהלט, וועל איך צושיקען מיין חלאַוונע׳ן קיין קראָקאָדילעווקע צו איהר מיט מיינע סגולות און מיט מיינעם אַ לחש נאָך פֿון זיידען זצ״ל, מיט וועלכען ער וועט משביע זיין אַלע שדים, מזיקים און כחות רעות, זיי זאָלען זיך אָבטוהן פֿון דיין קינד... און וועט איהר אויפֿהענגען מיינע אַ קמיע אויפֿ׳ן האַלז... נאָר זעה, לעמעל, זהיר וזהיר, אַז בעת אויפֿהענגען די קמיע, זאָל קיין בן־אדם ניט זיין אין שטוב, חוץ חלאַוונע׳ן מיט׳ן חולה!... פֿאָהר געזונד און השם יתברך וועט איהר צושיקען אַ רפואה שלמה בתוך שאר חולי ישראל״. — איך בין אַהיימגעקומען און האָב שוין געטראָפֿען אַלע פּאָקען אויסגעשאָטען און דאָס קינד איז אין איין העליש פֿייער. מיין פלוניתטע האָב איך דערצעהלט דעם רבינ׳ס ווערטער, נאָר מכח, וואָס דאָס קינד וועט חלילה מוזען איהר שעהנקייט פֿערלירען... האָב איך איהר ניט געדאַכט אַ וואָרט... אויפֿ׳ן דריטען טאָג האָט אפילו דער דאָקטאָר געזאָגט, אַז דאָס געפֿאַהר איז שוין איבערגעגאַנגען, און אַז מיר זאָלען נאָר אַכטונג געבען, זי זאָל ניט בעריהרען דאָס פּנים מיט די הענד, זי זאָל חלילה ניט בלייבען געשטופּעלט... דער דאָקטאָר איז נאָר אַוועקגעגאַנגען איז אָנגעקומען חלאַוונע... איך געדענק עס ווי היינט, ווי אַזוי ביי זיין אַריינקומען אין שטוב, איז מיין פלונת׳טע געוואָרען טויט און רויט און איז שיער חלשות געבליבען... אַ פּנים דאָס האַרץ האָט איהר נעבעך געזאָגט, אַז דעם קינד וועט עפּעס געשעהן ניט קיין גוטע זאַך... קורץ, חלאַוונע האָט אָבגעטוהן אַלע סגולות און השבעות

און ווי ער האָט אַרויסגענומען דעם רבינ'ס קמיע, בין איך מיט מיין פלונית'טע אַוועק אין אַלקער אַריין און טאַקע תוך כדי דבור האָבען מיר דערהערט אַ שרעקליכען קרעכץ פון קינד... און חלאַוונע האָט שטילערהייט אַ זאָג געטוהן: „שאַ מיין טייער קינד! (ביי די ווערטער איז מיין פלונית'טע חלשות געבליבען...) פאַר דיין שעהן פנים האָט דיר גאָט געשענקט, פון היינט אָן, אַ גוט האַרץ!...“ מיין פלונית'טע האָט מען יאַקאָש דערמינטערט און מיין קריינדעלע האָט געהאַט אַ רפואה־שלמה, נאָר זי איז אויף אייביג געבליבען געשטופּעלט ווי אַ רעשעטע, און מיאוס ווי דער טויט... דערפאַר אָבער, הערליך, גוט און פרום, ממש ווי די אַלטע רבי'צען ז"ל, נאָך וועלכער זי הייסט... וואָס זאָגסטו, התנ"יו אויף אַזוינע גבורות הבורא...? נאָר וואַרט! ביסט נאָך ניט פאַרטיג!... לאָמיך נאָר אויף אַ רגע אָבדאַוונען מנחה וועל איך דיר דערצעהלען דאָס איבעריגע... קריך אַראָב וועלען מיר זיך וואַשען די הענד און דאַוונען מנחה.“

## טז

# שעהן איז דער טאַטע, נאָך שענער דער זיידע און די כלה נאָך שענער פֿון זיי ביידע!

נאָך מנחה האָבען מיר זיך ווידער אויפֿגעזעצט אויף דער דראַבינע, און דער אַלטער דערצעהלט ווייטער זיין מעשה: „מיין קריינדעל — זאָגט ער — איז שוין אַלט געוואָרען פֿופֿצעהן יאָהר; פֿון קיין שדוך פֿאַר איהר איז לא יזכר ולא יפקד: ראשית איז זי נעבעך זעהר ניט שעהן, והשנית האָב איך איהר ניט צו געבען אַ גראָשען נדן, והשלישית האָבען נאָך די הולטייעס, די אפקורסים אויסגעטראַכט אַ שם — ימח שמם וזכרם זאָלען זיי ווערען! — אַז בוצים מיין קריינדעל איז גאָר ניט פֿון מיר, נאָר פֿון חלאַוונע דעם רבי'נס... נו, וואָס זאָגסטו חתנ'יו, אויף אַזאַ חוצפה, אַזאַ חלול השם פֿון אַזעלכע הולטייעס, אפיקורסים!?... נישמעהר דאָס אַלצדינג האָט דוקא געפֿיהרט צום גוטען, וואָרעם אַז איך האָב זיך פֿאַר'ן רבי'ן בעקלאָגט אויף די הולטייעס, האָט ער מיר געענטפֿערט כהאי לישנא: „שוטה שבשוטים איינער, דאָס דאַרף דיך גאָר פֿרעהען ניט קרענקען!... די וועלט זאָגט אַ ווערטעל: אַז דאָרט וואו הינד בילען — איז אַ ישוב...! אָט וויל זיי בילען, די כלבים, וועט ערשט דיין טאָכטער געהייכט און געקריינט ווערען ביי אַלע אונזערע „אַנשי שלומינו... און זי וועט אי"ה בעקומען איהר זוג, אַז גאָט און לייט וועלען דיר מקנא זיין! און דעמאָלט וועט אין דיר מקוים ווערען „לא יחרץ כלב לשונו"... פֿאָהר אַהיים און וואַרט נאָך צו אַ ווייל, דיין זוג וועט צו דיר אַהיים קומען!..." דער כשר'ער, פֿרומער חלאַוונע, זאָל מאריך ימים זיין, האָט מיך אויך געטרייסט, און האָט מיר מבטיח גע- 108

ווען אויף זיינע הייליגע נאמנות, אַז ער וועט דעם רבי׳ן ניט לאָזען רוהען וועגען מיר, און השי״ת וועט אודאי העלפֿען על צד היותר טוב!... הכלל, ס׳איז אַוועקגעגאַנגען נאָך פֿיר יאָהר, מיין קריינדלען געהט שוין דאָס צוואנציגסטע יאָהר און פֿון קיין שדוך איז נאָך מאן דכר שמיה... בין איך שיער שיער געהאַט אַריינגעפֿאַלען אין אַ שטיקעל ספקות אין אמונת חכמים, רחמנא לצלן, סאַמע דעמאָלט, ווען מיין גליק איז מיר שוין געשטאַנען כמעט אונטער די פלייצעס! אָט וועסטו הערען און גאַפֿען: איך בין מיט אַ פֿערביטערט האַרץ געלאָפֿען צום רבי׳ן מיט דער מחשבה־זרה, איך זאָל איהם עפּעס כמו ווי אַ פֿאָרוואורף מאַכען אויף זיין הבטחה צו מיר... נאָר ווי איך בין נאָר אויף זיין שוועל געקומען, טוהט ער אַזוי ווי ברוגז׳לעך אַ מאַך צו מיר: איי, לעמעל, ביסט שוין אויסגעוועפּט! ביסט שוין אויסגעוועפּט! ביסט שוין געוואָרען פֿון די קטני־אמנה ר״ל!? האַ? איך האָב דיר איין מאָל געזאָגט, אַז דיין זוג וועט צו דיר אַהיים קומען — ווילסטו דעם אייבערשטען צו נסיון ברענגען...? נישמעהר דיין צער איז מכפר אויף דיין טפּשות... לויף זשע שוין טאַקע אַהיים, וואָרעם דיין טאָכטערס זוג וואַרט שוין דאָרט אויף דיר!״... איך בין נבהל ומשתומם געוואָרען אויף אַזאַ נביאות פֿון אַ איש אלהים און האָב שוין גאָר ניט געטמייעט צו פֿרעגען: ווי אַזוי און וואו וועל איך וויסען דעם בעשערטען זוג? און האָב מיך שוין געלאָזט אַוועקגעהן; נאָר חלאַוונע האָט מיך אַרויסבעגלייט און האָט מיר געזאָגט בשם הצדיק, אַז פֿרייטאָג אין קראָקדילעווקער מרחץ אויף דער אייבערשטער באַנק וועט זיין מיין טאָכטערס זוג, און איך וועל איהם דערקענען אין די ווערטער, וואָס ער וועט אַליין שרייען: „איי פּאַרע — נאָך פּאַרע! דאָס — זאָגט

ער — איז בגמטריא „לבי שלהבת יה״... אַז דו וועסט נאָר צו איהם צוגעהן, זאָלסטו איהם זאָגען די ווערטער! „במזל טוב״ וועט ער שוין וויסען וואָס מ׳מיינט, וואָרעם די צוויי ווערטער זענען בגמטריא „למ״ד וא״ו... ער איז, פֿערשטעסטו מיך, פֿון די ל״ו צדיקים... פֿאָהר געזונד, און פֿערשטעה, וואָס דו האָסט צו טוהן...״

כך הוה! פֿרייטאָג אין מרחץ האָב איך דעם בחור דער־קענט, און ווי איך האָב איהם אויסגערעדט די צוויי ווערטער „במזל טוב״ — איז ער געוואָרען מלא כעס, און האָט אַ געשריי געטוהן! „האַ! האָט ער מיך אויסגענעבען, דער צדיק!... נו, פֿערפֿאַלען!... ער האָט מיר אָנגעטוהן אַ ספּאָדעק און דו ווילסט מיר אָנטוהן אַ קריינדעל!?... נאָר זאָלסט וויסען, אַז איך וועל דיין טאָכטער ניט נעמען אָהן ר׳ אייבישס מיצעל!... די דריי מינים כובע: „ספּאָדעק, קריינדעל, מיצעל״ איז בגמטריא „מצנפת בד קדש״ יענע מיט די ווערטער און דאָס — מיט׳ן כולל...״ — קענסט פֿערשטעהן, חתנ׳יו ווי נבהל־ומשתומם און ווי בטל ומבוטל איך בין געוואָרען פֿאַר אַזאַ צדיק יסוד עולם, אַז ס׳האָט מיר ממש אָבגענומען דאָס לשון און איך האָב איהם שוין ניט געסמייעט צו בעטען צו זיך אויף שבת... כ׳לעבען, ווי קומט אַזאַ מגושם, אַזאַ זינדיגער בשר ודם ווי איך צו אַזאַ קדוש־עליון, צו אַזאַ אור עולם!... נאָר ער האָט מיך שוין אַ כאַפּ געטוהן ביים אַרבעל און האָט מיר אַ זאָג געטוהן כהאי לשנא: „נו, איך קום צו דיר אויף שבת! און אַז דעם בורא עולם איז ניחא איך זאָל דיין איי־דעם זיין — איז מיר אודאי ניחא. נאָר זהיר וזהיר, אַז דו וועסט מיך חלילה פֿאַר עמיצען אויסגעבען... דעמאָלט שפּיל־סטו מיט דיין גאַנץ בני־בית מיט׳ן לעבען!... קום ושע גיבער.

וואָרעם דאָס בת־קול שפּילט שוין מסוף עולם ועד סופו „לכה דודי לקראת כלה!"... „מיר זענען געקומען אַהיים, אָבגעפּראַ־וועט דעם שבת, און מוצאי שבת נאָך הבדלה איז געווען תנאים צו מזל... נאָר מיין פלונית'טע ע"ה האָט, אין גיכען נאָך דעם, אָבגעגעבען דעם אייבערשטען איהר כשר'ע נשמה, נאָך אַ לאַנג, לאַנג פאַרביטערט שטילשווייגען און טשאַכנען אין זיך... אַ גוטע מליצה זאָל זי דאָרט זיין פאַר אונז אַלע!"

— זענט איהר, הייסט עס דער כלה'ס אַ זיידע? האָב איך איהם געפרעגט — „יאָ יאָ! — זאָגט דער אַלטער מיט אַ שמייכעלע — און דעם גאַנצען ספור האָב איך דיר דער־צעהלט אַקעגען דעם נאָר, מחמת וועדליג איך זעה אַרויס ביסטו נאָך נאָר אַ קונדעס, און אין מיטען דערינען קען דיר די כלה ניט געפעלען... זאָלסטו וויסען ווער און וואָס דיין מחתנת'טע איז?... און ועל כלם ווער דיין מחותן איז?... און אַז אַזאַ קדוש עליון האָט ניט געקוקט אויף אַ שעהן פּנימ'ל — מעגסטו אודאי ניט קוקען!... דו מיינסט אפשר, אַז דאָס בריוועלע צום טאַטען האָט דער מחותן געשריבען? הס מלהזכיר! פאַר כל הון דעלמא וויל ער זיך ניט נתגלה מאַכען אַליין, ביז די רעכטע צייט וועט קומען, ווען ער וועט מן השמים נתגלה ווערען... און דאָס בריוועלע האָט אונזער רב געשריבען פאַר איהם, אויך אַ ווילדער ירא ושלם, טאַקע דעם רבי'נס אַ שלישי ברביעי — דו פערשטעהסט?..." און אַזוי רעדענדיג זענען מיר אַדיינגעפאָהרען קיין קראַקאָדילעווקע.

די גמרא זאָגט: „איזהו עשיר שמח בחלקו? כל שיש לו בית־הכסא סמוך לשלחנו" — אָט אַ דער שמח בחלקו איז מיין מחותן געווען נאָך מיט אַ יתר שאת: ער האָט געוואוינט

סאַמע אונטער דער באָד, טאַקע ממש לעבען דעם עשירות... און ניט נאָר איינער, נאָר צוועלף!... אין שטוב איז ניט בעסער געווען ווי ביי נחמן טראָסק אין הדר, נאָר מיט איניגע שנוים: די סטעליע גאָר וואָס אויף איינצוּוואַלגערען זיך: כמעט אַלע טאָפּליעס אויסגעשלאָגען און פֿערשטעקט מיט פֿערפּישטע קישעלעך, אַ לאָקשען טאָפּ, אַ דנאָ פֿון אַ דייזשקעלע און מיט אַ טשולענט־ברעטעל; אינ׳ם מיטעלסטען בעלעק איז געווען פֿיר קראָטשאָקעס, וואָס אויף איינעם איז געהאַנגען אַ וויגעל, אויפֿ׳ן אַנדערען — אַן איבערגעקערט שטריימעל, וואָס האָט שוין אַ פּנים געהאַט פֿון אַ קרענצעל היפּקע... אויפֿ׳ן דריטען — אַ פֿאַראַיאָהריגער לולב מיט הדסים און אויפֿ׳ן פֿערטען — אַ טאָרבעלע מצה־שמורה... די דייזשקע וואַסער מיט דער פּאָמעניצע — דייקא אויף דער טיהר, וואָס צום אַלקערעל... דער מחותן, אין אַ הולך ממש בגדי־מלכות... האָט מיר אָבגעגעבען שלום; די געשטופּעלטע מחותנת׳טע האָט צו מיר אַ שאָקעל געטוהן מיט׳ן קאָפּ, מיט אַ פֿינסטערען פֿערצווייפֿעלטען שמייכעל אויף די טויט בלויע ליפּען; דאָס איבעריגע בני־בית האָבען זיך אויך, ווי עס איז, געגריסט צו מיר און איך האָב מיך מחיה געווען, וואָס איך בין אַריינגעקומען אין אַ שטוב פֿון אַלעם גוטען!... איינס האָט מיר נאָך געפֿעהלט: די כלה האָב איך געוואָלט זעהן! — איך וואַרף אויגען אויף אַלע זייטען און איך זעה זי ניט... דער זיידע האָט זיך, אַ פּנים אָנגעשטויסען, וואָס איך מיין, און מאַכט אַזוי צו מיר: „דו זוכסט אודאי די כלה, אַ יאָ? — אָט איז זי פֿאַר דיינע אויגען!" — אוי, אַ דונער האָט מיר דערשלאָגען! שטעלט אייך פֿאָר: ניט געגונג בין איך קיין עין הרע געווען אַ בעל קומה, אפשר גרעסער מיט אַ קאָפּ פֿון אַ הונד... האָט זי נאָך אויסגעזעהן

אַקעגנען מיר ווי אַ פֿלעדערמויז אַקעגען אַ אָדלער! איך זאָל געווען האָבען אין די עלענבויגענס אויגען — וואָלט איך איהר אפשר געקענט קוקען גלייך אין פנים אַריין... נישמעהר, וואָס זאָג איך „אין פנים אַריין"? אַז דאָס קעפּעל איז כמעט געלעגען צווישען צוויי הייקער'ס, ווי די האָרבעס ביי אַ ווערבליוד, אַזוי אַז מ'וואָלט עס בסך הכל גאָר גאַנץ לייכט געקענט דורכסולען דורך אַ לעכעל פֿון אַ זאַק—נאָדעל... היינט ווי האָט איהר שוין אַ פנים...? בינו לבינו טהוט זי דער זיידע אַ פֿרעג: נו, צייטעלע, (עס וואָלט שוין גליכער געווען „שרעטעלע"...) געפֿעלט דיר עפּעס דער חתן?" זאָלט איהר געווען הערען דעם אויסגעשטעלטען ענטפֿער אויף אַ מין קול'כל, ווי אַ סקריפּ פֿון אַ טיהר: „אבי ער געפֿעלט דעם טאַטען!"... און איז באַלד אַנטלאָפֿען, אין קיך אַריין; דאס קול'כל מיט דעם אַנטלויפֿען איז מיר פֿאָרגעקומען די קאַרטינא פֿונ'ם הדר, ווי אַזוי עס יאַוועט זיך ביינאַכט דער לין, וואָס האַלט זיך אויף אונטער די לעטאָקעס פֿון אַ פּוסטער מיהל... און איך בין אין געהאַקטע וואונדען געבליבען שטעהן, אַז איך האָב ניט געוואוסט, וואו בין איך אין דער וועלט¡?... און האָב ביי זיך אַליין אַ פנים געהאַט, פונקט אַ שטייגער, ווי אַ דאָס ביכעל מיינס וועט אַ פנים האָבען ביי אַן אויסלענדישען יודען, אָדער אפילו ביי אַ געבוירענעם אָדעסער יודישען אַריסטאָקראַט, ווען, אַז מ'דערצעהלט יאָ אַמאָל פֿון אַ פּוילישען גוטען יודען גלאַנצט ער אויס אַ פּאָר באָלעכעס און מיינט, אַז מ'רעדט עפּעס פֿון אַ וואָלפֿקולאַק מיט הערענער אויף דער פּאַטיליצע... ער לאַכט אויך גלייך מיט אַלע, נאָר פרעגט איהם בחרם: וואָס ער לאַכט? וועט אויסקומען דאָס לאַכען פֿון דער סטריי־

זשעווקער יודענע ביים דערטרונקענעם... איך זאָג אייך דעם אמת, מיינע ליבע לעזער, איך ווייס ניט בנאמנות, אין וואָס פֿאַר אַ זכות אַזעלכע מענשען לעבען?... ווי אַזוי קינדלען זיי אָן דעם רבי'נס מופתים...? ווי אַזוי עקזיסטירען זיי אָהן שמירות און קמיעות...? ווי אַזוי מאַכען זיי מיט'ן פּריץ שאַ־כער מאַכער אָהן דעם רבי'ס הסכמה דערויף...? פֿון וואַנעט נעמען זיי שפע, ברכה והצלחה, אַז זיי כאַפּען קיין מאָל ניט קיין שירים מיט אַ י"ב חלות־פּייגעלע... בכלל פֿערשטעה איך ניט, ווי אַזוי איז מען עס אַ יוד אָהן אַ שטיקעל התלהבות, התפּעלות, אַ ברען, אַ צופּ און אַ חסידישען בריה...! און וואָס ווייסען גאָר ניט דעם טעם גן־עדן, דעם תענוג־רוחני פֿון אַ חסיד'יש ריקוד'ל, פֿון אַ פּאַנטאָפֿעל אין אַ פֿרעמדען וואו הייסט מען עס... פֿון אַ קראַץ אין בוזעם, אַ טשעכעווע ביי דער הרובע און אַ ריהר דעם רבינ'ס שפּיץ־פּינגער... וכדומה...? היינט וואָס פֿאַר אַ פּנים קען ביי זיי האָבען אַזאַ מין ביכעל...? אָט, זעהט איהר, ביי אייך, מיינע טייערע פּוילישע יודעלעך, האָט דאָס גאָר אַן אַנדער ווערט! אמת טאַקע, פֿון איין זייט, וועט איהר מיר פֿערשעלטען מיין געביין, און די גוטע יודען וועלען מיך מחרים זיין בזה ובבא, און וועלען זיך אפילו ניט פֿוילען אַרויסצוגעבען אַ היתר אויף מיין ביסעל וואַסערדיג בלוט און אַ הכשר אויף מיין תמ'עוואַטע נשמה'לע באופן, אַז פֿון מיין פֿערשטונקען גופּ'ל זאָל ערגעץ ווערען פּלוצים אַ גל של עצמות... דאַגעגען אָבער, פֿון דער צווייטער זייט, וועט מען מיר אָנ־ווינשען אַ פֿולען פּאָדעלעק מיט ברכות, און אַ סך וועלען מיר נאָך אפשר טראָגען פּדיונות מיט קוויטלעך „להתפּלל

על הצדיקים ועל החסידים ועל הגבאים ועל האייניקלעך ועל הרעבעקלעך ועל הרבי׳צענס, ועל החברה באָרשט וכל הגלוים עליהם... זיי זאָלען האָבען אַ רפואה שלמה אויף זייער מסוכנ׳ס חולי הנפש און השתוללות־הרוח בתוך שאר חולי ישראל אמן״...

יז

# אַ פּסח מיט אַ תורה גאָר פּלאות בנאמנות,
# און צום פֿערבייסען אַ פּנקס מיט תקנות.

ערב פּסח אין מרחץ האָב איך מיך איבערצייגט, אַז מיין מחותן איז אַ נסתר פֿון די ל"ו; בעת איך בין גלייך מיט איהם אַרויסגעגאַנגען פֿון דער שוויץ־באָד אין פֿאָרהייזעל אריין, זיך אָבקיהלען, האָט ער עפּעס אונטער די הענד גע־סטייעט... און דאס האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט אויף אַ הינטער־טיהרעל, אַהין, לינקס, אונטער דער וואַנד און האָט זיך דאָרט געשטעלט קוקען אין אַ שפּאַרינע פֿון אַ פֿערשאַליעוועט פֿאָר־ווענטעל... בוצים ער האָט נקבים קטנים... ערשט חול־המועד בין איך געוואָר געוואָרען, אַז דאָס פֿאָרווענטעל, קומט אַריין אין וויבערישען בעדעל אַריין... נישמעהר געה וויים, וואָס אַזאַ פֿערבאָרגענער צדיק מיינט דערמיט...? הכלל דער פּסח איז געווען כיד המלך: אין שטוב איז געווען ריין כּאָטש מיהלשטיינער קלויבען... און פּאַרוואָס זאָל דען ניט זיין ריין אין אַזאַ גראָמקייט, אָהן עין הרע? מאָלט אייך, אַ שטוב מיט אַן אַלקער אודאי אַזוי גרויס ווי די גרעסטע סוכּה אין פּוילען... נו? וויפֿיל איז דען אינגאַנצען דעם מחותנ'ס בני בית געווען? דער מחותן מיט דער מחותנת'טע, צוויי אויסגעגעבענע זיהן מיט זייערע ווייבער און פֿינף קינדערלעך; מיין כלה, איך, דער זיידע און דעם מחותנ'ס צוויי קליינע קינדער... נו, וויפֿיעל דאַרף דאָס אַלעס פֿערנעמען...? היינט איז דאָך גאָך עפּעס דאָ אַ קיך מיט אויפֿ'ן־און־אונטערן־אויווען...נו, און פֿון מאכלים און משקאות איז דאָך אודאי ניטא וואָס צו רעדען! דער מחותן איז אַלע פֿאַר פּסח נעפֿאָהרען מיט'ן רב אויפֿ'ן פּאָוויעט

גאָך מעות־חטים צו די אַרענדאַרס, און אין איין וועגס פֿלעגט דער רב דערווייל אָנברענגען, פֿון זייגעטווענען, אַ פּאָר אינדי־קעס, עטליכע גענזלעך, אַ האַלב צעהנדליג קאַפּהינער און אַ פּאָר קערץ קאַרטאָפֿליעס... מיט'ן דרך הטבע האָט דער רב דעם מחותן אויך עפּעס אַראָבגעגעבען דערפֿון... אַ חוץ, וואָס ער האָט אַראָבגעלאַטכענט פֿונ'ם רב בלא ראיה... אַזוי, אַז קומענדיג אַהיים פֿלעגט ער אָנברענגען אַזאַ באַרג, אַז ער האָט עס געמוזט אַוש מיט ביידע הענד, קוים אין איין מאָל פֿערנעמען פֿונ'ם וואָגען אין שטוב אַריין! און איהר מוזט ווי־סען, אַז מיין מחותן איז געווען אַ גבר נאָך מעהר ווי אַ נסתר... היינט קענט איהר פֿערשטעהן, ווי אַזוי מ'איז אָהן עין הרע, צוזעצט געוואָרען עסענדיג גאַנ'ץ פּסח?... אַז מ'האָט אַזש ניט געקענט מיט די פֿיס פּלאָנטען... נו, און ראָזשינקעס־וויין האָט זיך דאָך אודאי געגאָסען אויפֿ'ן שטיין! וואָרעם די מחתנת'טע האָט אין גאַנ'ץ קראָקאָדילעווקע גע'שמ'ט פֿאַר דער ערשטער בריה'טע אויף שטעלען ראָזשינקעס־וויין; פֿון אַ פֿונט ראָזשינקעס איז ביי איהר תמיד אויסגעגאַנגען העכער פֿינף עמער ליטער, גע־זינגענע, ריינע וואַסער! אַלע מאַנסבילען אין שטוב האָבען גע־געסען שמורה און די ווייבער — מצה'דיגס, און כאָטש אַלע קראָקאָדילעווקער שמורה'ניקעס, און מיך אויך אין כלל, האָ־בען מיר ערב פּסח איינגענומען ריצען־אייל צום אָבפֿיהרען דעם חמי'ץ — פֿריטאָ האָט דעם מחותנ'ס עלטערער זוהן ניט גע־קענט אויסהאַלטען און האט טאַקע דעם ערשטען טאָג פּסח, אַרויסגע'גנב'עט אַ מצה'דיג קניידעל פֿונ'ם זאַד, און איז אַריינ־געלאָפֿען אין בית־הכסא דאָס אויפֿעסען, אַז פֿון איילעניש און פֿון לורקייט איז ער שיער דערוואָרגען געוואָרען! אַ גליק, וואָס

מיין נסתר האָט אַפּאַרגעגומען זיין קלינגעל... און האָט איהם אויסגעריסען בחזקה פוּנ׳ם מלאך־המות הענד אַרויס...

שביעי של פסח האָט מיך דער מחותן געפּיהרט גוט יום טוב ביטען צום רב, און דער רב האָט אַזאַ זיסע תורה גאָכגעזאָגט פוּנ׳ם רבי׳נס ווענען, אַז אייביג וועט זי מיר פוּנ׳ם זכרון ניט אַרויס!... הערט און שטוינט: „פסח — זאָגט ער— איז בחינת חתן „משום שפסח על בתי בני ישראל״ ווייל איט־ליכער חתן געהט זיך אַרום געזעגענען פאַר דער חופה אין די יודישע הייזער נאָך דרשה געשאַנק... און כלה איז בחינת מצה; מצה אי. טייטש „קוכען״ און קוכען בלע״ז הייסט „אהבה״ ווי זיי רופען עס: „קוכאַנאַ״ — דאָס איז כלה, בבחינת „אהבת כלולותיך״... פוּנ׳ם יחוד חתן וכלה קומט אַרויס אַ קינד, בחינת מרור — דאָס מיינט מען היינטיגע קינדער, בעוונותינו הרבים, וואָס געהען אַראָב פוּנ׳ם אַלטען דרך, און פאַרביטערען די על־טערן זייערע יאָהרען... און דאָס קוועטשט דער בעל הגדה דייקא „זו״: „מרור זו שאנו אוכלים על שום מה״: צו וואָס עסען מיר קנאָבעל אויף היינטיגע קינדער...? כידוע על פי הגמרא, אַז פרייטאָג צונאַכטס דאַרף מען עסען שום... אָבער אַז היינטיגע קינדער וואַקסען דאָך אויס גוים — צו וואָס זשע עסען מיר נאָך קנאָבעל צוליב זיי...? איז אַ תרוץ דערויף: „משום שממרו המצריים את חיי אבותינו״ — ווייל די מצריים האָבען געמאַכט קינדלעך (שמררו) אונזערע עלטערען, מיט׳ן געבען זיי אַ סך קנאָבעל... ווי דער פסוק זאָגט „את השום ואת הבצלים...״ איבער דעם מוזען מיר עס היינט אויך טוהן פאַר זכר ליציאת־מצרים... און דאָס איז ווייטער מרמז דער בעל הגדה „בחומר ובלבנים אשר עבדו בפרך״ דאָס איז גע־זאָגט אויף׳ן היינטיגען דור, וואָס די קינדער דינען די עבודה זרה

„בחמר" — מיט גאָלע חומריות „ובלבנים" און מיט די ווייסע מאַנישקעס, וואָס דאָס קומט נאָך פֿון דעם אַלטען זימת־מצרים, בחינות „חמור„ און בחינת „לבן" הארמי... נאָר מיר האָפֿען צו קודשא בריך הוא, אז מיר זאָלען עס נאָך מתקן זיין דורך די „רפ"ך" נצוצות הקדושים, וואָס ליגען אין דעם זימת מצרים, כידוע ליודעי חן... און דאָס מיינט מען מיט'ן „בפרך"... און דעריבער לעגען מיר דעם מרור אַקעגען דער ביצה, כדי מתקן צו זיין דעם הטא פֿון ביצת־ישראל־ממצרים"... נו, פֿערמאָגען אַלע זייערע געבוּלבעטע און אויפֿגעקלערטע אַזאַ גילדענע תורה, אזא טייערען שאַין ?!... אסור בנאמנות !...

אסרו חג, פֿאַר'ן פֿאָהרען, איז געקומען צו מיר אַ גאַנצע האפּטע יונגע לייטלעך מיט בחורים, מיט עפּעס אַ מין ספר אונטער דער פּאַכווע ביי איינעם, און זאָגען מיר: באשר, איך וועל דאָך איננִיכען אי"ה ווערען אַ קראָקאָדילעוּוקער יונגערמאַן (אַ גדולה אויף מיר !...) ווילען זיי, איך זאָל מיך איינשרייבען אין דעם פנקס פֿון זייער „חברה אסור לדבר בשבת"... מיט'ן דרך הטבע בין איך באַלד מוסכם געוואָרען דערויף, און זיי האָבען מיר פֿאָרגעלעגט אַלע תקנות פֿון דעם פנקס, אות באות:

פנקס דחבורא אסור לדבר בשבת!

„אִיתָא בְּזהַר הַקָּדוֹשׁ: כְּגַוְנָא דְאִינוּן מִתְיַחֲדִין לְעֵילָּא אוּף הָכָא אִיהוּ אִתְאַחֲדוּת לְתַתָּא בְּרָזָא דְאֶחָד" וְכוּלִי... לָכֵן הִסְכַּמְתָּנוּ כֻּלָּנוּ הַחֲתוּמוֹת מָטָה, שֶׁלֹּא לְדַבֵּר דִּבְרֵי־חוֹל בְּשַׁבָּת, כִּי כָּל יִחוּד הוֹלֵךְ בִּשְׁתִיקָה, כְּמַאֲמַר הָאֲרִי ז"ל: „יְחַבֵּק לָהּ בַּעֲלָהּ וּבְסוֹדָא דִילָהּ"...וד"ל... וְכָל הָעוֹבֵר עַל הַתְּקָנוֹת הנ"ל, יְהִי בְּאָרוּר וְישְׁכֶנּוּ נָחָשׁ!..."

ואלו הן התקנות:

א) פון נאָך ליכט־בענשען ביז נאָך הבדלה טאָר מען ניט אויסרעדען קיין שום דבר־חול, אפילו פון פקוח נפש וועגען...

ב) די דברי חול, וואָס כאַפּען זיך אַרויס ביים דאַווע־נען מחמת התלהבות אין עבודת הבורא, זאָל מען באַלד נאָך זיי אויסשפּייען און זיי זאָגען אויף לשון קודש, כדומה למשל: די ווערטער „טאַטע זיסער" זאָל מען זאָגען! „אבי מתוק": „לע־בעדיגער פאָטער" — אבי חיים" — אַלמעכטיגער גאָט" — „כל מעשה אלקים" וכדומה...

ג) די גאַנצע צייט, וואָס מ'איז אין מרחץ שבת, איז דאָך ניט כדאי צו רעדען לשון־קודש — זאָל מען לחלוטין שווייגען, אַ חוץ די ווערטער „מקוה" „הכנות" און „בית־הכסא".

ד) אפילו קיין פּראָסטע נעמען זאָל מען ניט רופען אום שבת, אַ שטייגער „נחומ'צי, איציק, הערשקע, יאָסעלע, מעכציע, קריינציע, גאָלדע, זיסעל, וכדומה... זאָל מען רופען „אחריר־אל, רותחין, צבי פרה, הן־סלה, אותי־אל, עטרה, זהבה, מתוקה וכדומה...

ה) נויטיגע ווערטער, ווי אין לעבען אַריין, זאָל מען אויספיהרען אויפ'ן וואונק, און גאָר ביי אַ נויט מעג מען זאָגען „אי גו".

ו) אַלע שבת'דיגע מאכלים זאָל מען אויך נאָר רופען אויף לשון קודש, למשל: „פאַרפול, צימעס, לעבערלעך, „קו־געל" וכדומה: לפני־מלא, אל־מת, חי־יושר, פרה־מרה א. אז. וו.

ז) אַז אַ גוי וועט עפּעס פרעגען, זאָל מען איהם ענט־פערען: „אסור לדבר בשבת"; אַז ער וויל אָבער שלאָגען — זאָל מען איהם זאָגען: „רשע, שאַבעש!... און איהם ווייזען

מיט די פינגער אויף דעם מויל...

ח) אַלע חברה לייט זענען מחויב איבערצוגעבן איינס דעם אַנדערען אַלעס, וואָס אימיצען וועט איינפאַלען אַ מין שווערע העתקה פון יודישע אויף לשון קודש ווערטער און מ'איז מחויב יומם ולילה צו טראַכטען אזעלכע ווערטער, ווי למשל! „מויל-מעהל — פה קמח; אונטער־הזן — חזן־אחור; שטריימעל — תבן־פרסה; זייגער — יונק הוא... וכדומה.

ט) דאָס גלייכסטע איז מ'זאָל זיך גאָר אָבהיטען פון רעדען אום שבת אפילו לשון קודש און נאָר זעהן אויסקומען אויפ'ן וויגק און מיט פערשידענע סמנים. למשל: אפילו „אונטער־הזן" איז אַליין גלייכער צו האַלטען איין האַנד אונטערן נאָרגעל און אייגע ביים אחור...

י) נאָר דעם רבי'ן מעג מען און מ'איז מחויב צו ענטפערען אויף פראָסט יודיש, וואָרעם שבת איז נאָר „אות היא לעולם" וצדיק יסוד עולם!...

פאַר'ן פאָהרען אַהיים, ביים געזעגענען זיך, האט דער מחותן מיך געגעבען אַ גרויסען, אָבגעבאַרעטען קעלבערנעם תפילים־זאַק, מיט די ווערטער: דו דאַרפסט דאָך באלד חתונה האבען, שענק איך דיר, מיין קינד, אָ דעם תפילים־זאַק, וואָס איך האָב איהם בירושה נאָך פונ'ם גרויסען ר' גד'ן, וואָס ער האָט איהם פון זיינעם אַן עלטער זיידען, וועלכער האָט איהם בפרוש געזאָגט, אַז זיינער אַן עלטער פעטער האט איהם אַליין געקויפט אין צפת פון אַ גרויסען קדוש-עליון... איך האָב באהבה צוגענומען די זיסע מתנה און בין, טאַקע מיט דער איינענער דראַבינא, אַהיים געפאָהרען, נאָר שוין ניט מיט'ן ויידען, נאָר מיט אַ גוי להבדיל... נאָר קומענדיג אַהיים איז געוואָרען אַ געשריי עד לב השמים: דער גוי מאָהנט שכר

עגלה און שוועלט ווי אַ בארג, אַז דער מחותן וועט איהם ניט צאָהלען... און דער טאַטע האָט ניט אַ גראָשען ביי דער נשמה און וויל טאַקע פּשוט ניט בעצאָהלען, פאַר אַזאַ עזות פוּנ׳ם מחותן געגען איהם... קורץ, מ׳האָט פערזעצט ר׳ אייבּיש׳ס מיצעל בּתנאי, אַז דער מלוה זאָל אויך פאָהרען אויף דער חתונה, און דאָרט בעקומען פונ׳ם מחותן זיין געלד.. .און מ׳האָט בעצאָהלט דעם גוי, און מ׳הויבט זיך אָן צוגרייטען אויף דער חתונה...

## יח

# אַ 13־יעהריגען בחור כ'לעבען שוין צייט איהם חתונה מאַכען—וועט ער זיין אַ לייט!

וואָס זאָגט איהר, מיינע טייערע לעזער? איז שוין צייט אַ דרייצעהן יעהריגען בחור ווי מיך חתונה צו מאַכען, הא?... יאָ?... ציי ניין!? — איהר שווייגט...? איהר זענט זיך ערשט מישב, אַ פּנים, וואָס צו ענטפֿערען...? הערט זשע אויס, מיינע ליבע! איך בין אַזוי קלוג ווי איהר כ'לעבען... איך פֿערשטעה גאַנץ גוט, וואָס אייער שווייגען בעדייט...! דאָס הייסט ווי איי־נער רעדט: „קוק איהם נאָר אָן, דעם לייטישען פּאַרשוין, ווע־מען מ'גיט דאָ אַ ווייב!? ער איז דאָך נאָך פֿון די קינדערישע שיכלעך ניט אַרויס!" — אַ יאָ, דאָס טראַכט איהר!... איז דאָך עס ערשטענס מחילה אַ גרויסער ליגען; איהר ווייסט דאָך זעהר געזונד, אַז איך נעה שוין אַ פּאָר יאָהר אינ'ם טאַטענס פּאַנטאָפֿעל — נמצא, אַז איך בין שוין פֿון די קינדערשע שי־כעלעך לאַנג אַרויס... און דאָס, וואָס איך געפֿעל אייך ניט פֿאַר קיין לייטישען פּאַרשוין — דאָס אַרט מיר שוין גאָר וועניג וואָס — אבי איך געפֿעל, ברוך השם, דער כלה מיינער! אָט פֿרעגט ד' אומישנע — וועט איהר שוין הערען! זי זאָגט: „אַ כפּרה אַלע דאַטשונעס פֿאַר מיין מינדסטען נאָגעל!" אַ סמן האָט איהר: זי האָט אַליין געזאָגט דעם זיידען, אַז זי האָט זיך פֿערליבט אין מיין שאָטען... אַ יאָ איהר לאַכט?... און ביי מיר איז דאָס זעהר צו גלויבען: איהר זאָלט זיך אַ מאָל פּרובען צוקוקען צו אַ פּויליש חניאָקעל, בעת ער נעהט אין גאַס ווען די זון שיינט און אַ ווינטעל בלאָזט איהם אַקעגען פּנים — וואָלט איהר, כ'לעבען, אָנגעקוועלט קוקענדיג, ווי אַזוי ער לעגט

זיך אויס אויף זיין אייגענעם שאָטען!: ווי די צוויי לאַנגע גרייזעלעך, ווי צוויי פֿלעכטעלעך, פֿליהען אין דער לופֿט און דאָס צאַפּען־בערדעלע טאַרטשעט פֿאָראויס; די פּאָלעס פֿונ׳ם קאַפֿטענדעל שפּרייטען זיך אויס ווי צוויי פֿליגעל פֿון אַ זשוראַוועל, אַזוי אַז מ׳זעהט בולט די פּאָר ליטקעס ווי צוויי מאַקאַהינעס אויף וועלכע עס באַמבלען זיך די בענדלעך פֿון די ווייסע תחתונים, און ביי יעדען שפּאַן טיילט זיך אָפּ אויפֿ׳ן שאָטען די פּיאַטע פֿון פּאַרטאָפֿעל אויף אַן אַרשין די לענג, צווישען וועלכע עס כאַפּט זיך אַלע מאָל אַריין די זון... און ביי יעדען מאָל אָנטייטען מיט דער פּיאַטע צוריק, קלעמען זיך אַריין די פֿעדערשטע ציצית פֿונ׳ם טלית קטן אין פּאַנטאָפֿעל אַריין און די אונטערשטע ציצית ציהען זיך אויס אין דער לופֿט, פּונקט ווי די צוויי פֿיס פֿון אַ טשאָרנעהוז בעת׳ן פֿליהען... אָט אָ די גאַנצע קאַרטינע זעהט מען אויפֿ׳ן שאָטען מיט אַלע איהרע פּיטשעווקעס... נו? קען מען זיך אפשר ניט פֿערליבען אינ׳ם שאָטען פֿון אַזאַ שענער, זיסער פֿיגור...? היינט פֿערשטעהט, אַז אין מיין שאָטען איז זיך נאָך אַ סך לייכטער געווען צו פֿערליבען, וואָרעם איך בין דאָך אַליין געווען אַ קליינער און געטראָגען האָב איך אַ גרויסע פּאָר פּאַנטאָפֿעל מיט נאָך אַ גרעסער מיצעל אַזוי, אַז פֿון מיין פֿיגור האָט מען טאַקע מעהר ניט ווי אַ שאָטען!... נו, זנאַטשעט שוין עפּעס אייער לאַכען אומשטיינס געזאָגט?... איי וואָס? — וואָס „וואָס״? איהר וועט אפשר זאָגען, אַז איך וועל קיין פּרנסה ניט קענען געבען אַ ווייב? האַ?... — האַ, האַ, חאַ! מעהר קיין דאגות זאָל איך ניט האָבען, ווי די דאגה!... אודאי פֿאַר די, וואָס ווערען מגודל אין די שקאָלעס און קוקען זיך ניט איין דעריבער אין די הנהגות פֿון זייערע עלטערען אין שטוב, אודאי איז דאָס ביי

[illegible] א גאַנג, די מיינען איז דער אמת'ן, אַז זיי דאַרפֿען האָ־
רעווען אויסן ווייב, שלאָגן זיך קאָפּ אין דער וואַנד און צו־
שטעלען דער פֿאַמיליע פֿון כל טוב; מיר, חסידישע קינדער
אָבער, ווערען מגודל אין דער היים, און מיר זעהען ברוך השם
ווי אַזוי טאַטע מאַמע פֿיהרען זיך בכל תפוצות ישראל
אין פוילען — ווייסען מיר שוין דאַנקען גאָט וואָס הייסט
פּרנסה געבען? אָט ווי למשל מיין טאַטע, זאָל מאריך ימים
זיין, האָט זיך דאָס גאַנצע לעבען זיינס נאָר אָבגעגעבען פֿונ'ם
רבי'נס וועגען, און די מאַמע, זאָל לעבען, האָט מפרנס געווען
די שטוב. איי פֿון וואָס? — פֿון וואָס ניט...? פֿון קנייטלעך
לעגען, פֿון גארען מעסטען, פֿון עין הרע'ס שפּרעכען, פֿון
באָבסקע סגולות און רפואות געבען, פֿון מצות קאַטשען, זאָקען
אַרבייטען, פֿון באָבעריי, פֿון סאַרוועריי און פֿון טיקעריי, און
דאָס איבעריגע פֿון קרעמעל... דערצו נאָך פֿיהרען אַ שטוב,
זויגען און ניאַנטשען קינדער, קאָכען און באַקען, מאַרעזשען
און לאַטען, הייצען און טראָגען פּאָמעניצעס, און אַלעס, וואָס
צו אַ שטוב געהער — און נאָך דעם אַלעמען, אַז דער טאַטע
פֿלעגט, קומענדיג פֿונ'ם דאַווענען, חלילה אַמאָל ניט טרעפֿען
פֿערטיג דעם אָנבייסען, האָט זי שוין געהאַט איהר הערליך
אויסקומעניש... און זי האָט עס מקבל באהבה געווען, און האָט
איהם נאָך דעם גרעסטען כבוד אָבגעגעבען: דאָס שענסטע
שטיקעלע פֿיש, דאָס בעסטע שטיקעלע פֿלייש, דאָס ווייסטע
זעמעלע „פֿון יאָסי'ס וועגען!" און אַליין עסען שטרוי און האָ־
ראָחוועניקעס „אבי קישקע גאָפּכאַטע..." נו, ווייס איך שוין ווי
אַזוי מאַן און ווייב זענען זיך מפרנס אין פּוילען...? הייסט
וואָס זאָל איך דאָ זאָרגען? וויפֿיל מיין פּלונית'טע וועט נאָר
קענען — וועט זי האָרעווען מיט די קינדערלעך... און אַז זי

וועט אַמאָל קראַנק ווערען אויף אַ צייטעל, איז אויך ניט קיין אומגליק—דערויף איז דאָ אַ רבי אויף דער וועלט. פֿאָהרט מען אַוועק צום רבי'ן אין דער חברה באָרשט, און ווייב און קינדער לאָזען זיך דאָרט אַזוי לאַנג מוטשען, ביז זיי וועלען זיך איבערמוטשען!... מיר האָבען אַ גרויסען גאָט, וואָס שפּייזט פֿונ'ם ווערעמעל ביז דעם וויזעלטיער; - ניט איך דאַרף זייער פֿערזאָרגער זיין!... נו, בין איך גערעכט, האַ?... נישמעהר וואָס האָב איך אייך גאָר בסך הכל אַ דעה צו פֿרעגען וועגען מיין חתונה? איך וויים, אַז פֿראָ אייך, וואָלט איך נאָך זעהר געמעגט זיצען אַ בחור אַ פֿינף—זעקס יאָהר... איי וואָס די הייליגע גמרא מיט די מוסר־ספרים אַרבייטען מעשים, און לעגען נאָר איין די וועלט, אַז מען זאָל נאָר חתונה האָבען צו צוועלף—דרייצעהן יאָהר...? דאָס אַרט אייך דייקא גאָר ניט! האַ? — נו, אַז אייך ארט ניט דאָס — אַרט מיך ניט יעניץ... פֿייף איך מיר אויס אויף אייער לאַכען און אייער חוזק מאַכען און האָב חתונה צו 13 יאָהר, אייך אויף צו להכעים און נעהט רופּט מיך קנאַק־ניסעל!...

קורץ גערעדט, מ'נעהט מיר שוין צו מזל חתונה־קליידער! אַ גאַרדעראָב, רבונו של עולם, אויף אַלע גוטע יודישע קינדער געזאָגט געוואָרען... צוויי טערקיש־לייווענטענע העמדער מיט 2 פּאָר תחתונים, אַ סיראַטשקען קאַפּטענדעל אויף דער וואָכען און אַ איילקיטייעס אויף שבת און יום טוב, אַ וואַטאָווע פּיסטערנע טשאָיקע און אַ ראָצעמערן ראָזעוועלקעלע, איבערגענעהט פֿון דער מאַמעס חתונה־איפּע, נאָר קיין אַרבעל האָט ניט געכאַפּט — האָט מען אַריינגעשטעלט אַ פּאָר אַרבעל פֿונ'ם טאַטענס אַ פּאָר אַלטע אַטלעסענע, ווינטערדיגע תחתונים, וואָס דער רבי האָט זיי איהם געשענקט צו זין חופּה דרשה־געשאַנק... און אַ בערשידער טלית־קטן מיט אַ פּאָר יאָלעוועטשענע פּאַנטאָפֿעל... אין

אָ די בגדי כּבוד האָט מען מיך אָנגעפּרינדעט דעם שבת אין דער פּריה, וואָס פאַר מיין בר־מצוה, און מ׳האָט מיך געפיהרט אין קלויז צום אויפרופענס... איך געדענק נאָך ווי היינט, אַז בעת איך כין, נאָכ׳ן בריַיטען „יעמוד חתן!" אַרויפגעגאַנגען אויף דעם בעלעמער, און האָב שוין נאָר וואָס געוואָלט מאַכען די ברכה אויף דער תורה, האָט מיך דער בעל קורא, אויף אַ ווער־טעל, אַ פרעג געטוהן: „קענסטו שוין בענשען מזומן?" — און פון מבולבל׳קייט האָב איך, אָנשטאָט די ברכה אויף דער תורה אויסגעשריגען בקול רם „הערט צו רבותים מיר ווילען בענטשען!" — און דער גאַנצער עולם האָט זיך צולאַכט...

מיילא אַלצדינג בין איך יאַקאָש איבערגעקומען. נאָר איין זאַך וועל איך, וויל איך וועל לעבען, ניט פערגעסען, און ווען איך דערמאָהן זיך אין דעם, רייסט מיר מיין הארץ אין טויזענד שטיקער פון בושה און שפלות פאַר זיך אַליין; מיין לעבען איז מיר דעמאָלט איבערדריסיג און פינסטער ווי דער קבר און די וועלט ווערט מיר ענג און קליין אויף צו אַנטלויפען פון זיך אַליין!... דעם טאָג וואָס פאַר׳ן אַרויספאָהרען אויף דער חתונה, האָט מיך דער טאַטע אַרויסגעשיקט מיט׳ן שמש, אין מיינע יום־טוב׳דיגע בגדים, איך זאָל זיך אַרומגעהן געזעגענען מיט די נגידים און שטאָדט־בעלי־בתים אין וצוני... און די כונה דערביי איז, צו כאַפּען דרשה־געשאַנק... אַזוי זע־נען זיך אין פּוילען, מקדמות דנאָ אָן, נוהג כלי קודש און שע־נע מקבלים, און אַזוי האָט זיך מיין טאַטע אויך נוהג געווען... אוי פערשאָלטען זאָל דער טאָגווערען פאַר וואָס איך בין אין איהם בעסער ניט פריטשאַכגעט געוואָרען אין איין הרף עין, איידער אַזאַ גיהנום איבערגעהן קראָסטרוי לעבעדיגערהייט!... מילא ווי איך בין נאָר אַריינגעקומען אין אַ נגדישער שטוב, האָבען זיך

אַלע ווייבלעך און מיידלעך צולאַכט אויף אַ קול, אַז ממש אַ גרוב האָט זיך אונטער מיר געעפֿענט און איך בין געפֿאַלען אין אַ פֿינסטערן תהום אַריין... וואָרעם אַ חוזק דאָס שענקייט פֿון אַ זיסען מנהג, פֿון אַזאַ מין אַרומפֿיהרען דעם בער... בין איך דאָך גלאַט זעהר אַ שענע פֿיגור געווען בכלל און פֿאַר אַ חתן־בחור בפרט... הײנט ווי זאָל מען ניט לאַכען פֿון אַזאַ וויסטער קאָמעדיע!... נו, און אַז דער נגיד, צי דער בעל הבית אַליין האָט שוין ניט געלאַכט מיר אין פּנים אַריין גלייך... האָט ער מיר אויך מיט אַ פֿערביסען שמייכעלע געענטפֿערט: „פֿאָהר געזונד", און איך האָב נאָך געמוזט אין געהאַקטע וואונדען, שטעהן און ווילען און מינען זיך אין אַלערליי פֿאַרבען ביז ער וועט אַרויס מיט'ן דרשה־געשאַנק... איינער האָט, פֿאַר רחמנות אויף מיר קוקענדיג, עפּעס אַריינגעשטופּט מיר אין האַנד, און צעהן האָ־בען געפֿרעגט: „נו, וואָס שטעהסטו נאָך...?" נו, און די גאַס דורכגעהן מיט די בגדי יו"ט און מיט'ן שמש, וואו אַלע קרע־מער און קרעמערקעס, משרתים און דורכגעהער, האָבען זיך אויסגעשטעלט אויף די טיהרען, טייטענדיג אויף מיר מיט די פֿינגער און לאַכען — אין דעם האָט איהר דען אַ מינדעסטען בעגריף, וואָס דאָס הייסט!?... אָ... קראָסרטאָי צווישען טויזענד ראָזנעם מיט שבעה מדורי ניהנום זעגען, כ'לעבען, אַ סך ניחא'ר איידער אַזאַ שענדליכער שפּאַציר!... זהיר וזהיר, זאָג איך אייך אָן, פּוילישע חתנימ'לעך, לאָזט זיך ניט פֿיהרען אין די הייזער געזעגענען פֿאַר'ן חופּה־טאָג, עס זאָל אייך אפילו אָבקאָסטען אייער לעבען!... געהט ניט, ברידערלעך, געהט ניט! וואָרעם איהר וועט אייביג אייער סאָוועסט ניט קענען אָבוואַשען פֿון דער אונמענשליכער שאַנדע, פֿון אָ דעם נידעריגען שפּלות און־
128 חרפּות בושה פֿאַר זיך אַליין!... איך זאָל דאָס קענען פֿערגלע־

טען מיט'ן טויט — וואָלט איך, גלויבט מיר, איהם אַקעגען גע־לאָפֿען ווי צום טאַניץ... נאָר פערפֿאַלען, א נאַרישע מינוט פֿערענטפֿערט שוין ניט אַ גאַנצע עווינקייט!...

די פֿוהרען שטעהן שוין גרייט; חוץ עלטערען און נאָהנ־טע קרובים, פֿאָהרען נאָך אויף מיין חתונה ר' אברהמ'ל היריק, דער קלויזנער שמש, עטליכע הייסע חסידים פֿונ'ם רבי'נס מקורבים און דער מלוה פֿונ'ם מיצעל... מ'האָט נאָך געכאַפּט דאָס לעצט ביסעל בראָנפֿען און מ'פֿאָהרט!...

## יט

ביד חזקה — ובמורא־גדול שתים
האָבען יודען אין זיך נאָך פון מצרים:
אַ תקיף און אַ ניונקעלע טאַקע מגידהדוביה...
דאָס איז דער סמו פון אַן אמת׳ן לאָקיי!

אַז יודען, ווער שמועסט חסידים, פאָהרען אויף אַ חתונה, הערט מען עפעס אַ וועלט? האַ? מאָלט אייך, איין יוד נאָר, ווען ער פיהלט זיך נאָר עפעס תקיף ביי זיך, ווערט ער אַ גאַנ־צער פריץ, אַ מושל און אָפילו אַ דעספאָט איבער קלענערס און שוואַכערס פון זיך... ובפרט אַ מנין יודען צוזאַמען!... אודאי פרעהליך, לעבעדיג און קוראַזשירט, און מ׳הערט די גאַנ־צע וועלט ווי דעם קאָטער. ווי מען בעגעגענט אַ גוי געהן מאַכט מען איהם פון די עק־פּאָלעס אַ חזיר׳שען אויער... און עטליכע באַטשען אויך... אַ גוי פאָרען — שלאָגט מען איהם אַב אַן אַקס, אַ נאַשילניק, אָדער מ׳וואַרפט איהם אַראָב פונ׳ם וואָגען... אַ גוי פיהרענדיג עפעס אין מאַרק אַריין צו פערקויפען — נעמט מען עס ביי איהם צו און מ׳שילט איהם נאָך גוט אויס... הכלל, מ׳פאָהרט תקיף „בּיד חזקה"... מ׳טוהט יעדען פּאַקעס, ווי ווייט מ׳קאָן און מ׳זינגט און מ׳לאַכט ביד רמה — אויפ׳ן וואָרהייט!... און אינמיטען דערינען טראָגט אָן דער רוח אַ גלאָק! און מ׳דערהערט אַ געשריי „סטאָי!..." אַ ג ל אָ ק און ס ט אָ י! — אָ דאָ ווערט פון די נאָר וואָס געוועזענע באַני־טעס, פּאַקעסטינקעס און תקיפים — ניונקעלעך, צעטראָטענע ווערעמלעך, חנופה׳ניקלעך און ת...־לעקערלעך — פונ׳ם „ביד חזקה" ווערט מגיה וביה אַ „ובמורא גדול" כאָטש לעג איהם אין

אַן אויער אַריין, כאַטש מאַך פֿון איהם מאָנדריש מיט די גלעקעלעך!... יאָ, הערענדיג דעם גלאָק מיט'ן „סטאָי", איז אַלע פֿערקיהלט געוואָרען אין פּופּיק... גלייך זיי האָבען אין זייער לעבען נישט געטשעפּעט אַ פֿליג אויף דער וואַנד און זענען נאָר גאָט די נשמה שולדיג און די יודענע פֿאַר מילך... דער גלאָק איז צוגעפֿאָהרען און מ'האָט געזעהן אין דער בריטשקע זיצען צוויי איהרע; איינער אין אַ רויטען קאָלנער, און דער אַנדערער מיט אַ קאָקאַרדע נאָר ביים קוזעראָק. דער רויטער קאָלנער האָט אַ פרעג געטוהן „אָטקודאַ אי קודאַ!?"

— „וואָס דבר'ט ער" — האָט דער טאַטע מיט אַ פּלאָנטערניש געפֿרעגט דעם עולם.

— „וואָס הערסטו דעם ערל טמא?" האָט זיך אברהמ'ל חיריק אָנגערופֿען אין איין ציטערניש...

— „יודעלעך, זייט מהרהר בתשובה!" האָט דער שמש אַ זאָג געטוהן ניט טויט און ניט לעבעדיג...

„נו, דאַ! — זאָגט דער רויטער מיט אַ פֿערביסענער מינע פֿון חוזק מאַכען — אַ פּאַספּאָרטי או וואַס יעסט?"

— „אַ־אַ־אַ, די מעשה?... — האַט זיך אָנגערופֿען אברהמ'ל חיריק און האָט זיך אומגעקעהרט צום רויטען קאָלנער מיט אַ זלידניעש־חנופה'דינער מינע: פּאַנע, נאַשטאָ נאַס פּראַשפּאָרט, יאַק מעני סאַם טאָטעטשקע?

דער קאָלנער איז ווילד אין כעס געוואָרען און האָט אַ קרייץ געטוהן מיט די ציין: „סטופּיי איך טשאָרטו, זשידאָווסקאַיאַ כאַרא טי, עטאַקאַיאַ! טאַקאָי פּאַרכאַטי זשיד סטראָיט מעניע אוליבעטשקי... סיאָ מינוטאָי טשטאָבי בילי מעניע פּאַספּאָרטי, אַ טאָ יאַ וואַס...! קאָטאָרי מעזש וואַמי סטאַרשי?"

— יודעלעך, בעט גאָט! — האָט זיך דער מלוה פּונ'ם מיצעל אָנגערופֿען, קלאַפּענדיג אַ צאָהן אויף אַ צאָהן — בעט גאָט וואָרעם מיר זענען פֿערביי!"

„טאָ סטאַרשי!?" — האָט דער רויטער קאָלנער געפֿרעגט, ווענדענדיג זיך צום טאַטען.

— „געוואַלד, אברהמ'ל! וואָס דבר'ט ער?" האָט דער טאַטע קוים אַ לעבעדיגער געפֿרעגט.

— „נעם דעם רבי'נס שמירה אין דער האַנד אַריין — האָט אברהמ'ל, אין איינע פּחדים, געענטפֿערט שטילערהייט, קוים וואָס מ'האָט געהערט... ער פֿרעגט דיך אודאי, וואוהין דו פֿאָהרסט..."

—„אַ־אַ־אַ... האָט זיך דער טאַטע איינגעשטעלט מיט'ן לעבען, און האָט אויך מיט אַ זלידניעש־זויער שמייכעלע, גע־זאָגט דעם רויטען קאָלנער: פּאַנע נע זנאַיע יאַק מענו יעהעלע? מענו יעהעלע נאַ וועסעלע!..."

„אַך טי טשוטשעלאָ נאָראָכאָווי! — האָט דער קאָלנער פֿערביסען אַ געשריי געטוהן — טאָ נאַ סוואַדבאָ יעדעטש? אַ זשעניך גדיע?

— דער טאַטע האָט איהם אָנגעקוקט מיט בלאָנזשענדי־גע אויגען, ווי אַ מויז, וואָס פֿערלירט די נאָרע, ניט וויסענדיג וואָס ער מיינט...

„דער חתים, דער חתים!" האָט זיך אָנגערופֿען דער וואָס אין דער קאָקאַרדע.

— „אַ פּאַנע, — זאָגט אברהמ'ל חיריק, טרעסעלדיג מיט די פּאות — דער חתן? — אָט איז ער!" און האָט אָנגעוויזען דעם קאָלנער אויף מיר.



אין מיר איז פּרחה נשמתי געוואָרען, און דער רויטער

קאָלנער האָט אויסגעשאָסען אַ נעלעכטער, אַז ער האָט זיך אַזש געהאַלטען ביי די זייטען: „טאַק עטאָ טוואָי זשעניך!?... אַטליטשנאָ!... אַ גדיע יעוואָ מעטריטשעסקאַיע סווידיעטעל־סטוואָ?"

דער טאַטע האָט ווידער ווי אַ פערווירטער נעקוקט אויף אַלע זייטען און פערצויגען מיט די אַקסלען... ביז די קאָקאַרדע האָט זיך ווידער אָנגערופען: „מעטריקאַ, מעטריקאַ!"

— אַ, אַ! די מעטריקעס! — האָט זיך אברהמ׳ל חיריק אַרויסגעשטעלט מיט אַ זויער חנ׳דעלע צו דער קאָקאַרדע — ייע באָה פאַנע יע טאַם וויוו טלימעק! אָט יאַק יאַ מאָיו באָרד און פאות!...

„אָטפריטע וואַש זשידאַווסקי חלאַם—פאָסמאָטרים!" האָט געשאַפט דער רויטער קאָלנער, אָנווייזענדיג אויפ׳ן טלומעק.

—„שלעכט ברידערלעך! —האָט פלאַטערענדיג דער שמש קוים אויסגערעדט — מיר זענען פערביי!"

ווי מ׳האָט נאָר געעפענט דעם טלומעק איז דאָס ערשטע אַרויסגעפאַלען ר׳ אייביש׳ס מיצעל — דער רויטער קאָלנער האָט זיך ווידער צעלאַכט, אַז ער איז זיך אַזש פערגאַנגען אויף צעהן מינוטען כסדר... דערנאָך האָט ער מיר אָנגערוקט דאָס מיצעל איבער די אויערען און פרעגט מיך: „עטאָ דליאַ ניע־וועסטי...?" פון שרעק האָב איך מיך שיער ב... און האָב אויסגעשאָסען אַ געוויין... ביז די קאָקאַרדע האָט זיך אָבגערופען צום רויטען קאָלנער: „אים קיעם טאָט יעמיעט דיעלאָ! אָר־סטאַווטיע עטיך דיקאַריי, פוסט סעביאַ יעדוט אוק טשאָרטו נאַ קוליטשקי! ברור, גאַדאָסט עטאַקאַיאַ!..." און דער רויטער קאָלנער האָט אַ שמיץ נעטוהן דאָס מיצעל אין דער ערד אַריין, אַ שפיי נעטוהן מיט׳ן פולען מויל און האָט זיך אַריינגעזעצט

צוריק אין בריטשקע אריין.

דער גלאָק איז אַוועק און מיין חסיד'אַרניע האָט אַ נעם געטוהן אַ פרייש צאַפּעלדיג נגונ'דעל מיט די ווערטער: „דעם רבינ'ס זכות זאָל אונז תמיד טאַקע ביישטעהן!..."

— „האָסטו געזעהן, יאָסקי, ווי ער האָט אָנגעקוואָלען פון ר' אייבישי'ס מיצעל?" — פרעגט אברהמ'ל הויריק דעם טאַטען.

— „נאָך אַ שאלה, צי איך האָב געזעהן!?... זאָגט דער טאַטע מיט'ן נגון פון בתמיה...

— „וואָזשע איז דאָ דאָס חדוש — פרעגט אַזוי ערנסט דער שמש — נאָך פאַר ר' אייבישי'ס מיצעל זאָל אַזאַ עריל ניט במזל ומבוּטל ווערען!?..."

— „מיר איז נאָר אַ חדוש — זאָגט דער מלוה — וואָס ער האָט אַזוי געלאַכט...!"

— „געלאַכט"? — זאָגט דער טאַטע — ס'האָט ער געלאַכט מיט פּיאַווקעס! אַ סמן האָט איהר, אַז דאָס מיצעל האָט איהם שיער די טרפה'נע יד זיינע אויסגעדרעהט, און ווען ער טוהט עס באַלד ניט אַ וואָרף פון זיך — בלייבט ער אָהן אַ האַנד!..."

— „וואָס דען? — זאָגט דער שמש — מ'האָט ניט געזעהן בעשיינפערלעך, ווי ער האָט שוין בעקומען די נכפה, רחמנא־לצלן, און ס'האָט איהם שוין טאַקע אָנגעהויבען שלאָגען די טרפה'נע פינע פונ'ם מויל, אַז ער האָט זי קוים אויסגעשפּי־גען..."

— „מן הסתם איז אַזוי! — זאָגט דער טאַטע — זיין גליק וואָס יענער כפרה'ניק מיט'ן קנעפּעל אין קאַשקעט, האָט איהם אָבגעראָטען פון אַן אומגליק!..."

— „יענער — האָט זיך אָנגערופען אַ כניאָקעל, וואָס איז די גאנצע צייט געזעסען ווי אַ פערשטיינערטער פון שרע,ק

כאָטש לעגט איהם א לעבעדיגען אין דר׳ערד אריין... יענער קען אודאי זיין אַ גלגול פון אַלטענס פּאַנטאָפּעל זצ״ל...

— „נאָך דייקא פונ׳ם פּאַנטאָפּעל! ?—האָט אברהמ׳ל הירש געזאָגט מיט א בעזער — ניט דערלעבען זאָל ער עס!... און אַז פונ׳ם אַלטענס לולקע איז איהם קאַרג?...״

— „או וואַ, אַ שענע חטיבה!—זאָגט דער שמש מיט א פערביסענעם שמייכעל—דו ווייסט דען, אברהמ׳ל, פון וואַנעט דעם אַלטענס לולקע קומט אַרויס?... דעם אַלטענס פאָטער זצ״ל, פערשטעהסטו מיך, ס׳הייסט, דעם גרויסען מגיד זצ״ל, נאָך דער פטירה, האָט דער מלאך מיכאל געפיהרט צו מתקן זיין די נשמות אין גיהנום—נאָר כפי דער מגיד זצ״ל האָט אַנדערש קיין תקון ניט געמאַכט סיידען מיט דער לולקע ציבעק, האָט מען באַלד פון אהרנ׳ס שטעקען געמאַכט אַ ציבעק, און פאַר אַ לולקע האָט זיך פערשטעלט דער פרומער רבה׳לעס נשמה, וואָס האָט בעדאַרפט אַ תקון דערפאַר, וואָס אַ חסיד האָט זי אַמאָל געזעהן נאַקעט בעת זי איז געגאַנגען אין אַ פּאָלאָנקע אריין, פאַר׳ן חצות אָבריכטען, און האָט דערמיט גע־בראַכט דעם חסיד לידי הרהור ר״ל... כאָטשע זי האָט גאָרניט געוואוסט דערפון!—דו ווייסט דאָך, אַז קודשא בריך הוא איז מדקדק מיט די צדיקים כחוט השערה... נו, מילא דער מגיד זצ״ל האָט מיט דער לולקע ציבעק אָבגעמאַכט דעם תקון, און אויף דער צווייטער נאַכט האָט ער די זעלבע לולקע (דעם ציבעק האָט מיכאל אָבגעגעבען אהרנ׳ען צוריק למען הכבוד) גע־בראַכט אין חלום דעם אַלטען זצ״ל — הייסט ווייסטו שוין ווער די לולקע איז...?״

— „מאָחל דיר, אַז איך האָב דאָס גראָד ניט געוואוסט — זאָגט אברהמ׳ל הירש, ווי קאָנפוזיעט, פערשטעהט מען דען ניט

פֿון זיך זעלבסט, אַז אַלע בגדים דעם אַלטענס, די קאַרעטע, די פֿערד מיט איטליכעס פּיצעלע זיינס, זענען פֿון גאָלע נשמות!...

— „אַ נייעס... שרייט אויס דער טאַטע מיט אַ פֿערבי־סענער מינע—ווער ווייסט דען ניט די מעשה, ווען דער אַלטער זצ״ל איז אַמאָל אין אַ ל״ג בעומר, געפֿאָהרען אין פֿעלד אַריין שיסען מיט׳ן פייל און בויגען, האָט זיך זיין ווייסער אָגער עליו השלום געשטעלט דובאָם, און האָט באין אופן ניט דערלאָזט דעם אַלטען שיסען קיין מזרח זייט... און דער אַלטער זצ״ל האָט אויפ׳ן אָרט געזאָגט דעם עולם, אַז אין מזרח זייט שטעהט דעם אָגערס טאַטענס נשמה און בעט אַ תקון... ערשט, אַז דער אַלטער זצ״ל האָט די נשמה מתקן געווען—איז דער אָגער שטיל געבליבען, און דער אַלטער האָט אויסגעשאָסען לצד מזרח...״

אזוי האָט מען זיך אָבגעשפּאַרט און געראַנגעלט דעם גאַנצען וועג. פֿון וואָס דער כפרה׳ניק אינ׳ם קנעפּעל קען זיין אַ גלגול...? ביז ס׳איז געבליבען בהסכם כלם, אַז ער מוז נאָר זיין אַ גלגול טאַקע פֿון ר׳ אייבישי׳ס אַן אָבגעשניטענער מאַזאָלי, וועלכע איז ענליך געווען אויף אַזאַ מין קנעפּעל... און אַזוי רעדענדיג איז מען פּאַוואָלע אַריינגעפֿאָהרען קיין קראָקאָדילעווקע.

כ

## אַלע ווייבלעך און מיידלעך קוקען אויף מיר און קוועלען, טאַקע נאָר אַזוינס ווי איך קען זיי געפֿעלען!

שוין ביי דער ראָנאַטקע האָבען מיר דערזעהן אַן אומגעלומפּערטע דראַבינע מיט צוויי קליאַטשעס פֿאָהרען שוין אַקעגען דעם חתן; די דראַבינע איז געווען אָנגעשטאָפּט מיט יודען, יונגע־לייט, יונגע־לייטלעך און בחורים, זיצענדיג, און ליגענדיג און שטעהענדיג און שווימענדיג אויף די קעפּ; אַלע מיט אַ גענעזינגעריי און אַ געפּליעסקעריי עד לב השמים!... נאָך דער דראַבינע, ווי אַ שיפֿעלע נאָכ'ן קאַראַב, האָט זיך נעשלעפּט אַ וועגעלע מיט אַ בלינדער שקאַפּע, אָנגעזעצט מיט ווייבער פֿול מיט אַ ווערך, און אויה די פֿיר רעדעלעך און אויפ'ן זאַדאָק און פֿון אונטען ביים וועגעלע, איז אָנגעשלאָגען געווען מיט אָבגעריסענע יונגעלעך און מיידעלעך וויפֿיעל פֿליגען אויף אַ צעיאָטרעטען טשערעק... מיך האָט מען באַלד אַריינגעכאַפּט אין דער דראַבינע, צווישען די בחורים, און מ'האָט אָנגעהויבען מאַכען די הקפות זיבען מאָל אַרום די קלייטען... „מילא וואָס זאָל איך אייך דערצעהלען: וואו נאָר אַ קיך־יודענע, אַ דינסט מיידעל, אַ סעדערע, אן אָבאָרוואַנעץ; אפילו די גוי'שע פּערעפּעטקעס זענען זיך צונויפֿגעלאָפֿען קוקען אויף מיין בעז וואונדער:... כלי זמר זענען נעגאַנגען פֿריהער אַ שטיק זעקס: איינער מיט אַ פּויק פֿון אַ צובער מיט צוויי קאַטשעלקעס, דער אַנדערער מיט אַ פּאָר טאַצען פֿון צוויי געגלאָזטע פּאָקרישקעס, דער דריטער מיט אַ פֿידעל פֿון אַ קאָפּיקעס צוואַנציג נייערהייט... דער פֿערטער האָט געבלאָזען אין אַ העלזעל פֿון אַ אָבגעבראָכענער בוטעלקע פֿאַר אַ פֿלייט, דער פֿינפֿטער האָט געטאָרקעט דעם

זעקסטען אין די אויערן פֿאַר אַ באַט און דער זעקסטער האָט געפּײַפֿט אין די זשמעניעס פֿאַר אַ פּאַלצעט... טאָמער האָב איך אפשר די אינסטרומענטען ניט אזוי גוט בעמערקט?

— גאַנץ מעגליך! נאָר על כל פּנים קען אַזאַ מוזיקע פֿון קיין אַנדערע אינסטרומענטען ניט זיין!... אלע ווייבלעך און מיידלעך האָבען געקוואָלען אויף מיר קוקענדיג און האָבען זיך געוואונשען אַזוינע קינדער און חתנים ווי איך... אַ סמן האָט איהר: זיי האָבען מיר באַלד אַן עין־הרע געגעבען און איך האָב אָנגעהויבען געגעצען...

לאַנג לעבען זאָלען טאַקע אונזערע פּוילישע ווייבער, וואָס קוקען ניט אויף די לאַנגע פּאַנטאָלאָנעס מיט די קורצע סערדעטען, און בעלאָדענען זיך ניט, אַז מ׳מאַכט זיך פֿון אַ פֿליאַסקע קאַפּעליוש!... ניט אזוי ווי די געבולבעטע דאַמען, וויבאַלד זיי בעמערקען עפּעס אַזאַ שעהנע תנועה — בעלעדיגען זיי זיך באַלד! עס שטעהט זיי זייער טאַטען ניט אָן, אַז אונזערער אַ יונגערמאַנטשיק, אַ כלי שלמה, רעדט מיט זיי און טוהט זיך בעת׳ן רעדען אַ קראַץ אין בוזעם, צי אַ שנייץ די נאָז אין דער זשמעניע, צי אויפֿ׳ן פּאָל, צי אַ גענעץ איהר אין פּנים אַריין, ווער שמועסט חלילה אַ שפּיי אויף איהר שלעפּ... און איבערן הונדערטען פֿאַל חלילה זיך אַרויסכאַפּען מיט ניט אַזאַ איידעל וואָרט... הייסט ער שוין באַלד ביי זיי, ווי רופֿען זיי עס „גיוועש, גראָביאַן, דיקאַר“ וכדומה אַזעלכע טערקישע ווערטער... זיי האָבען נאָר ליב, מ׳זאָל מיט זיי רעדען פּאָליטישנע, געשליפֿען מיט פֿליטערלעך, און מ׳זאָל זיי נאָר טאָקען קאָמפּלימענטען און מאַכען חנ׳דלעך — גלייך זיי זענען פּריצות, פֿיינע בריות — ניט קיין יודישע טעכטער... אָ! אונזערע פּוילישע ווייבלעך קענען ברוך השם, אויף אַלצדינג בע-

שטעהן און צאַלצדיגג פּערדייען... כּאָטש קראַץ זיך, כּאָטש שפּיי, כּאָטש שנייץ די נאָז, כּאָטש גּעה מיט'ן קאָפּ אַראָב און מיט די פּיס אַרויף — איז ניט נאָר עס הייבט זיי ניט אָן אַרען, נאָר אדרבא: וואָס מעהר ווילדע תנועות, וואָס מעהר פּאַסקודנע עווית—מעהר געפעלט ער איהר, מעהר קוועלט זי אָן פון איהם... און זי וועט זיין קנאַפּענדיג געוגעל ניט בייטען אויף אַ גאַנצען אויסגעצויגענעם דייטשון!... און באמת, איז זשע דען ניט גוט אַזוי?... וואָס דען? גּעה שאַפּקעווע נאָר פאַר וואַבערעס, און היט זיך פאַר זיי מיט אַן איבעריג ווארט, אַן איבעריגע תנועה!... אויך מיר מענשען!... אי האַבקאַ ליודי!... נישמעהר וועמען האָט מען צו דאַנקען דערפאַר, אַז ניט אָ די געבולבעט דראָבּעס, הולטייעס און הפקר־יונגען, וואָס האָבען איינגערעדט, אַז די נקבה איז נאָר חשוב'ער פונ'ם מאַנסביל!?... „דאָס פרויענצימער—זאָגען אָ די ימח־שמו־ניקעס—איז אַ צאַרט וועזען, אַן אײדעל בעשעפעניש, אַ מבין אויף אַלעם עסטעטישעס (שענס, פיינס און אײדעלס) מעהר ווי דער מאַנספּערזאָן, און נאָר זיי בילדען אויס דעם גייסט און די געפיהלען פון די מענער מיט זייער אונטערהאַלטען זיך מיט זיי... און דעריבער דאַרפען זיי אַלע מענער בכלל און יעדער מאַן בפרט, שעצען און עהרען און זיך היטען פאַר זיי מיט אַ מינדעסטער תנועה, אַ וואָרט, און ניט לאָזען אייך זיי קיין פול, קיין אומטיידערעל פאַלען!" נו, ווי געפעלט אייך אַזאַ מין מוסר השכל...? חאַ, חאַ, חאַ! אונזערע עלטערען, דאַכט זיך, אַביסעל קליגער געווען פון די היינטיגע פיינע בריות — האָבען זיי געהאַלטען די נקבה פאַר אַ פשוט'ער בהמה... אַזוי ווי די הייליגע גמרא זאָגט מכה די לייט... און טאַקע דעריבער האָבען ביי זיי די ווייבער תמיד געהאָרעוועט מיט'ן בלוטיגען שווייס, און ניט גע־

סמיעט אַ נאָז אַריינשטופּען דאָרט, וואו די מאַנסבילען האָבען זיך אונטערהאַלטען צווישען זיך... ווער שמועסט חלילה, אַ דעה זאָגען, צי אַ וואָרט אַריינטיצען אין זייערע רעד זאָל דער אייבערשטער שומר ומציל זיין!...

נישמעהר ווער הערט זיי, אָ די נאַרישע פּאַליסטראַנטען, אָ די געבוילבעטע שוטים? מיר וועלען זיך, מיט נאָט'ס הילף, פֿיהרען אויף אונזער אַלטען שטייגער... און די ווייבער וועלען אונז קיבלען, דאַנקעווען און דעם גרעסטען כבוד אָבגעבען!... מיינט ניט, איהר פֿערשייטע מחברימ'לעך, אַז מיט אייערע שרייבעכצען וועט איהר עפּעס פּועל'ן ביי די פּוילישע ווייבער! אסור, בנאמנות! „אַז איהר וועט זיי נאָך טויזענד מאָל דערווייזען, ווי אזוי זיי ליגען ביי די מענער ניין איילען אין דער ערד... ווי אזוי זיי זנאַטשען ביי די מענער פּונקט ווי די קאַץ אין שטוב... ווי אזוי דער נישטינסטער, העסליכסטער און לאַיצלח'דיגסטער מאַן איז מושל און דעספּאָט איבער דער שענסטער, פֿיינסטער אונגליקליכסטער פֿרוי, און מאַכט פֿון איהר דאָס גרעסטע נעלעכטער... ווי אזוי זייער וועלט פֿערפֿליהט ווי אַ כמאַרע, אָהן אַ חיי שעה, אָהן אַ פֿרייער מינע דאָס גאַנצע לעבען, און שטאַרבען אין אַנגסטען, אין דער פֿינסטער אָהן אַ צייט... און נאָך אַזעלכע טויזענדער כימענעקאָרעס מיט פּוסטע חלומות... איהר מענט אפילו אָנשרייבען „דאָס פּוילישע מיידעל" וועט אייך פּונקט אַזוי העלפֿען, ווי אַ טויטען באַנקעס!... וואָרעם „איין מאָל איבער אלע מאָל"—זאָגען אונזערע פּוילישע ווייבער—שטיינער וועלען מיר טראָגען, ערד וועלען מיר גראָבען בזי בזיונות וועלען מיר ליידען — און אונזערע מענער וועלען מיר מפרנס זיין און דעם גרעסטען כבוד אָבגעבען! וואָרעם אַ בערשידער טלית־קטן מיט אַ צעכראַסטעט נערגעלע איז אונז

ליבער פֿון אַלע אויסגעפּוצטע דייטשען — און דאָס שטיקעלע חלק עולם־הבא פֿון אונזערע חסידישע מענערם תפלות, מקואות, מלוה־מלכה׳ס, טענצלעך ביים רבי׳ן, תקונ׳ס און הכנות איז פֿאָרט בעסער און חשוב׳ער ביי אונז פֿון אַלע זייערע תענוגי עולם הזה !...

קורץ, מ׳איז שוין יאַקאָש צוגעפֿאָהרען צו דעם פּאַלאַץ, וואו דער חתן מיט די מחותנים דאַרפֿען איינשטעהן... ערגער פֿון מיינע חדרים מיט׳ן מחותנ׳ס שטוב איז דער פּאַלאַץ דייקא ניט געוועזן... נאָר די מעבליראָווקע איז אביסעל אַנדערש געוועזן ווי דאָרט: אין מיטען שטוב איז געשטאַנען אַ לאָקשענברעט אויף אַ דייזשקע — פֿאַר אַ טיש, און אַ אונטער־טיר אויף צוויי זשלי־קטעס, פֿאַר אַ באַנק; דער טיש איז געווען געדעקט מיט דער מחותנת׳טעס אַן אַלטען שאַל, און אויפ׳ן טיש לעקעך און בראָנפֿען כיד המלך... אַלע ווענד אין שטוב זענען אונטען אַרומגעוואַקסען געווען מיט פֿוילע פּיטשערציעס... מיך האָט מען געזעצט אויף אַן איבערגעקעהרט דייזשקעלע, אויבען אָן דעם עולם אויף דער באַנק און מ׳האָט נאָר וואָס אָנגעהויבען טרינקען לחיים — קומט פּלוצים אריין אַ בלינדער אויףביידע אויגען מיט אַ גרויסען אויסגעקרוממטען שטעקען אין דער האַנד, מיט אַ שוואַרצער קרייקע אונטערגעגאַרטעלט טיעף אונטערן בויך, מיט אַ צעשפּאָלטענעם דאַשעק אינ׳ם קאַשקעט, וואָס דער דעניק איז שוין איינגעקלעבט געווען אויף זיין קאָפּ ווי אַן אַלטע יאַרמעלקע... און מיט אַ פּאַר גרויסע צערעפּעטע יאַלעוויטשענע שטיוועל... דאָס פּנים נאָר פֿון אַ שכור׳ן העקער אין יאַטקע און אַ יונגעל, איין אָברוואַנעץ פֿון אַ יאָהר 15 — נאָר ווי אַן אַלטער גנב פֿון אַ יאָהר 50 — האָט איהם געפֿיהרט ביי אַ האַנד... צווישען עולם איז געוואָרען אַ שמחה: „שאַט !

דער בדחן געהט!" און ער האָט בלינדערהייט, באַלד נעטראָפֿען גלייך צום פֿלעשעל... האָט אָנגעגאָסען אַ היבשע כוסה און האָט זי אויסגעזעצט ווי אין אַ ים אַריין... דערצו האָט ער, ווי אַ קראָקאָדיל, אַריינגעוואָרפֿען אין זיין געשמד'טען האַלז אַריין אַ שטיק קאָרענעם לעקעך און קנאַקענדיג נאָך מיט די פּיסקעם, האָט ער שוין אויסגעשריגען: „שאַט, רבותים! וועל איך אייך זאָגען אַביסעלע גראַם לכבוד דעם חתן; איי כלי זמר, אויפֿגע־שפּילט!"... און מיט די ווערטער האָט ער צוגעטראָטען צום טיש, און האָט אָנגעהויבען מיט'ן געוויסען פֿלאַקסיווע נגון:

כא

**אַ חופּה, אַ שוהל, אַזוי... ס'זאָל האָבען אַ פּנים!**
**און מוסר זאָל מען הערען פון פּוילישע בדחנים...**

חתן לעב, חתן לעב, הער אויס מיינע דבורים:
היינטיגער טאָג איז ביי דיר יום־הכפּורים!
„כפּורים" מאַכט, נאָך מיינע פּלפּולים,
כל פשעיך ורחמיך יה מחולים! (?)

חתן לעב, חתן לעב, חתן לעב!
צו גאָט אין הימעל טוה אַ שוועב,
צעברעך דיין האַרץ מיט הייסע טרערען,
אַז דיין זוג זאָל לאַנג געווערען
מיט דיין כלה אין אַ גוטער שעה,
ווי „חתן" מאַכט! חיים תגדלני נאָ!

חתן לעב, טוה תשובה אויף דיינע חטאים!
דו זאָלסט האָבען אַ דור פון גאָלע תנאים,
ווייס, וואָס היינט איז אויף דיר פאַר אַ טאָג:
דו געהסט צו דער חופּה מיט יאָמער און קלאָג.
ווייסטו, מיין קינד, וואָס חופּה בעדייט?
שאַט, רבותים! שאַט נאָר שאַט!
חופּה בעדייט אַזוי מיין קינד,
הער נאָר מיינע דבורים אַצינד:
חופּה קען מען טיילען אויף חו—פּה
דו טוה נאָר תשובה אויף דער הייסער שעה

ווי „חופה" מאַכט הין און צוריק כפלים:
חומר ויוצר פלאות הבט, הללויה פלטני וגם חיים! (?)

חתן לעב, היינט איז אַ שמחה וצהלה,
געהסט היינט צו דער חופה מיט דיין כלה!
וואָס הייסט דען אַזעלכעס כלה? — כלה הייסט —
ווער עס האָט אַ זכיה און ווער עס ווייסט?
כלה הייסט — הער וואָס איך וועל דיר זאָגען —
אויף אַזוינע ווערטער דאַרף מען קלאָגען;
„כלה" מאַכט אי אַהין, אי אַהער,
וואוהין דו ווע‌סט נאָר טוהן אַ קעהר,
זאָלסטו בעטראַכטען דאָס וואָרט בשני עיניך:
כלם לך הודו, התשובה למצות כבודך! (?)

חתן לעב, הער אויס מיינע לעצטע ווערטער
קודשא בריך הוא אליין איז דיין בעשערטער! (?)
זאָלסט נאָר צו איהם דיין פנים ווייזען
ועט ער דיך מיט דיין זוגתי שפייזען
טוה זשע, חתן לעב, מיט טרעהרען אַ גיס
און געה צו דער חופה מיט'ן רעכטען פוס
און בעט נאָט אַזוי פאַר דיין זוגתי!
אַזוי ווי אשה מאַכט אנא שמע הכצעקתי!
און מיך בעלוינען ווי עס געהער צו זיין
וועט דיין זוג עולה יפה זיין!...

איך האָב דייקא זעהר געשמאַק געוויינט אויפ'ן בדחנ'ס
קאָפּ און אויף מיין וויסטער דאָליע... מיר איז דער טאָג פון

מיין חופּה דייקא ניט פֿאַרגעקומען ווי יום כפּור, נאָר ווי ערב יום כפּור... פּונקט ווי ערב יום כפּור עסט היינט דער עולם לעקעך: איך וועל צו מנחה זאָגען ודוי, איך וועל אָנטוהן אַ קיטעל, טאַטע מאַמע וועלען מיר בענשען, און אַ כפּרה ווער איך דאָך היינט אודאי, אויף אייביג פֿאַר מיינע עלטערענס חטאים... און די כּלה ווערט מיין כּפּרה... נישמעהר נאָר, וואָס ערב יום־כפּור שלאָגט מען מיט ווייסע כּפּרות, און איך מיט מיין כלה זענען שוואַרצע כּפּרות... אַן אמת טויגען מיר טאַקע ביידע אויף סים סאָט כּפּרות!... אײַ מ'שלאָגט מיר היינט קיין מלקות ניט...? איז ראשית וועלען מיר נאָך די ווייסע חבֿרה־ניקעס אַריינלעגען אונטער דער חופּה קניפּ מיט שטעכעלקעס וויפֿיל ח״י פּעמים מלקות... והשנית בין איך שוין אַזוי דערשלאָגען, אַז ס'איז שוין גאָר ניטאָ מעהר וואוהין צושלאָגען... קורץ, מ'האָט מיך אָנגעהויבען אָנטוהן אינ'ם קיטעל און צושפּילען און צובינדען אַלע בענדלעך און היינגעלעך אויף מיר... נישקשה: אַן אָקס צו דער שהיטה מוז מען בינדען און קניפּען, אָבער אַ פּויליש חתנ'דעל געהט צו דער שחיטה אַליין פראַנק און פֿריי... נאָר איין ווינק פֿון פּוילישען טאַטען — דאַרף מען שוין קיין אייזערנע קייט ניט!... ווי מ'וויל מיך שוין נאָר וואָס אַרויספֿיהרען צום בעדעקענס, האָט דער מחותן דערזעהן, אַז איך טראָג עפּעס אַן אַנדער היטעל, און האָט אַ געשריי געטוהן ניט מיט זיין קול: „וואָס איז דאָס? וואו איז ר' אייבישע'ס מיצעל?!" — „דאָס מיצעל"? זאָגט דער טאַטע — און פֿאַר דער פֿוהר דעמאָלט האָט איהר בעצאָהלט, האַ?..." — „עט, איהר זענט אַ שוטה!" זאָגט דער מחותן — „עט, איהר זענט אַ טפּוש!" זאָגט דער טאַטע... אַ וואָרט פֿאַר אַ וואָרט ביז ס'איז געפֿלויגען אין — טאַטענס טאַטען... און די שטוב איז געגאַנ־

גען חאָדאָראָם... ביז מענשען האָבען זיך אַריינגעלעגט און מ׳האָט געעקט מיט׳ן מלוה. ער זאָל אָבגעבען דאָס מיצעל און פֿונ׳ם דרשה־געשאַנק זאָל מען איהם בעצאָהלען זיין חוב. און מ׳האָט מיך יאַקאָש אַוועקגעפֿיהרט צום בעדעקענס. — דאָרטען ביי די ווייבער האָט מען זיך בעזונדער געריסען די שלייערס: די מאַמע איז געווען מלא כעס וחמה, וואָס מ׳האָט איהר קיין ווייס העמד ניט געשיקט פֿאַר דער חופה, כנהוג... און די מחותנת׳טע איז געווען להרוג ולאבד, פֿאַר וואָס מ׳האָט דער כלה קיין פעלענע מושקע ניט גענעבען... הקצור איך בין אַריין צווישען די נשים און האָב אַ קוק געטוהן אויף מיין יפה־פיה — דער לעצטער קוק פֿאַר דער שחיטה... ווי זי זיצט, ווי די מאַלפע צווישען אַ כאָפּטע ווייסע־חברה׳ניקעס, און אַכצעהן ווייבער שלעפען ביי איהר, יעדערע אַ צעפעל צו זיך אַזוי, אַז זי האָט אויסגעזעהן צווישען די אויסגעצוינענע צעפלעך, נאָר ווי די אַלטע גרויסע שפין אין איהרע פֿערוואָרפֿענע פּאָוועטיניעפֿעדעס... און ווען איך וואַרף די רגע אויף איהר ניט אַרויף דעם דעקטוך — וואָלט איך שוין געווים ניט דערלעבט צו דער חופה צו נעהן... די ווייבער האָבען מיך בעוואָרפֿען מיט די האָפּען—כדי די ראָשטשינע, וואָס טאַטע מאַמע פֿעראָשטשינען, זאָל אויפֿגעהן ווי אויף הייוען... און מ׳האָט אונז געפֿיהרט צו דער חופה.

עס האָט נאָרנ׳ט לאַנג געדויערט דער גאַנג — מ׳שטעהט שוין טאַקע ביי דער חופה... מיר איז אפילו ווילד קשה געוועןן: פֿאַר וואָס מ׳פֿיהרט אונז ניט צו דער שוהל? נאָר איך האָב מיך געטראַכט, מן הסתם ווייסט דער מחותן וואָס ער טוהט... זאָל איך מיך ריכטען, אַז דאָס שטעהן מיר עס טאַקע לעבען אַ שוהל!?... מאָהלט אייך, אַ קליין איינגעהייקערט שטי־

בעל אונטער אַ פֿערגרינטען שטרויערנעם דאַך מיט אַן אויסגע־
ציפּטער סטריכע; די ווענטלעך ארומגעשפּאַרט מיט איבערגע־
פֿוילטע פּאָדפּאַרקעס; אין די פֿעדערשטע דריי פֿענסטער זענען
עטליכע טאָפּליעס פֿערקלעבט מיט געלע שמות, עטליכע מיט
אַלטע צעטריפּעטע שטיקלעך פּרוכת און עטליכע נאָר לחלוטין
אויסגעשלאָגען; די לעהם אויף די ווענד צוטרעסקעט, און אויף
אייניגע ערטער גאָר אָבגעפֿאַלען, אַז ס׳זעהט זיך אַרויס דער
זאַמיט; די דרום־וואַנד מחילה מעוברת. היינט מאָרגען אויף מפּיל
זיין... און אין דער מזרח־וואַנד, סאַמע אין דער מיט איז אויס־
געבראָכען אַ שטיק זאַמיט אויך, דורך וועלכען עס קוקט אַרויס
אַ פֿערפֿוילט שטיקעל ארון־קודש, פֿון וועלכען דער שמש גראַ־
בעלט אָפּט אָב מוהל־מעהל צו אַ ברית־מילה... אַ יאָ, אַ וואוילע
שוהל!?... נאָר ווי איך שטעה אַזוי פֿערטומעלט, קוקענדיג אויף
דער מין שוהל, הער איך פּלוצים אַ ווילד געזינגעריי מיט אַ
פּליעסקעריי, אַז אָ דאָס מעוברת׳ע שוהל־ווענטעל פֿאַלט אַקאָרשט
ניט איין! דער טאַטע האָט אַ פֿרעג געטוהן דעם עולם, וואָס
דאָס בעדייט? האָט מען איהם געענטפֿערט: „די כמאַרעסטריי־
קעווער חסידים היע האָבען געמאַכט זייער רבי׳ן אַ זילבערנעם
סאַמאָוואַר פֿאַר 200 רו״כ, און היינט ביינאַכט פֿיהרען זיי איהם
אַוועק צום רבי׳ן, לכן האָט מען געמאַכט אַ קערמעשעל אין קלויז
און דאָס געהט מען פֿון דעם קלויז בעלייטען די שלוחים מיט
דער מתנה צום רבי׳ן... נו, זאָלען טאַקע ניט לעבען אונזערע
פּוילישע יודעלעך ביז משיח וועט קומען?... וואו נאָך האָט
איהר אַזאַ פּאָלק אין דער וועלט, וואָס זאָל זיך אַזוי מפקיר
זיין פֿאַר צדיקים ווי זיי!?... אַליין דאַרען און קוואַרען, הונגערן
און פֿריהרען, געהן נאַקעט און באָרוועס, אפילו אַ שטיקעל רעכ־
טע שוהל ניט האָבען—אבי דעם רבי׳ן אַ זילבערנעם סאַמאָוואַר.

כ׳לעבען, פֿאָרט אַ הימעל־מענש, דאַרף מען דאָך איהם היי־
בען דעם מוח... און וואָס באמת טאַקע זנאַטשעט אַ שוהל
אַקעגען אַ רבי׳ן? דער גאַנצער יחוס פֿון שוהל איז דאָך נאָר
דאָס דאַווענען אין איהר... אַז דער רבי איז דאָך אָבער אַליין
תפלה... האָט זשע דען דער גרויסער ר׳ חילי ניט געזאָגט
אויף דער אַלטער רבי׳צען, בעת זי איז מעוברת געווען, אַז זי
טראָגט צוויי ספר־תורות?... (ער האָט געמיינט צוויי זיהן, אַ
צווילינג—...) איי זי האָט גאָר געהאַט אַ מיידעל מיט אַ מאָנ־
קאַלב...? נו מילא? אָבער אַ קוק איז דאָך עס... נו? איז עפּעס
שייך צו זאָגען, אַז אַ שוהל איז ביליכער פֿונ׳ם רבי׳נס סאַמאָ־
וואַר...! מאָהלט אייך פֿאַר פּאָדאַט צאָהלען האָט עפּעס דער
יוד אַביסעל מעהר מורא ווי פֿאַר דער שוהל... וואָרעם יעניץ
שמעקט דאָך שוין טאַקע מיט׳ן אַ רויטען קאָלנער, און דאָ איז
נאָך ווייט צום געלעכטער... פּריטאָ לאָזען זיך די קראָקאָדילעוו־
קער יודעלעך טאַסקען די לעצטע קישעלעך אין סטאַן אריין און
זיך אַליין אכצעהן מאָל אין יאָהר זעצען אין קלאָץ, און קיין
פּאָדאַט צאָהלט מען פֿאָרט ניט! וואָרעם פֿון וואַנעט זאָל מען
נעמען, אַז ס׳איז פֿאָרט ניטאָ...? פֿון זיך קען מען דאָך ניט
מאַכען קיין געלד!... קוים מיט צרות, מיט ליידען, שלאָגט
מען צונויף אַ ב׳ פּעמים ח״י אויף אַ פדיון צום רבי׳ן מיט אַ
שליח מיוחד פֿון גאַנץ קהל, און דער רבי, זאָל מאריך ימים
ושנים זיין, איז מבטיח, אַז דער פּאָדאַטנע־ספּראַווניק, צי דער
סטאַנאָוואָי וועט אַראָב פֿון בענקעל... און כך הוה: דער אַל־
טער געהט אַראָב און אַ טויזענד מאָל ערגערע, נייער קומט
אַרויף... און מאַכט אין שטעדטעל חורבן ירושלים — און קיין
פּאָדאַט צאָהלט מען טאַקע אַליץ ניט! ניטאָ, איז ניטא! וואָס
קען מען מאַכען...? אַז מען קראַצט שוין יאָ אוים, פֿון די

לעצטע בעבעכעס, די בײדנע פּאָר הונדערט קערבלעך... זאָל מען אַזאַ בלוטיג געלד צאָהלען פּאָדאַט, צי געבען אויף אַ שוהל, אויף אַ הקדש, אויף אַ תלמוד־תורה, צי אויף לחם־אביונים פאַר מענשען, וואָס ווערען געשוואָלען אין גאַס פאַר הונגער און קעלט...? פערקעהרט, אדרבא, איך פרעג אייך אַליין: זענען די אַלע זאכען ביליכער פון אַ זילבערנעם סאַמאָוואַר דעם רבי׳ן!?... אַ יאָ, איהר שווייגט שוין!... נו שווייגט זשע טאַקע ווי אַ... און לאָזען זיך אונזערע כמאַרעסטריקעווער חסידים משמח זיין מיט׳ן רבי׳נס סאַמאָוואַר; לאָז זיך דאָס מעוברת׳ע שוהלעכעל אויסטראָגען זיין צייט... לאָזען זיך די קראָקאָדילעווקער חלאים, קינפּעטאָרענס, קאַליקעס, אלמנות און יתומים דערווייל קוויקען מיט חלשות... און לאָמיך מיר פאַר־וואָלי בעטראַכטען מיין ווײַנענדיגע קאָמעדיע אונטער דער חופה!...

## כב

## מזל טוב, יודען! איהר האָט שוין אייער פּאָדיאַקע: נאָך איין באַליאַטשקא אויף אייער אַלטער מכה!...

אַ קיצור, די אונטערפיהרערס האָבען שוין געמאַכט אַרום מיר די זיבען הקפות מיט דער כלה, און איך שטעה ווי אַ חווק אין גן־עדן... דער רב האָט שוין מסדר קדושין געווען; דער חזן האָט שוין אָבגעלייענט די כתובה און אָבגעטערעלעקעט דעם לעצטען „מי אדיר״—ועל כלם: איך האָב שוין אָנגעטוהן דער כלה דאָס קדושין־פינגערעל, און שוין אַרויסגעלאָזט פון מיין אייגען מויל מיין טויט־פּריגאָוואָר מיט די קליינע צוויי ניפּטיגע ווערטער „הרי את״... און אַלעס געהט, דאַכט זיך נישט קשה... פּלוצים דערפיהל איך אַ טריט אויף דער מאַזאָלי, אַז איך האָב שיער געלאָפּנעט אויפ'ן אָרט! דאָס האָט מיר מיין יפהפיה אזוי געטריי אָנגעטרעטען אויפ'ן רעכטען פוס, זי זאָל אויף מיר ממשלה האָבען נאָך דער חתונה... אודאי איז מיר נאָך די פוילע סגולה אָבגעגאַנגען דעמאָלט צו אַלע מיינע גיל־דענע צייטען... און ס'איז דאָך, באמת, גאָר אַן איבעריגע זאַך! ווער ווייסט עס ניט, אַז יעדער פּוילישע מיידעל אונטער דער חופה, טאַקע בעת זי טרעט אָן דעם חתן אויפ'ן פוס, ווייסט זי און וויל עס מיט'ן גאַנצען האַרץ, אַז דער מאַן זאָל איהר דערפאַר דאָס גאַנצע לעבען טרעטען אויפ'ן קאָפּ!?... נאָר גלאַט, מ'מוז נאָכטוהן דאָס אַלטע נאַרישקייט... הייגט מאָהלט איך, אַז מ'מוז נאָך מיט אַזאַ פוס צעברעכען דאָס גלעזעל!... אַן אַלטער מנהג, פאַר אַ זכר אויף חרבן ירושלים — און אויפ'ן חורבן פון טויזענדער יונגע פּאָרלעך, צוצעקעס, וואָס בלייבען נעבעך אומגליקליך זייער גאַנץ לעבען און אפשר נאָך

אויף דור דורות... דערויף איז ביי יודען קיין זכר, קיין קרעכץ, קיין מחשבה אפילו ניטאָ!... נישמעהר. איך בין שוין דאָס אויך איבערגעקומען! מזל טוב! מזל טוב! מיט מזל זאָלט איהר לעבען!...' הערט מען פון אלע זייטען; אזוי פערלאָזט זיך אַלץ דער יוד מיט זיין לעבען „אויפ'ן מזל, און אליין קיין האַנד אין קאַלט וואסער ניט טוהן וועגען דעם לעבען... און זיי פערגעסען נאָר, אז די גמרא אליין זאָגט „אין מזל לישראל" נאָר „וברכתיך בכל אשר תעשה" — טוה, וועט גאָט העלפען!... הכלל מ'פיהרט אונז שוין נעאַרעמט: פון דער חופה, (טאַקע נאָר איין מאָל אינ'ם לעבען... אי דאָס פונ'ם געוויסען סמן וועגען...) מזל-טוב, מזל-טוב! דאָס „פוילישע יונגעל" שוין געוואָרען א „פוילישער יונגערמאַנטשיק". א גדולה, א שמחה מיט א פויק, מ'טאַנצט דעם גאַנצען וועג, מ'זינגט, מ'פליעסקעט, און די צוויי מחותנים, מיט זייער כבוד אליין, געהן, אין דרויסען פאַר דער שטוב, א קאָזאַטשקע אזוי... פאַנע'בריה'שט... בנסוס... און פערטיעפּט עס, עס... אזוי ווי אזוינע צוויי בעיאָהרטע שווע־רע הייסע חסידים און געקאָוועטע יודען דאַרפען צו זיין... און אלע ווייבער פליעסקען צו, און שהייען ממש קוקענדיג אויף די צוויי הוסטע יראים ושלמים... גלייך זיי שלינגען די שכינה וואָס רוהט אויף זיי... ביי דער טיהר איז מען אונז אַרויסגע־גאַנגען אַקעגען מיט א געפלאָכטענעם קוילעטש — א פנים צו ווייזען, אז מיר וועלען זיך שוין: קיינמאָל ניט צופלעכטען — ווי דער קוילעטש — ביז די צרות און ליידען וועלען אונז ניט אויס־טאָטשען מיט זייערע שאַרפע טיגערישע ציין און איינשלינגען ווי דער קבר!... מ'האָט אונז אַריינגעפיהרט אין שטוב, געזעצט אויבענאָן און מ'האָט אונז דערלאַנגט די גילדענע יויך... און ווי אזוי איז שוין געווען ניט „גילדענע" און ניט „יויך"... בין איך

דאָך שוין גערען געווען צו כאַפּען כאָטש אַ ערשטען לעפעל, כ'לעבען פאָרט נאָך אַ תענית... נאָר חברה חסידים האבען באַלד אַריינגעטיצעט די לאַפּעס אין שיסעל אַריין און האָבען זי אויסגעלעקט ביז דער שפּענטע.

קורץ גערעדט, מ'האָט זיך געזעצט צו דער חופּה־וועטשערע, די כלי־זמר רימפּלען און מאכלים געהן אויפ'ן טיש נאָר בגדי מלכות... נאָכ'ן עסען איז מיין בדחן אַרויף אויפ'ן טיש, האָט אַנידערגעשטעלט אין מיטען טיש אַ גרויסען קאָרע־נעם טעלער פאַר דרשה־געשאַנק, האָט צושפּרייט די הענד און האָט אַ געשריי געטוהן: „שאַט רבותים! איך וועל אייך משמח זיין מיט אַ שפּיציג פּשט'ל, פאַר'ן דרשה־געשאַנק! אין פּסוק שטעהט „ויקח קרח בן יצהר" — איז דאָך ממה־נפשך קשה: איז קרח געווען אַ נקבה—וואָזשע שטעהט „בן" יצהר — וואָלט דאָך בעדאַרפט שטעהן „בת" יצהר...? אלא איז ער געווען אַ זכר—וואָזשע האָט ער גענומען יצהר'ן פאַר אַ ווייב?... אַ בחור מיט אַ זכר שיידט זיך דאָך...? דער תרוץ דערפון איז אַזוי, קרח איז טאַקע געווען אַ זכר, נאָר יצהר — אַ נקבה און דער „בן" איז דער טייטש „אַלט", ס'הייסט „די אַלטע יצהר"—און אָ דאָס פרעגט טאַקע רש"י די קשיא: „קרח שפּיקח היה מה ראה לשטות זה?": דו קלוגער קרח, ווי קומסטו דאָס נאַרישקייט טוהן און נעמען אַן אַלטע מויד...? נו, רבותים, קומט מיר אַ כלה...? איי, הריי הריי, חתן צד דרשה־געשאַנק!" — דער טאַטע האָט אַרויסגענומען פון דער בוזעם קעשענע אַ כתב מיט חתימות פון וצוני'ר חסידים, אַז איבער הונדערט יאָהר קעהר מיר די אַנעגטור פונ'ם רבי'נס מעמדות־געלד... און האָט עס אַריינגעוואָרפען אין טעלער אַריין... דער איבעריגער עולם פון חתנ'ס צד שווייגט... דער בדחן ווערט שיער איבערגעריסען

שרייענדיג—מ׳שווייגט ווי די ערד שווייגט... אלואי אַלדעס בייז זאָל אזוי שווייגען... ענדליך שרייט אוים דער בדחן: איי, הריי, הריי, הריי, כלה׳ס צד, דרשה־געשאַנק!" — דער מחותן האָט אפּירגענומען פון אונטערן געזעס אַ שטר־חצי־זכר אויף זיין גאַנץ מאַיאָנטעק... און אויך אריין אין טעלער אַריין... דער בדחן שרייט ווייטער: „און ווייטער חתנ׳ס צד, צד חתן, כלה׳ס צד, דרשה־געשאַנק!" — אַ שטילשווייגעניש ווי דער טויט!... „איי, מומעס, פעטערס, זיידעס, באָבעס, גוטע פריינד, אַלטע שקראַבעס, חתנ׳ס צד, צד חתן, כלה׳ס צד, בייט אוים אַ קאָפּיקע אויף מינץ, דרשה־געשאַנק!" קוים מיט צרות האָט זיך אַרויסגערוקט דער קראָקאָדילעווקער נגיד און האָט אַריינגעוואָרפן זעקס אַלטע קופּערנע פּיטאַקעס. אַז דער טעלער האָט באַלד געטראַסקעט אונטער זיי... און ווייטער אַ שטילשווייגעניש, כאָטש ווער צוריסען שרייענדיג... צעבראָכען דער טעלער, איז די מחותנת׳טע אין כעס — איז די מאַמע ברוגז געוואָרען; די מאַמע ברוגז—האָט זיך דער טאַטע אָנגעבלאָזען, דער מחותן אראָבגעלאָזט די נאָז, די אונטערפיהרערס — פערכמורעט, די געסט—ווי אומגעדרעהט... הכלל, ס׳איז געוואָרען אַ סאַמאַטאָכע מיט אַ קאָלעבּליק—דערוויל האָט דער מלוה זיך מישב געווען: ניטאָ קיין דרשה־געשאַנק...?" און רייסט מיר אראָב דאָס מיצעל און אַנטלויפט!...

שטעלט איך פאָר, אין וואָס פאַר אַ לאַגע די גאַנצע חתונה איז געבליבען און איך נאָך בעזונדערס!... און טאַקע ווען ניט חסדא דער קראָקאָדילעווקער שוחט, וואָלט, ווער ווייסט צו וואָס חלילה געקענט קומען... חסדא האָט פּלוצים פון דער העלער הויט, אויסגעגאָסען אַ גאַנצע פאָמעניצע וואַסער איבער דער שטוב, האָט זיך אַליין אויסגעטוהן ביז אין די

איינע תחתונים, און האָט דעם גאַנצען עולם אויך דאָס אייגע־
נע געטוהן, און מיט זיין יאַרמאָלקע, וואָס האָט געוואויגען גע־
וויסע 2 — 3 פונט מיט איהר פערשמאָלצעווטען שוויים און ברוד,
האָט ער געפּאַטשט די אַלטע ווייבער מיט די יונגע ווייסע־
חברה'ניקעס, זיי זאָלען אין איין אָטעם פליעסקען אָהן אַן
אויפהערונג. און ער מיט'ן עולם האָבען זיך צוטאַנצט אויף
וואָס די וועלט שטעהט און מ'האָט איבנערגעקעהרט די שטוב
אָרע קאָרען... אַ ברכה זאָל נאָר אויף זיין קאָפּ קומען, ווי אַזוי
ער האָט אונז אַלע ממש מחיה געווען!... אָט אָ דאָס הייסט
אַ כשר'ער יוד, אַ שוחט! — וואָס דען? אפשר פיני דער וצוני'ר
שוחט איז אַ יוד...? אַזאַ יאָהר אויף אַלע דייטשען, רבונו של
עולם!... נו, נו! אויך מיר אַ שוחט! — האָט איהר נאָך געהערט
אַ שוחט מיט געוועקסעלטע שטיוועל, מיט פערקעמטע באָרד
און פאות און מיט אַ מאַנטינענעם קאַשקעט און דערצו נאָך
לייענען און שרייבען מאָסקוויטערעש...? האַ? — נאָר מ'זעהט
עפּעס בעשיינפערלעך, ווי די קליפה, אומשטיינס געזאָגט, איז
זיך אַזוי גובר, אַז מ'קען גאָר באין אופן צו איהר קיין שליטה
ניט האָבען! איז ער ווי אויף צו להכעיס, אַ קונציגע בריה
אין שחיטה ובדיקה; אַ מכניס־אורחה אין שטאָדט; אַ גוטער
מענש אויף אַ טובה טוהן אַ יודען ביז מסירת נפש; אַ חשוב
ביי נאַטשאַלסטוואָ איבער זיינע בנימוס'ע תנועות און הנהגות;
אַן איש אמת, וואָס ס'איז ווייט אַזעלכעס צו געפינען און
איין בר מעלה און בעל מדות טובות אין דער וועלט! — נו,
וואָס זאָגט איהר אויף אַזאַ סטרא אחרא, רחמנא לצלן!?...
דער רב רודפ'ט איהם אפילו ביי קהל און שרייט נאַגעוואַלד,
אַז ער איז אַ קל־שבקלים — נאָר צו זיין טרייף גליק קען ער נאָך
אַ סך בעסער לערנען פונ'ם רב, אַז ניט איין מאָל כאַפּט ער

איהם אין א שאלה, אַזוי... גאָר מיאוס... און ער מוז נעבעך שווייגען! אזא כשר'ער יוד, אַזאַ פֿייערדיגער חסיד, אזא עולה תמימה מוז נעבעך בטל ווערען פֿאַר אזא מין פֿיינע בריה'שען שוחט... אַ יאָ, נוטע יאָהרען...? זעהט איהר, מיין חסדא איז דייקא ניט קיין איבעריגער בריה אין שחיטות, און אַזוי לערנען קען ער דייקא גאָר וויניג, כמעט אויפֿ'ן שפּיץ מעסער... נאָר איך וועל איהם ניט בייטען אויף זייערע אַכצעהן שוחטים ווי דער פּיני! — ווי פֿערמאָגט יענער גאָר אַזוינע זיסע תנועות, זייַנע חן'עוודיגע פּאַסטעמקעס ווי חסדא?... קיין צער! חסדא'ס בראָנפֿען־טרינקען, זיין יאַרמעלקע פּאַטשען, זיין משמח זיין דעם עולם מיט אַלע זיינע קאַטאָוועסלעך און אָבשניצלעך... איז דאָך ממש אַ פּקוח נפש, אַ תענוג צוצוזעהן!... ער האָט עס פֿערבראַכט מיט'ן עולם די נאכט; ער האָט עס אָבגעוואָיעוועט אַ חתונה, אַז ס'איז טאַקע נאָר געווען צום גאַפען, ווי איך בין אַ יוד!... ער האָט זיך געגליטשט אויף דער נאַסער ערד, נאָר עפּעס ווי אַ קונדס'ל פֿון פֿופֿצעהן יאָהר; ער האָט קאָמאַנדעוועט די „שבת־טעניץ", ווי איין קינצלער אין דער וועלט: ער האָט אַרויסגעכאַפּט זיין גרויסע פֿאַטשיילע פֿונ'ם בוזעם אַרויס, איז מיט איהר אַרומגעגאַנגען פֿון איינעם צום אַנדערען, געהייסען דעם בדחן אַליץ אויסרופֿען, צו די כלי זמר אַ ווינק — זיי זאָלען צושפּילען און אַליין האָט ער אַלע מאָל דערלאַנגט אַן עק פֿאַטשיילע דער כלה, דעם אַנדערען טאָ דעם יודען טאָ יענעם, טאָ דער יודענע, טאָ יענער, און אַליין געהאַלטען די מיט און געפֿיהרט דעם טאַנץ ביז ער האָט אַזוי אויסגעדרעהט די כלה מיט אַלע מאַנסבילען און ווייבער וואָס אין שטוב... און אין צימבעל אריין איז געפֿאַלען „שבת" פֿון אַלע זייטען... אַ פֿונט קופּער, נאָר בלתי שום ספק... און פֿון דעם

נעלד האָט מען אַלץ געקויפֿט בראָנפֿען און ווייטער בראָנפֿען! —ערשט נאָך אַלעמען האָט ער אַ געשריי געטוהן: „אַלע אין אַ ראָד!״ — און באַלד איז פֿונ׳ם עולם געוואָרען אַ דרעהענדיגע ראָד ווי אַ וויכער און חסדא אין דער מיט...

קורץ, אַ סך זענען אנידערגעפֿאַלען שלאָפֿען פֿון שכרות און פֿון מיעדקייט; אייניגע האָבען זיך אָנגעהויבען קלויבען אַהיים. קאָם שלעפּענדיג די פֿיס; די מחתנים און מחתנת׳טעס האָבען זיך אָנגעהויבען איבערקוקען צווישען זיך... און באַלד האָבען די אונטערפֿיהרער פֿערשטאַנען דאָס עסק... און, ארויפֿ־לענענדיג דעם קלאָץ אויף מיר מיט דער כלה, האָבען זיי אַ געשריי געטוהן: „נו געננוג, חתן כלה האָבען היינט נעבעך געפֿאַסט, דאַרף מען זיי לאָזען אָברוהען!״ — ביי די ווערטער האָבען די כלי זמר אַ שפּיל געטוהן דאָס „מצוה־טענצעל״... די אונטערפֿיהרערס האָבען געכאַפּט מיך און די אונטערפֿיהרער־קעס—די כלה און מ׳האָט אונז, ווי די פּאַימעניקעס, אַוועקגע־פֿיהרט ערגעץ אין אַ פֿינסטער קעמערעל, וואו ס׳איז גע־שטאַנען אַ מין בעטעל... מיט אַ טאַפּטשאַן... שאַט רבותים, לאָז זיין שטיל! מיינע אונטערפֿיהרערס ראָמען מיר איין עפּעס אַ סוד... אַ גוטע נאַכט אייך, און מיר אַ ווּיסטען תמיד!...

ענדע דער ערשטער טהייל.

## א

## אַז ס'איז פֿון גאָט, ווי עס איז נאָך שעהן, האָט דאָך עס טאַקע דעם זיבעטען חן!...

אצינד, ליבע לעזער, אַזוי ווי איהר קענט מיך שוין יעצט פֿון מיין געבוירען ביז דער חתונה, און איהר ווייסט שוין, וואָס פֿאַר א טייערע כלי איך בין... וויל איך שוין טאַקע פֿאַר אייך דערצעהלען כל דבר שורש פֿון מיין גאַנצען לעבען! מכי תיתי, לאָז די וועלט וויסען, וואָס פֿון פוילישע יונגעלעך ווערט אין אונזער געבענשט פוילען... און טאַקע פשוט געוואָהר ווערען פֿון אַ סך נוצליכע זאַכען אינ'ם לעבען... מאָהלט אייך, מה דאָך נאָך קליינערהייט, אַז איך בין נאָך גאָר געוועזן אַ שנעק, אַ סמאַרקאַטע יונגעל—האָט מען שוין געהערט און געזעהן פֿון מיר אַזוינע חדושים, וואָס ניט איטליכער איז זיי גאָר ביכולת משיג צו זיין... מכל־שכן אצינד, אַז איך בין שוין, ברוך השם, א פאָלנער מאנסביל!... פֿערקעהרט, זאָגט, אדרבא: אַ סך האָט איהר אין פוילען אַזעלכע יונגעלעך, וואָס זאָלען אַזוי סקלאַדנע, אזוי בפרוטרוט בעשרייבען דאָס פויליש־יודישע לעבען, ווי איך? (אי דאָס האָב איך נאָך קיין מן המעשר ניט דערצעהלט, וויפיל ס'איז נאָך דאָ...); ביי אַ סך פוילישע מאַמעס אין בויך איז אין ניינטען חודש געוואָרען פֿון א מיידעל א יונגעל...? א סך האָבען די זכיה געהאט צו זעהן מיט זייערע אויגען אַ שרעטעלע אין אַ קאַפעליושעל, ווי איך...? אָ סך האָבען אַזוינע לוסטיגע אויגען געהאַט, צו זעהן, וואָס די בחורים טוהען איבער אין קלויז אונטער דער הרובע און אויפ'ן בוידעם... ווי איך? היינט ר' אייביש'ס מיצעל, וואָס ס'איז דאָך באמת אן אַנטיק אין דער וועלט, כמעט אן אכטער נאָך די זיבען

וואונדער... איז ווער האָט עס ? איך ! ווער האָט דעם למ״ד־
וא״ו'ניק'ס טאָכטער פֿאַר אַ ווייב ?—איך ! ווער האָט מזכה גע־
ווען די וועלט מיט אַזעלכע הייליגע גרויסאַרטיגע פלאות'ן, ווי
מײַן מחותנ'ס בריף, דעם רבּ'ס תורה, דעם אייניקעל'ס גמטריאות,
דעם פנקס „אסור לדבר", מיט דעם בלינדען בדחנ'ס גראַם ?...
איך ;—נאַ, און אַקעגען די שילערען מיט די סקובענטען בין
איך דאָך אודאי ווערט אויף איין שאָהל גאָלד און אויף דער
אַנדערער מיך !... זיי נעמען זיך איבער מיט די זילבערנע קנעפּ
און טשעכענע קעלנער—אוּ וואַ ! אויך מיר אַ חריפות, צו גע־
הען ווי אַ גוי !... געהען ווי אַן אמת'ער ערליכער יוד, און דאָך
האָבען דעם זיבעטען חן—אָ דאָס איז אַ בריה'שאַפֿט !—און אָ
דאָס בריה'שאַפֿט האָב איך דאָך בעוויזען גאָר אויף אַן אַנדער
אופֿן ! איך האָב דאָך שוין צו ניין יאָהר געטראָגען דעם הולך
פֿון אַ זיבציג־יעהריגען חסיד, פאָ ווסיו פֿאָרמו... היינט ווער
דאַרף חשוב'ער זיין ביי יודען און טאַקע אפילו ביי גוים—איך,
וואָס איך האַלט מיך אין די בגדי קודש פֿון מיינע אבות־
אבותינו, ביז אין באַרג סיני... צי זיי, מיט'ן נאָכקרימען זיך יע־
נעם—האַ ?... אַ נו, לאָמיר אַ קוק טוהן שער'ן פֿון אַלטע היי־
ליגע ספרים, צי אויף די עטליכע מזרח'ן און פּאָטרעטען, וואָס
האָבען זיך נאָך פֿערוואַלגערט ביי אייניגע ערליכע יודען מדור
דורות—ווי אַזוי זענען, דאָרט אויסגעמאָלט משה רבינו מיט די
יודען בשעת יציאת־מצרים ? מן הסתם אין זשופּעצעס מיט לאָ־
פּענמיצלעך !... און טאַקע מרדכי, דער שני למלך אַליין, איז
ניט אָבגעמאָהלט אין אַ ספּאָדעק, אַ קאַפּטען מיט סטראָקעס
און אַ פּאָר ווייסע תחתונים מיט פּאַנטאָפֿעלעך...? נו און דוד
המלך, און טאַקע דער מיליאָנטשיק, שלמה המלך, זענען דען
חלילה געמאָהלט אין סערדעטען מיט קאַפּעליושען ? חס ושלום!

אויך אין די אייגענע בגדי קודש, וואָס אַלע יודען... פֿערשטעהט זיך, אַז זייערע בגדים זענען מן הסתם פֿון צייגען פערווע סאָרט: דאָס שטריימעל אודאי פֿון די טייערסטע סאָמבירסקי מאַרדערס... די זשופּעצע אודאי פֿון דעם מיילאַנדער אַטלאַס... די תחתונים מן הסתם פֿונ׳ם בעסטען האָלאַנדסקי וועבעל... און די פּאַנטאָפֿעל אודאי פֿונ׳ם איידעלסטען טשיגירענער סאָפֿיאַן... נאַ, מילא? דאַרויף זענען זיי דאָך מלכותים און גרויסע שררות... אָבער אַלץ יודיש!... אלא מאי דער רבי, זאָל מאריך ימים ושנים זיין, געהט אויך כמעט ניט אין ערגערס פֿון זיי... זיי זענען מלכותים אויף דר׳ערד און דער רבי אויפֿ׳ן הימעל!... זיי מאַכען זיך פֿון אייגענער קעשענע, און דעם רבין מאַכט די וועלט... ווי זשע זאָל דען אַנדערש זיין?... נישמעהר ניט דאָס בין איך דאָך אויסען — איך מיין דאָך אייך נאָר צו דערווייזען, אַז נאָך משֵשת ימי בראשית, ווי יודען זענען געװאָנט, האָבען אַלע גלייך געטראָגען די זעלבע פֿאָרמע, דעם אייגענעם פֿאַסאָן, וואָס אַלע פּוילישע יודען טראָגען נאָך היינט!... נמצא, אַז מיר זעהען בעשיינפערלעך, אַז אַ דעם היילינען קאָסטיום האָט נאָך אודאי דער רבונו של עולם געוויזען משה׳ן אויפֿ׳ן באַרג סיני און האָט איהם אָנגעזאָגט מיט׳ן האַרבען וואָרט, אַז יודען זאָלען דאָס טראָגען אימער און אייביג ביז די וועלט וועט אונטערגעהן! און נמצא, אַז דער פּויליש־יודישער קאָסטיום האָט נאָך אין זיך אַ סך מעהר קדושה ווי דער משכן, וואָרעם דעם מאָדעל פֿון משכן האָט דער אייבערשטער געוויזען נאָר משה׳ן אַליין, און משה האָט, קאַם אונטער שישים רבוא יודען, געפֿונען איין בצלאל׳ן, וואָס האָט פֿערשטאַנען אָבצוקאָפּירען די זאַך, און פֿון דעמאָלט אָן איז טאַקע אן אמת, שוין מעהר ניטאָ ביי יודען קיין שוהל אין דער וועלט אויף יענעם סטרי —

ווייל קיין יוד ווייסט עס ניט... אָבער אַ דעם הייליגען קאָסטיום האָט דער רבונו של עולם געוויזען אַלע יודען גלייך אַזוי, אַז בכל דור ודור געפינען זיך, ברוך השם, דייקא פּראָסטע יודען, שניידערס, שוסטערס און קירזשנערס, וואָס מאַכען נאָך דעם מאָדעל אות באות, מיט אַלע פּישטשעווקעס... נו איז דאָס ניט אַ וועהטאָג, אַז אַזעלכע יונגע שיבעניקעס וואַרפען אַראָב פון זיך אזא קדושה, אזא שיינדלינג... און נעהמען זיך נאָך איבער מיט זייערע חוזק׳דיגע בגדים, מיט זייער משוגענעם הולך!?... אפילו אַ בלינדער איף ביידע אויגען, זעהט, דאַכט זיך, אויך, אַז דער, וואָס טוהט איבער די הייליגע בארג־סיני קליידער אויף די שפּאַלטען מיט די דאַשיקעס — פּערלירט ער באַלד דעם צלם־אלהים און זיין פּינטעלע יוד לעשט אויס אויף אייביג!...

ובכן בין איך דאָך טאַקע נאָר דאָס ,וואוילע יונגעל! אַ יאָ...? וואָרעם אפילו געגען זייערע סך לשונות׳ן וועל איך אויך כלל גאָרניט פערשעמט ווערען... און אפשר נאָך גאָר איבערפוציווען זיי! וואָרעם צו וואָס טויג באמת דער סך, אַז מ׳קען דאָס אייגענע אָבמאַכען מיט איינס און אַ גוט׳ס?— נאָט אייך אַ גראָשען פאַר אלע זייערע לשונות אַ קענען אן אברהמ׳ל חיריק׳ם אַ דבור!... מיט אברהמ׳לם לשון וועל איך דאָך איבער־דרעהען זייערע שבעים לשונות... איהר האָט געהערט דאָס גילדענע לשון — נו? איז דאָס ניט גבורות—הבורא!?... היינט אַז איך בין עס יאָ דער פיינער בחור, פרעג איך אייך, רבותים, פאַר וואָזשע קוקט עס מיין שווינער אויף מיר אַזוי קרום און האַלט זיך אין דויען אויף מיר?... און פרעגט זי אַליין, פאַר וואָס?—ווייסט זי ניט, כ׳לעבען! עפּעס טראָגט זי אויף מיר אַ שנאה בלב נאָך פון דער הופּה־וועטשערע אָן: איהר איז עפּעס ניט געפעלען, פאַר וואָס איך בין אין קעמערעל באַלד

אנידערגעפּאַלען ווי א סנאָפּ אויפ׳ן טאַפּטשאַן, און בין אַזוי אָבגעשלאָפּען ביז אין ווייסען טאָג אַריין, ווי אַ געהרג׳טער?... זי האָט מיך שוין דערפאַר מבוזה מבזה געמאַכט פאַר אַלע גבאי׳טעס אין שטעדטעל, און כאָטשע איך פיהר מיך שוין היינט גלייך מיט אַלע יונגעלייטלעך... קאָן איהר נאָך אַלץ דאָס האַרץ ניט אָבנעהן אויף מיר! — דער נסתר מיינער האָט זיך עפּעס תחילת נעקרומט אויף מיר דערפאַר, און האָט מיר אפילו, אזוי, אונטער די ציין אַ זאָג געטוהן: „אי, פע! ווי אי־דאָס אַ חסיד׳שער יונגערמאַן אַזוי ווייט פוגם אינ׳ם סוד אבא־מאימא...?" נאָר שפּעטער האָט ער לחלוטין פערגעסען און איז מיט מיר שוין אדרבא ואדרבא, און זי טשעפּעט זיך נאָך אַלץ און זוכט זיך אַלטע אייבעלעך... און ס׳איז אַ מעשה אָהן אַן עק... זי האָט שוין טאַקע געוואַלט נחת זעהן פון דער טאָכ־טער... פשוט זי עקט זיך אַ באָבע צו זיין! פון די זיהן איז איהר קאַרג; נאָך פון דער טאָכטער אן אייניקעל!... נישמעהר אַלצדינג טראָג איך פון איהר איבער און שוויג—אַבי אין איהר מויל ניט אַריינצופאַלען, נאָר איין זאַך קען איך שוין באין ענין ואופן ניט איבערטראָגען: די רפואות איהרע, וואָס זי ברענגט מיר אַלע נאַכט פאַר׳ן שלאָף אונטערן פּאַרטעך, פער־אומערט מיר פשוט מיין לעבען!... איך בעט מיך ביי איהר אלע נאַכט ווי ביי אַ גזלן — און זי טרעט מיר ניט אָב אַזוי לאַנג, ביז איך נעם עס איין און ברעך עס טאַקע באַלד אויס מיט דער גרינער גאַל... און נאָך אַלע נאַכט אַ נייע רפואה, אַז זי האָט מיך שוין ממש פערמוטשעט, וויי איך בין אַ יוד! איהר זאָלט אויף ציקאַוועסט שטעהן אונטער דער טיהר און הערען איהר דרשה׳נען איבער מיר פאַר יעדער מאָל איינגעה־מען—איז, דאַכט זיך, נאָר פערעל שיטען זיך פון איהר מויל...

און אין אמת אריין איז דאָס אַ סם, אַ שלאַנג, וואָס מ'דאַרף נאָר שטאַרקער זיין פון אייזען, אויסצוהאַלטען איהרע רעד!... צום מוסטער וועל איך אייך דאָ אין מיסטען געבען איינע פון איהרע דרשה'ס — וועט איהר שוין פערשטעהען וואָס פאַר אַ מכשפה דאָס איז!...

ב

## מיין נים ווערסט זיין אַ פֿריי פֿייגעלע, בראָכע!
## זאָלסט אפילו לאַפּנען, מוזטו ווערען אַ טאַטע!

„דיין שוויגער אַ שלעכטע!... אַ יאָ, איציקעל?... אום... רבי יונה שלמה... וואָס איך ווינש דיר,! זאָל עס מיר נאָר אין מיין בוזעם אריין!... וואָס זאָל איך שוין רעדען, אָדער וואָס זאָל איך זאָגען — אַז דו ביסט נאָך גאָר אַ יונג ציגעל, אומ־שטיינסגעזאָגט!... איך ווייס? דאַכט זיך, וואָס איך וויל זעהן אין דיר און אין צייטעלען, מיינע ביינער זאָל זי איבערלעבען — הלואי, רבי יונה שלמה, אָהן יודישען שאָדען, אויף מיר געזאָגט געוואָרען! — און אַז טרייגע די באַרעבאָליכע שטאָפּט און קראָפּט פּאַק איהר איידעם... פּריטאָ, אַ נו: וועמען איז מען מעהר מקנא — דיר, צי איהם...? הא? וואָס זאָגסטו, אי־ציקעל...? וואָרעם זי, לאָז זי מיר מוחל זיין — איז פֿאָרט פֿון אַ גראָבען שיירעש (?) כאָטש מיט איהר נגיד'שאַפֿט אינאיינעם! דער טאַטע איהרער — נאָט זאָל מיך ניט שטראָפֿען פֿאַר די רעד — (אַ קלאַפּ מיט די פֿינגער אויפֿ'ן פּיסק.) איז פֿאָרט כל־ימי (?) געווען אַ קישקע־טרייבער אין יאַטקע... לאָז ער זיך שוין דאָרט מיהען פֿאַר די אַלטע כאָלעוועס... און מיין טאַטע — זאָל מאריך ימע ושלע (?) זיין, איז נאָך בחור־ווייז שוין געווען אַ שמייסער ביים רבי'ן עריב געצעלע צי עריב (?) גע־ציקעל זכריינעה־לברכה (אַ קלאַפּ איבערן פּיסק) איך בין ניט ווערט זיין היילינען נאָמען צו דערמאָהנען!... און פֿון מיין חתונה אָן ביז היינטיגען טאָג, איז ער דאָך דער שענסטער מקבל אין שטאָדט, ס'זאָל איהם גאָר ניט פֿערשטערט ווערען... נו, און שמריה? איך מיין טאַקע דעם שווער דיינעם — אויס־

געניקערט זאָל זיין נאָמען ווערען! — ער זאָל נאָך ווען,
וואָלט דאָך איהם די וועלט געכגעלאָפּען!... וואָס איז, מ'ווייסט
ניט, אַז ער איז פֿון די לאַנדוואָלניקעס? (למ"ד ואָג'ניקעס) נאָר
וואָס, אומשטיינסנעזאָגט...? אַזאַ נאַכליע, וואָס טויג ניט, ניט
דאָ באָהאָ, ניט דאָ ליודיי!... און טאַקע אין דער אמת'ן: וואָס
אומשטיינסנעזאָגט איז דער מענש...? (אַ קלאַפּ איבערן פּיסק).
אַ וואָרעטשעק... דאָ גיסט מען אָן און דאָ רינט אַרויס... וואָ־
רעם אפילו אַ וואַרנעטשקע אין אָקרופּ איז דאָך אויך שטאַר־
קער פֿון איהם!... עט! נאַ דיר אַ גראָשען פֿאַר אַלע נגיד'ע־
שאַפֿטעגישען!... אַז פֿאַר וואָהר זאָל איך טאַקע אַזוי נאָך
הערען סופר של־לשיח (?), ווי איך האָב נאָך פֿונ'ם רבי'ן עריב
געצעלע אַליין געהערט, אַז אַ יודענע איז געגליכען צו אַ לאָק־
שענטאָפּ: היינט רוקט מען איהם אין טשאָלענט און מאָרגען
איז שוין נאָכ'ן קוגעל!... היינט וואָס ביסטו מיך דאָ חושד...?
הער אויס, איציקעל: אַן אשה איז אַ קלאָפּ אבער אַ... ניט
אומזיסט האָט זי אין זיך ניין מאָס רעד... נאָר פֿון איהר קו־
מען דאָך אָבער פֿאָרט אַלע צדיקים אַרויס!... איז זי דאָך,
אַ פּנים, עפּעס פֿאָרט אַ שטיקעל חשוב ביי דעם. (אַ קלאַפּ אי־
בערן פּיסק) איך בין ניט ווערט צו דערמאָנען — וואָס לעבט
אייביג... דער גאַנצער דר־עיקר איז נאָר, פֿון וואַנעט זי קומט
אַרויס?... וואָס טויג דאָס גוטע ביער אינ'ם שלעכטען פֿאַס...?
אייביג לעבט מען דען מיט דער קישקע...? זעה, וואָס דער
הייליגער בוהיי (בחיי) שרייבט אינ'ם צאנה־ראינה, אַז נאָר דורך
גוטע קינדער קומט מען גלייך אין ליכטיגען גן־עדן אַריין...
אָט פֿאָלג דיין נאַרישע שוויגער, איציקעל, און נאָך היינטיגס
מאָל טוה מיר צוליב, און נעם איין אָט דאָס סערעפּעל!...
וויפֿיל איז דאָ דאָ, אומשטיינסנעזאָגט? איין ברודער דעם אַנ־

דערען, אַ לעק! קיין צער, ניט מעהר!... וואָס מיינסטו איז דען
דאָ חלילה אזוינס? אסור, ניט קיין סם, ווי מיר יודען זענען...
וויים איך דאָרט... ס'האָט מיר היינט די אַלטע זיסעל, די גאָט־
עכע, דערצעהלט, ביים גאָרען מעסטען, אַז איהר האָט פֿאַר
עטליכע יאָהר, דוואָסי, די בערעכע אַליין דערצעהלט, אַז נאָך
אין קליין־קעטאַרעד האָט זיך אַזאַ מעשה פֿערלאָפֿען...(?) האָט
דעמאָלט דער זילשטוּווער זכריינע־לברכה געהייסען צוּנויפקאָלע־
פּוּצקען אַביסעל הינדיקזאָמען מיט אַ האַלב לויט קאַטשקע־
פּוּטער און פֿערשיטען מיט אַ קאָפּ קעבעבע און עס לאָזען
פֿערזידען אין אַ קליין טעפעלע, אָבער טאַקע גאָר אין אַ פּי־
צעלע טעפעלע... אָט האָסטו דיר דעם גאַנצען סוד... און דוּ
מיינסט חלילה, ווער ווייסט וואָס?... אין מיין פאַזעכע זאָל עס
אַריין, וואָס דיר קען דאָ שאָדען, רבי יונה שלמה! די אַלטע
דוואָסי עלע־שאָלע (?) — אַ גוּטער מליץ זאָל זי דאָרט זיין, —
איז אַ גרויסע מוּמחה'טע געוועֶן! און וואָס איז דאָס חדוּש? —
אַזאַ צדקת, אַ יוּדענע! וואָס האָט זיך אויסגעוואַלגערט ביי אַלע
צדיקים (אַ קלאַפּ איבערן פּיסק) — איך בין זיי ניט ווערט צוּ
דערמאָהנען — און האָט זיך אָנגעהערט מיט אלפי אלפין
סגוּלות און שפּרוּכען, וואָס די האָר זענען ניט איהר־
רע!... אַז פֿאַר וואָהר זאָלען מיר טאַקע אַזוי אין
ניכען אויסגעלייזט ווערען, ווי איהר אָבשפּרעכען פֿוּן אַ
נאַנאָהרע (?) פֿוּן אַ בוּשעכע, פֿוּן אַ אָבטוּהעכץ און פֿוּן אַלדע
בעזע רוּחות, איז געוועֶן, ווי מ'נעמט ממש צוּ מיט די הענד!...
היינט, וואָס ביסטוּ מיך דאָ, איציקעל הושד...? טוּה
זשע מיר צוליב, נאָך דאָס מאָל, און נעם איין כאָטש
איין לעפעל!.... און מיט די רעד, כאַפּט זי שוין אַפּיר פֿוּן
אוּנטערען פֿאַרטוּך דאָס מין טעפעל... און האַלט מיר מיט

איין האַנד, צו די נאָז און מיט דער אַנדערער קעהרט זי מיר איבער דאָס טעפּעלע אין מויל אַריין, נאָך איידער איך אום־פּייע מיך אַרומצוקוקען... פּונקט אַ שטיינער, ווי די נייע אפּיקורסים׳לעך, דערטאַפּענדיג אין זייער חברה אַריין אַ פּויליש יונגענמאַנטשיקעל, רוקען זיי איהם אין מויל אַריין אַ שטיקעל קעלבאַס, כדי איהם מחנך זיין צום עסק...

פּע! אונזערע חסידים גיבען זיך ניט אָב מיט אַזעלכע פּוסטע מצות! פּרעגט אין גאַנץ פּוילען, צי שטרייכט זיך אַ חסיד אין דער מצוה, אריינצורוקען אַ דייטש אַ שטי־קעל קוגעל אין מויל, צי קאַלטע דרילעס אין די הויזען קע־שענעס אַריין?... חס ושלום... פּוילישע חסידים געהן, אמת נאָך מצות — אָבער וואָסערע מצות...? מצות, וואָס, זענען נויטיג ווי אין לעבען אַריין!... אַ שטיינער: אַ מצוה פּאַר׳ן רבי׳נס אן אומ׳כבוד׳ל יענעם אויסדינגען די אַרענדע; פּאַר דער רבי׳צענס אַ חנ׳דעלע יענעם מסר׳ן אויפ׳ן לעבען און פּאַר׳ן רבי׳נס קינדערליכס אַ קאַטאָוועסעל יענעם אָנשיקען אַ רויטען האָן אויפ׳ן דאַך... נו, און פון די מצות אַ שטייגער: פּאַר׳ן טראָגען איינענע האָר, מאַכען אַ ממזר־בלבול, צי פּאַר לערנען תנ״ך — אריינשטופּען אין געוואַנד בעז שטשאַט... צי פּאַר שערען די באָרד — פּאַטשען אין באלף מחילות נאָכ׳ן טויט וכדומה... היינט וויפיל מצות טוהען פּוילישע יודען נאָר מיט׳ן אויסרעד „לשם־מצוה״?... אי שווערען פּאַלש, אי מעסטען און וועגען פּאַלש, אי ראַבעווען און גזלן׳ען, און... און וואָס איהר ווילט!... און „לשם־מצוה״... כ׳לעבען, דער יוד מוז דאָך נע־בעך פּאָרט האָבען אויף טויזענטער מצות, אָהן וועלכע מ׳איז גאָר קיין יוד ניט... מוז נעבעך גיבען אַ פּדיון דעם רבי׳ן, אַ

מתנה׳לע דער רבי׳צען; אַ תקון דער חברה; אַ לולקע ציבעקעל אויף הכנות; אויף וואַרעמען די מקוה; אויף שמורה; אויף אַ שאָפּען קעפּעל; אויף אַ ווייסען כפרה־האָן; אויף אַ סאַדע־גערער שאַל; אויף שמירות, סגולות און קמיעות און נאָך, און נאָך, און נאָך... נו, פֿון וואַנעט נעמט מען עס?... גוט איז, אַז מ׳איז אַ געשעדיגט שמייעדיג חסיד׳ל, וואָס נאַרט אַראָב טאַקע פֿונ׳ם רבי׳נס טיש אַ זילבערנעם לייכטער, צי טאַקע פֿון דער רבי׳צענס האַלז אַראָב אַ שנירעל פּעריל... נישט תמיד געראָט אָבער... נו, מוז מען דאָך „לשם־מצוה״? נו, איז וואָס? דאָ געהט דאָך עפּעס אין יודישקייט... וואָזשע זנאַטשעט דאָ עטליכע יחידים?... הייגט פֿאַר וואָס בערעכענט איהר ניט, אַז דורך אן אומגליקליכען קומט אַרויס אַ טובה צעהנער און הונדערטער אַנדערע, און אַ סך בילכערע פֿון איהם?... אַ שטיינער אַז אַ חסיד דינגט אויס ביי אַ מתנגד, צי ער מאַכט נאָך דעם פּריץ אַ פֿאַלשען קוויט, וכדומה... האָט דער רבי מיט זיין סוויטע ווי איינצושטעהען, און טויזענדער עולי־רגל׳ס צום רבי׳ן האָבען זיך וואו צו דערקוויקען מיט אַ אומזיסטיג ביסעל בראָנפֿען... פֿונ׳ם קוויט בעקומט דער רבי מעשר, די רבי׳צען — אַ כאַבאַר, די קינדערלעך מתנות און די גבאים לאַ־יחרץ־געלד... נו, און דורך די יפה פיה איז דאָך קיין רעדע ניט: דורך איהרען אַ גוט וואָרט, ווי מען דאַרף... ווער שמועסט אַ הנ׳דעלע... ווער שמועסט טאַקע אַן עבירה׳לע... קען דאָך טאַקע אַ מאָל דער רבי מיט הונדערטער חסידים פּשוט ניצול ווערען פֿון אָסטראָג און אפשר פֿון סאָמביר אויך!... אָט, אַזעלכע מצות זענען כדאי: יענעם מאַכט מען דערמיט חלילה ניט קאַליע

אין יודישקייט אַריין... און אַ סך יודען ווערען נאָך נתגלה ונתקדש דורך דעם... אָבער ניט אַזאַ מצוה, ווי קעלבאַס רוקען אין מויל אַריין! דאָס פערזינדיגט דאָך אַ יודישע נשמה אויף אייביג, און מאַכט איהם אוים יוד!...

נאָר ניט דאָס בין איך דאָך אויסען!—הערט, וואָס אַ מכשפה קען: מאָלט אייך, אַז זי האָט שוין אויסגעפיהרט איהרס... און די טאָכטער האָט שוין אָנגעהויבען עפּעס מאַכען קרומע עווית... זאָלט איהר עס זעהן, וואָס איך האָב אויסגע־שטאַנען פון איהר דערפאַר!? געזידעלט מיך כאחד הריקים, גע־שאָלטען מיט דער תוכחה, טעג־ווייז מיר קיין עסען ניט געגע־בען, און סוף כל סוף האָט זי מיר פשוט אַרויסגעיאָגט פון דער שטוב, איך זאָל מיר געהן צו אַלדע שוואַרצע יאָהר... נו, פרעג איך אייך, רבותים האָב איך פערדינט אַזאַ פּאָדיאַקע?... נישמעהר ס'איז דאָך פערפאַלען: זי שטעהט ווי אַ פּאָסטוי ביי דער טיהר און לאָזט מיך ניט אַריין!... נו, וואָס טוהט אַזאַ יונגערמאַנטשיק אין פוילען, אַז מ'טרייבט איהם אַרויס פון שווער און שוויגער...? מן הסתם איז קיין אַנדער עצה ניטאָ ווי נאָר: צום רבי'ן אין דער חברה באָרשט... אודאי, האָב איך געכאַפּט מיין טלימעקעל אויף די פּלייצעס און וואַליי צופוס קיין סיר־קעוו, גלייך צום רבי'ן אויפ'ן הויף! און וואָס איך האָב דאָרט דעם ערשטען טאָג איבערגעהערט און איבערגעזעהן און אין זינען אַריין גענומען — וועל איך אייך דאָ אין קורצען בעשריי־בען לזכרון אויף דור דורות!

## ג

## נאָר אומר, נאָר דברים, נאָר נשמע קולם...
## און מ'פלאַקערט, און מ'ברענט און מ'היצט דעם עולם!...

אום פרייטאָג זייגער צוועלף בייטאָג בין איך אָנגעקומען צום רבי'ן אויפ'ן הויף, און איך שווער אייך ביי מיין יודישקייט, אַז די מינוט האָט זיך מיר אויסגעוויזען, אַז איך בין אין בערדיטשעוו אויף פרעטשיסטער יאריד! דער הויף איז פול מיט יודען, יודענעס, יונגעלייטלעך און קינדער; אַ געשריי, א געפילדער, אַ שטופעריי, נאָר ווי די פער'סמ'טע מייז! מ'וואַרפט מיט הענד, מ'שטעקט גראָבע פינגער, מ'טרייסעלט מיט פאות, מען קנאַקט מיט פאַנטאָפעל, מ'רויכערט, מ'הוסט, מ'כראַקעט, מען שפייט, מ'קייט, מ'שטופט עלענבויגענס, מ'זידעלט, מ'שילט, מ'פאַטשט; די היטלען פרוקט אויף די פאָטילעצעס, די פאָלעס צולאָזט אויף אונטען, די עק גאַרטלען אויף דער ערד, אַ כוואַליע אַהער, אַ כוואַליע אַהין; עס רוישט, עס טומעלט ווי אין הונדערט פאַראָווע מיהלען און ס'איז כמעט ניטאָ וואו אַ שפּילקע צו דער ערד וואַרפען!... איך בין געבליבען שטעהן ווי אַ פריטשמעליטער און האָב ניט געוואוסט וואָס טוהט זיך עס מיט מיר, און וואו בין איך עס אין דער וועלט...? און נאָך אַ מינוט וואָלט איך געוועזן אַנידערגעפאַלען פון שווינדעל און קאָפ־דרעהעניש... נאָר פלוצים דערהער איך עפעס אַ מין האַרצרייסענדיג קול מיט אַ ביטער געוויין און יאָמער עד לב השמים! און קוק מיך אום — דערזעה איך עפעס אַ דערשלאָגענער פערפינסטערטער יוד פיהרט אונטער די הענד אַ מין צעשויבערטע יודענע מיט אַ ווילד פנים, מיט אַרומלויפענדיגע ווילדע אויסגעסטאַרטשעטע אויגען און פערקרימטע ליפען; דער גאַנצער

קערפּער אידהרער ציטערט און פּלאַטערט ווי אין אַ שרעקליכער קאָנוואולסיע; זי שטופּט דעם יודען פאָראויס אין איין אימפּעט און שרייט מיט אַ מין רעוועדיג קול: „צום רבי'ן, צום רבי'ן גיכער צום רבי'ן!" — נבהל ומשתוממ'דיג פון דער שרעקליכער קאַרטינאַ, האָב איך מיך געווענדעט צו אַ חסיד, וואָס איז לעבען מיר געשטאַנען, און מיט אַ ציטערענדיגער שטימע האָב איך איהם געפרעגט, וואָס דאָס בעדייט?... דער חסיד האָט זיך צעלאַכט מיט אַ פערוואונדערט געלעכטער, און ווי מיט אַ דורכגענומענעם קוק אויף מיר, האָט ער אויסגעשריגען: אַ... אַ גערוועקעל!?... וואָס פערשטעהסטו ניט, דו שקאָץ איינער, וואָס דאָס זאָל זיין?... האָסטו דען קיין מאָל פון קיין רבי'ן ניט געהערט?... ביסט געוואַקסען אין אַ וואַלד!?... האָסט דאָך מן הסתם, פאַר'ן פאָהרען אַהער, עפּעס געהערט פון אונזער רבי'ן, וואָס פאַר אַ קדוש עליון, אַ צדיק יסוד עולם דאָס איז, אַז מיט זיינע מופתים, נסים ונפלאות איז ער מרעיש אַלע עולמות עליונים ותחתונים, וואָס קיין צדיק אין דער וועלט איז נאָך ניט געקומען אין אַזאַ הויכער מדרגה פון התגלות-השכינה, ווי ער!... היינט וואָס פרעגסטו, יונגעל, וואָס דאָס בעדייט...?" — איך בין געבליבען שטעהן ווי אַ נעבעכעל, עפּעס ווי אַ חיב אין דער גאַנצער מעשה... און קוקענדיג אויף איהם מיט אַ בטלות'דיגער מינע און מיט אַ רחמנות-פּנים, האָב איך גאָר ניט געוואוסט וואָס איהם צו ענטפערן... מיין שפלות און הכנעה האָט איהם, אַ פּנים, גערידהרט און ער האָט מיר באַלד אַ זאָג געטוהן מיט אַ ווייכער שטימע: „נו, איך זעה, ביסט אַן עהרליך קינד, נאָר ביסט נאָך גאָר אַ תם... הער זשע, וועל איך דיר מפורש זיין דעם גאַנצען ענין דערפון בקצור, וואָרעם איך דאַרף זיך נאָך לויפען מכין זיין צום דאַווענען!" איך בין שיער פון די כלים

אַרויס פֿאַר שמחה און פֿאַר דאַנקבאַרקייט. און ער האָט מיר אָנגעהויבן דערצעהלען בזה הלשון: „נאָך צוריק מיט אַ יאָהר פֿיר, איז אָ די דאָזיגע יודענע עפּעס ניט געזונד געוואָרען; נו, מילא, מאַלע אַ מענש ווערט עפּעס ניט געזונד! מ'האָט איהר געטוהן עפּעס עטליכע באַבסקי רפֿואות און ס'איז כמו ווי אי־בערגעגאַנגען; נאָר אין אַ חודש אַרום האָט זי בעקומען עפּעס ווי אַ מין ספּאַזמאַ, אַז דהיינו: פּלוצים פֿלעגט זי עפּעס אָנהויבען וואַרפֿען מיט די הענד, מיט די פֿיס, און פֿלעגט דערביי עפּעס ווי לאַכען און וויינען אינאיינעם, ביז זי פֿלעגט אנשלאָפֿען ווערען, און אין אַ פֿערטעל שעה אַרום פֿלעגט זי זיך אויפֿכאַפּען פֿריש און געזונד, גלייך ס'איז גאָר ניט געווען, נאָר די מינים ספּאַזמעס האָבען זיך וואָס ווייטער, אַליץ עפֿטער געמאַכט, זי האָט אָנגעהויבען דאַרען און מרה־שחורה'ן, ביז צום יאָהר האָט מען אָנגעהויבען בעמערקען אין איהר עפּעס תנועות פֿון משוגע... (אַזוי האָבען די בערלינער אין שטעדטעל געזאָגט — ימח שמם וזכרם! אָבער אין אמת אַריין איז דאָס כלל וכלל קיין משוגעת ניט געווען, און איהרע עלטערען, דער מאַן מיט די קרובים און אַלע חסידים אין שטעדטעל האָבען ניט פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז אודאי אַ... ד..." „דבוק! —" האָב איך אונטערגעכאַפּט זיינע רעד מלא שמחה און השתוממות — „אָ! ביסט אַ מאַלאָדעץ! — האָט דער חסיד געזאָגט מיט אַ פֿערביסען שמייכעל — מן הסתם אַ דבוק, ווי דען! ?... אַ קצור, דאָס גאַנצע בני־בית האָבען זיך אַן עצה געהאַלטען, און ס'איז בהסכם כלם געבליבען, אַז דער מאַן זאָל זי אַוועקפֿיהרען אַהער צו אונזער רבי'ן, ער זאָל איהר אַרויסטרייבען דעם דבוק!... אומר ועושה: דער מאַן האָט זי אַהער געבראַכט און איז מיט איהר געקומען צום צדיק פּונקט ווען ער האָט געהאַלטען אין פּראַ־

ווען... ווי דער רבי האָט נאָר אַ קוק געטוהן אויף איהר מיט זיינע ליכטיגע אויגען, האָט ער באַלד געזעהן מן השמים, אַז דאָס איז אַ מסוכן שטיקעל אַרבייט... דו פֿערשטעהסט, וואָס מ׳מיינט?... אָט בכדי דעם בידנעם מאַן ניט איבערצושרעקען אויף טויט... האָט ער איהם אַזוי, כלומר׳שט בנחותא, אַזאָג געטוהן: פֿערליר נישט קיין בטחון אינ׳ם אייבערשטען, ער איז אַ כל יכול! איך וועל דיר מיטגעבען אַ קמיע, און דו פֿאָהר מיט איהר אַהיים, און אַז דו וועסט קומען בשלום אַהיים, זאָלסטו איהר די קמיע באַלד אויפֿהענגען אויפ׳ן האַלז. און דער אייבערשטער וועט אודאי רחמנות האָבען, און וועט איהר צושיקען אַ רפואה שלמה בתוך שאר חולי ישראל... איי, איי, איי׳ זי דאַרף נעבעך האָבען רחמים!...״ דו פֿערשטעהסט דעם אויסלאַז...? מילא, דער מאַן האָט גענומען די קמיע און איז מיט׳ן ווייב אַהיימגעפֿאָהרען בשלום. און קומענדיג האָט ער איהר באַלד אויפֿגעהאַנגען די קמיע, ווי דער רבי האָט געהייסען. — הער אַ מין פלא והפלא: ווי ער האָט איהר נאָר אָנגעטוהן די קמיע — האָט זי באַלד עפעס אַרויסגעלאָזט מינים קולות, עפעס ווי נאָר אַ מין געלענק מיט טרעלען פֿון אַ חזן, אַזוי אַז ווער עס האָט נאָר די קולות פֿון איהר געהערט — האָט באַלד געשוואוירען, אַז אין איהר איז אַ דבוק פֿון אַ חזן, וואָס האָט עפעס חוטא געווען ביים לעבען, צי פוגם געווען אין דער תפלה און נאָכ׳ן טויט האָט מען די נשמה זיינע, אַ פגים, אַרויסגעשטופט מחוץ למחיצה... און זי האָט זיך נעבעך געזוכט ערגעץ אַ פריי־טולישטשע... ביז זי איז אַריין אין אַ דער יודענע אַריין!... די קולות האָבען זיך אַלץ אָפטער געלאָזט הערען און ביי יעדען מאָל האָבען זיך געהערט די ווערטער: פֿיהרט מיך גיכער צו דעם מענשען, וואָס האָט געגעבען די דאָזיגע קמיע!״... קורץ,

דער דבוק האָט נעבעך די יודענע נעמוטשעט אויפ'ן טויט ביז מ'האָט איהם געמוזט צוליב טוהן און פאָהרען נאָך אמאָל צו אונזער רבי'ן.

קומענדיג צום רבי'ן, האָט זי דער רבי באַלד דערקענט, און האָט זיך געווענדעט צום דבוק מיט די ווערטער: „איך בין אויף דיר גוזר, זאָלסט מיר באַלד זאָגען, ווער ביסטו, און ווי קומסטו אין דער דאָזיגער אשה אַריין?...״ — „אוי רבי, איך שעהם זיך מיין נאָמען צו דערמאָהנען בפני כל עם ועדה...״ האָט דער דבוק אויסגעשריגען מיט אַ ביטער־רחמנות'דיג קול — דער רבי האָט באַלד געהייסען, אז דער גאַנצער עולם זאָל אַרויסגעהן פונ'ם חדר, אַ חוץ זיינע צוויי לייב־גבאים... און דער נאָך האָט ער ווידער געפרעגט דעם דבוק: „זאָג די מינוט, ווער און וואָס דו ביסט!?...״ — „עס זענען דאָך אָבער נאָך געבליבען צוויי פרעמדע מענשען אין שטוב״ האָט דער דבוק ווייטער געזאָגט מיט אַ קול תחנונים. אָ דאָ האָט זיך עס דער רבי שטאַרק צעבייזערט און מיט אַ קול־מושל האָט ער אַ געשריי געטוהן: „שטיא! דו ביסט דאָך אין אַן אשה ווי זשע טאָר מען עס יחוד מיט אַן אשה, אָהן אַ שומר?...״ באַלד האָט דער דבוק אַ שמאָטשקע געטוהן מיט די ליפען איבער דער גאַנצער שטוב... (די בערלינער. ימח שמם, זאָגען אפילו, אז דאָס האט עס די יודענע אַ שמאָטשקע געטוהן, וואָרעם אַ נשמה — זאָגען זיי — האָט ניט קיין ליפען... נישמעהר ווער הערט זיי, אָ די הפקר יונגען!?...) און האָט זיך צווויינט אויף אַ קול: „וועה און ווינד איז מיר, וואָס אזא קדוש עליון איז גוזר, איך זאָל מיין נאָמען מגלה זיין ביק־הבריות! איך בין געווען כל ימי חזן אין טאַרעבאַרעווקער גרויסער שוהל און האָב מיט מיין מתיקות און מיט מיין תפלה תמיד מעורר געווען דעם עולם צו תשובה,

אַז פֿון מײַן דאַווענען פֿלעגט מען צוגאָסען ווערען פֿון געוויין, וואָרעם איך האָב טאַקע זעהר פֿרום און ערנסט מתפּלל גע־ווען פֿאַר'ן בורא שמים וארץ מיט אמת יראת־שמים און מסירת נפש! און הלואי וואָלטען מיר נאָר בײַגעשטאַנען די אַלע מלאכים, וואָס איך האָב בעשאַפֿען מיט מײַנע תּפילות, וואָלט איך מיך שוין פֿערשפּאָרט מוטשען אָ דאָ, בײַ דער יודענע אין בויך... נישמעהר דער אייבערשטער האָט מיך אָבער, אַ פּנים, געוואָלט ברענגען לידי נסיון... און האָט אויף מיר אָנגעשיקט אַזאַ שטן, וואָס איך האָב איהם באין אופֿן ניט געקענט גובר זײַן, און בין רחמנא לצלן, געכאַפּט געוואָרען אין זײַן נעץ!... און נאָך וואו?—ווּעה איז צו מײַן נשמה! נאָך אין פּאָליש פֿון דער שוהל!... דאָס איז געווען דעם שוהל'ס־גבאי'ס אַ קעכניע, אַ מכוער'ע יודענע, קײן תּקומה זאָל זי גאָר ניט האָבען, אָ די חצופה איינע, וואָס האָט מיר פֿערזינדיגט אויף דער וועלט און אויף יענער וועלט, און איך מוז מיך איבער איהר אַרומוויען אין דעם עולם השפל, גאָט ווייסט ווי לאַנג!..." — „אָבער דעם חטא האָסטו געטוהן באונס, צי ברצון?" האָט איהם דער רבי געפֿרעגט. אוי, רבי! האָט דער דבוק געשריגען — השי"ת אַליין איז יודע דעם אמת, אַז איך בין דאָ אַן אונס געווען! מיך האָט מײַן הדרת־פּנים געקוילעט... אַרײַנגעהענדיג שטענדיג צום שוהל גבאי, האָט אויף מיר די חצופה געוואָרפֿען אַן אויג, און אַמאָל אין אַ פֿאַרנאַכט אָקעגען אַ האַלבע שעה פֿאַר מנחה, ווען קײנער איז נאָך אין שוהל ניט געווען, יאַוועט זיך פּלוצים אָ די שפּלה אויסגעפּוצקעט אין פּאָליש אַרײַן און רופֿט מיך בוצים צום גבאי... און ווי איך האָב שוין נאָר וואָס געוואָלט געהן — כאַפּט זי מיך אָן ביים אַרבעל און איז מיר פּשוט תּובע בקול רם, און זאָגט מיר נאָך דערבײַ: „טאָמער מײנט

איהר אפשר, איהר וועט מיר מאַכען די שפּיל, וואָס יוסף הצדיק מיט דער פּוטיפר׳שע... לויף איך שוין אַרויס און שריי קאַראַוואַל, אַז איהר האָט מיך אַהער פֿערנאַרט און מיך געוואָלט מאנס זיין! מיט מיר זאָלט איהר זיך נישט שפּילען... איך האָב אַ קוק געטוּהן, די שפּיל איז פֿאַר׳ן טייוועל און אָט, אָט קוּמט זיך צונויף דער עולם דאַווענען... און דאָ האָט דער יצר הרע אַ שפּיל געטוּהן זיינס... וועה און אָך איז מיר, אויף מיין זינדיגער נשמה, וואָס איך האָב ניט געקענט עומד בנסיון זיין — און בין געכאַפּט געוואָרען!...״—„האָסטוּ כאָטשע כל ימיך תשוּבה געטוּהן בלב שלם אויף דעם ביטערען חטא?״ פֿרעגט איהם דער רבי.—וועה איז מיר אויף מיין בראָך! האט אויסגעשריגען דער דבוּק—פֿוּן יענער מינוּט אָן, האָט זי מיך שוין אַזוי אַריינגעכאַפּט אין די לאַפּקעס אַריין, אַז איך האָב שוין אפילוּ ניט אין זינען געהאַט מיין לעבען אויך, און טאַקע דאָס יאָהר בין איך געשטאָרבען. קומענדיג אויף דער אמת׳ער וועלט, האָט מען מיך באַלד געבראַכט פֿאַרן בית־דין של מעלה און מ׳האָט מיר אַרויסגעגעבען אַ פּסק, אַז מ׳זאָל מיר אַ קיילעכדיג יאָהר וואַרפֿען אויף כף הקלע פֿון איין עק וועלט אין דער אַנדערער און דערנאָך זאָל איך אַרומגעהן אויפֿ׳ן עולם התועה, ניט וויסענדיג אַז איך בין אַ מת... אַזוי האָב איך מיך אין צרות און אין ליידען אַרומגעוויעט דריי יאָהר כסדר און צוּ לעצט דריי יאָהר האָט מען מיר מן השמים מודיע געווען, אַז איך בין אַ מת און אַז איך שוועב אַרום אין עולם־התועה... אָ דאָ האָב איך מיר זעהר דערשראָקען פֿאַר דער לעבעדיגער וועלט... און האָב מיך בעהאַלטען ערגעץ אויף אַ הייליג אָרט צווישען יוּנגע קברים׳לעך... און האָב מיר אַליין געזוּכט אַ פּריטוּלישטע... ויהי היוֹם איז די דאָזיגע יוּדענע געקוּמען אויף דעם הייליגען אָרט,

צו איהרען אַ קינד אויף קבר אבות—און כּפי זי איז דעמאלט געווען אין איהר אומרײנער צײט... האָב איך בעקומען דעם רשות פֿון אויבען, איך זאָל אַרײן אין איהר און דאָרטען גע־פֿינען מײן מקום מנוחה פֿון דעם פֿינסטערען עולם התועה און פֿון די אַלע מלאכי־חבלה, וואָס רודפֿ'ן מיך אויף יעדען שפּאַן..."

באַלד האָט זיך דער רבי ערוואַכט ווי פֿון הינערפּלעט, און האָט אַ געשריי געטוהן: „בשם כל אבותי הקדושים והטהורים בעשווער איך דיר, זאָלסט די מינוט אַרויס פֿון דער אשה אין דײן רוה אַרײן!..." דער דבּוק שווײגט... „בשם כל הצדיקים קדושי עליון, בעשווער איך דיך, זאָלסט באַלד אַרויס פֿון דער אשה!" האָט דער רבי ווײטער אויסגעשריגען — נאָר דער דבּוק שווײגט ווי דער טויט... דו פֿערשטעהסט אַ העזה... דער רבי האָט דאָס דריטע מאָל אויסגעשריגען מיט אַ קול שאגת־אריה: „איך בעשווער דיך, דבּוק, בשם הקדוש והטהור, ר' קחצי סירקעווער! (דאָס האָט ער געמײנט זיך אַלײן...) כּהן לאל עליון, זאָלסטו די אותו רגע אַרויס פֿון דער אשה, אין דײן רוה אַרײן!..." הערענדיג דעם דאָזיגען נאָמען איז דער דבּוק פֿערציטערט, געוואָרען מיט אַלע אברים... און האָט אָנגע־הויבען רעווען ווי אַ טיגער: „פֿאַר אײך רבי איז גלוי וידוע, אַז איך וואָלט אַלײן געוואָלט אַרויס פֿון אזא אומרײנעם גײסט, נאָר געוואָלט! וואָס זאָל איך טהון, אַז דער שרעקליכער מלאך־דומה, שטעהט פֿאַר דער אשה און פֿערסטאָמפּעט מיר דעם וועג...!" דארויף האָט איהם דער רבי, מיט אַ קול תנחומים גע־זאָגט „געה אַרויס פֿון איהר, און איך וועל שוין מתפּלל זײן פֿאַר דיר, זאָלסט בעקומען אַ תקון עולם..." דארויף האָט זיך דער דבּוק צעווײנט מיט אַ יאָמער און קלאָג: „אוי טײערער

... שיקעס מלאכי חבלה מיט רוחות רעות שטעהן
און ווארטען די מינוט, ווען איך וועל נאָר אַרויס פֿון דאַנען,
זיי זאָלען מיך ווי חיות רעות צוררייסען אויף שטיק שטיקלעך
און מיר אָנטוהן כל עִנויים קשים שבעולם !..." (די בערלינער,
ימח שמם, מאַכען זיך דערפֿון אַ לצנות'ל „ס'טייטש — זאָגען זיי
— און פֿון די אַלע שדים רוחות און מלאכי־חבלה בעהיט איהם
אַ שוואַכער פֿרויען־קערפּער ?... נישמעהר וואָס פֿערשטעהן אַזעל־
כע מנושמ'ע עמי־ארצים ?...) דאַרויף איז שוין דער רבי פֿון די
כלים אַרויס, און האָט אַ געשריי געטוהן : „אַרויס עזות מחוצף
פּנים, איך הייס !..." דעמאָלט האָט דער דבוק אַרויסגעוויזען זיין
רוח־הטומאה און מאַכט אַזוי „אַז איהר זענט אַזוי גוזר — וועל
איך אַנדערש ניט אַרויס פֿון איהר, ביז איך וועל זי מזיק זיין
אין איינעם פֿון איהרע אברים און דעמאָלט איז זי מסוכן !..."
אָ דאָ האָט דער רבי אַ געשריי געטוהן צו די גבאים : „פֿיהרט
אַרויס אָ דעם חוטא, דעם חצוף פֿון מיין שטוב ! ער איז גע־
שטאָרבען אָהן תשובה—לאָזט מען איהם מן השמים קיין תשובה
ניט טוהן ; זיין תקון איז זעהר אַ שווערער ענין !" — דו פֿער־
שטעהסט אַ קוק פֿון אַ צדיק יסוד עולם !... „שווער"... אָבער
דאָך מיגלעך !... און אַזוי, שוין באַלד אַ יאָהר, זיצט זי מיט'ן
מאַן דאָ אין סירקעוו, אויפ'ן רבינ'ס קעסט, און אַלע טאָג
טרייבט זי דער דבוק צום רבי'ן אין קלויז אַריין, וואו זי פֿער־
גיסט בכיות אינ'ם ארון־קדש פֿאַר דעם זינדיגען חזנ'ס נשמה,
זי זאָל אינ'ם זכות פֿונ'ם הייליגען רבי'ן, בעקומען אַ תקון צווי־
שען אַלע נשמות ישראל, און זאָל מכנים ווערען תחת כנפי
השכינה... נו, מן הסתם איז דאָס נאָך ניט קיין תשובה שלמה...
נאָר יבוא יום..." דאָס אַלעס האָט מיר דער חסיד דערצעהלט
מיט אַ מין התלהבות און התפעלות, אַז איך האָב מיך אויך

אַזוי ווי ער, דערווייל פֿערגעסען אינ'ם עיקר: אַז דעם דבוק האָט דאָך טאַקע דער רבי פֿאָרט ניט אַרויסגעטריבען... און בין איך נתפּעל געוואָרען גלייך מיט איהם... און האָב שוין דעם געטליכען מופת הונדערט מאָל איבערדערצעהלט אַנדערע, איטליכעם מאָל מיט נייע צוזעצלעך און אויפֿטוהעלעך... און אַלע היצען מיר זיך און צופֿלאַקערען זיך... און פֿליהען אין הימעל אַריין... און קיינער גיט זיך עד היום קיין חשבון ניט אָב: אין וואָזשע בעשטעהט דער מופת?...

## ו

**דאָרט מעשה מלכות מיט אַלערליי תענוגות;**
**אַ עולם־הזה אַזוי זיס ווי מילך און האָניג;**
**דאַ שפלות, עניות, געמיינע אינטריגעס,**
**מיט געמאַכטע התלהבות אויף אַ שנאַפּס מיט**
**אַ רעטשאַניק...**

איך האָב מיך אָנגעהויבען רוקען אין די סוצונעס, וואו
דער רבי געפינט זיך דאָרט. איך קום אין דער ערשטער שטוב
אַריין, כמעט נאָר הוילע פיר ווענד, אָהן אפיצעל מעבעל... אַ
גרויסע שטוב געפאַקט מיט חסידים, יונג און אַלט, ווייבער און
קינדער... אַלע שפּאַרען זיך צו דער פערשלאָסענער טיהר אין
דרום זייט; אַ געפילדער אַ גאָנעריי, אַ זידלעריי, אַ שילטעריי!
מ'הוסט, מ'ניסט, מ'שנייצט, מ'שפייט, און ביי יעדען האַלבען
עפען די טיהר, פליהען, פון די טיהר־גבאים צום עולם פעטש
מיט סטיסאָקעס מיט טאַטענס־טאַטען... יונגע חסידים'לעך פלי-
ען ווי די האָלעשקעס, אָרימע ווייבער פאַלען צו דער ערד'
קינדער טרעט מען מיט די פיס, אפילו אָרימע לומדים און כלי
קודש געהן זיך אויך ניט אויס אָהן אַ זידעל, אַ שטופ פון די
גבאים... פאָקעוואַנעט עס געהן ניט איבער פריהער אַלע נגידים,
פאָטשטאַרען, רייכע רענדאַרען, בעל־טקסאַ'ס, פאָדראַטשיקעס,
גובערנסקי האָדאָטייעס וכדומה פיינע בריות... צווישען דעם גע-
מיינעם עולם, האָב איך מיר אויך יאַקאָש אַריינגעשטופּט אין
דער פערשלאָסענער טיהר און כאָטשע איך האָב טאַקע גע-
לעזט גוטע עטליכע סטיסאַקעס אין האַלז און נאַקען אַריין—
180 איז דאָס אָבער כדאי געווען, דערפאַר וואָס פון דעם חדר איז

שוין נאָר געווען איין טיהר צום רבי'נס חדר... אין דער שטוב
איז שוין יאָ געשטאַנען עטליכע בענקלעך פֿון אנשים מכבודים
ווענען... און ביי דער מזרח־וואַנד, ניט ווייט פֿון דער טיהר,
איז געשטאַנען אַ אומגעלומפּערטע שאַפֿע, פֿול מיט אַלערליי
מאכלים און משקאות, און דאָס איז געווען דער בופֿעט פֿאַר
די גבאים און העכערע משרתים דעם רבי'נס... די
לעצטע טיהר אין שוין געווען פֿערקייטעלט פֿון דער
זייט, און צוויי גבאים ביי בידע ביישטידלעך; איינער
פֿון זיי—אַ דאַרער אַ ברייטביינינגער מיט אייזערנע מוס־
קולעס—האָט ניט אָבגעטרעטען פֿון דער טיהר אַ רגע,
און דער אַנדערער אַ בויך מיט אַ געפּאַלדעוועטען רויי־
טען קאַרק, מיט צוויי גראָבע גרויסע בערישע לאַ־
פּעס — האָט אָפֿט אָבגעטראָטען אין פֿערשידענע זיי־
טען און על פּי רוב צו דער שאַפֿע... דאָס איז גע־
ווען דעם רבי'נס טיש גבאי, מעכציע, און דער ראש איבער
אַלע גבאים, אַ חוץ דעם רבי'נס לייב־גבאי... ווען איך בין אַריין
אין דער שטוב, האָב איך מעכציען געטראָפֿען שטופּען די פֿיש
אין שאַפֿע... ווי איך האָב מיך אַזוי אָנגעהויבען הינטערוויילעכץ
צושאַרען צו דער לעצטער טיהר — איך ווייס ניט פֿון וואַנעט
און פֿון וואָס... פֿליהט פּלוצים פֿון מעכציע'ן אַ פּלעט מיר
אין דער מאָרדע אַריין, אַז איך בין אויף דער שטעל אַנידער־
געפּאַלען ווי אַ פּריטשמעלטער צו דער ערד — און ער האָט
זיך ווייטער גענומען צו די פֿיש... איך האָב מיך אַביסעל ספּאָ־
מיענעט און האָב מיך פּאַוואָלע צוגערוקט צו מעכ־
ציע'ן, און האָב איהם אַריינגערוקט אַ צווייער, וועלכען
איך האָב אַליין אויסבעהאַלטען נאָך פֿונ'ם דינ'ס
שמורה קלויבען — און מעהר האָב איך טאַקע ניט גע־

האָט אַ גראָשען ביי דער נשמה... ער האָט מיר, שמייכעלדיג נאָך דערלאַנגט אַ פּאָר באָכענציעס און האָט מיר געעפֿענט די טיהר צום רבי'ן אין חדר...

וואָס זאָל איך אייך, ליבע לעזער, אויסמאָהלען דעם רושם, וואָס אויף מיר — אָרעם, זלידניעש, פּויליש הניאָקעל — האָט געמאַכט דער פּראַכט און גלאַנץ וואָס מיינע אויגען האָבען דערזעהן, אַריינקומענדיג צום רבי'ן!... איהר פֿערשטעהט אַליין, וואָס אינ'ם אָבגעריסענעם בעטלער געהט פּאָר, אַז ער דערזעהט זיך פּלוצים אין אַ זאַל מעשה מלכות... דער רבי איז געזעסען ביי אַ זילבער-געגילטען קאַפֿע-סערוויז מיט אַלערליי טהייערע געבעקסען, אויף אַ מין ווייס-אַמאַלירטער שטוהל מיט פֿערגילטע פֿיס און פּאַרענטשעס, און מיט פּישנעם רויטען סאַמעט געבעט, לעבען אַ קיילעכדיג מאַינעווע טישעל מיט פֿערשידענע טאָקעריי און שניצעריי, און אַליין אין סאַמעט, אַטלאַס און זייד פֿון אויבען ביז אַראָב. חוץ די פּאָר לאַקירטע פּאַנטאָפֿעלעך מיט זיידענס בעבריימט; גרויסע, לאַנגע טיולענע זאַנאַוועסען מיט אויסגעשטיקטע אוזאָרען אויף געטאָקטע פֿערגילדעטע שטאָרען איבער אַלע טיהרען און פֿענסטער; מעבלען מיט גאַרניטורען אונטער זיידענע און סאַמעטענע מאַטעריע בעשלאָגען מיט צוויי גאָלדענע וואַנד-שפּיגלען, פֿון דער סטעליע ביז אין דער פּאָדלאָגע; אין דער מיט סטעליע אַ קאַנדילאַברע אין דריי שטופֿען ליכט-רעהרען אויף בראָנז-געגילטע קייטען און איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע אַ פּישנע פּערסידקע קאָוויאָר מיט פֿערשיעדענע פֿיגורען און אוזאָרען, און העט אַרויף צום ווינקעל אַ צונויפגעלעגט אַמאַלירט-פֿערגילדט בעטעל מיט פּע־כאָווע בעטגעוואַנד און זאַמשענע איינשיטען מיט בלוי זיידענע

ציכען; אין די פיר ווינקלען און אויף די לאָמבער טישלעך טייערע פאַרצעלייענע וואַזאָנעס מיט פערשידענע זילבערנע און גילדענע חפצים. — די רבי׳צען איז דעמאָלט גראָד געשטאַנען אויף דער טיהר, וואָס אין ספּאַלנע אַריין, און אין דער מינוט האָט מיר געגעבען אַ בלישץ אין די אויגען איהר ציהרונג אַ סך מעהר ווי מעכציעס פעטש... און אפשר נאָך מעהר פון אַ שטאַרקען בליץ אין אַ שטאָק פינסטערער נאַכט... אַ האַלז מיט די גרעסטע אָרליאַנער פעריל, אפשר צוואַנציג שנירעלעך פאַר אַ מציאה, און אין דער מיט אַ ברילי־אַנטענער בראָש מיט אַ רובין אין דער מיט פון אַ געווים וועלישען ניסעל די גרויס; אַ גאָלד געשטיקט ברוסטיך מיט פערל און דיאַמאַנטען בעלעגט, אַ שטערענטיכעל, אַ פאָרמואַר מיט אַ ציטערשפּילקע לויטער ברילי־אַנטען און פערל, און אַ פאָר אוירינג, אין יעדען אַ ברי־לאַנט פון אַ גרויס האָזען ניסעל די גרויס, חוץ פינגערלעך אויף אַלע פינגער פון ברילי־אַנטען, שטוראַקען און רובינען און אַ פאָר סאַמעטענע גאָלדגעשטיקטע טופלילעך מיט פערעל און דיאַמאַנטען געזעצט... הכלל, עושר, כבוד, גדולה און כל תענוגים שבעולם אַזוי, אַז דער עולם הזה רינט אַריבער דעם בעכער!... — איך האָב אין גיכען אָבגעכאַפּט פונ׳ם רבי׳ן דעם שלום־עליכם און האָב מיך, ווי איין אָבגעבריהטער, קוים אַרויס־געכאַפּט, און ערשט אויפ׳ן הויף האָב איך מיך קוים ספּאָמ־גיענטעט פון דעם אַלעמען, וואָס מיינע אויגען האָבען געזעהען...

אַז איך בין שוין צו זיך געקומען האָב איך דערזעהן, לינקס אויפ׳ן הויף, דעם רבי׳נס קלויז און האָב מיך געלאָזט אין קלויז אַריין. אַריינקומענדיג אין קלויז, האָט זיך פאָרגע־שטעלט דער הפך, וואָס ביים רבי׳ן: אַ סבראָד אָבגעריסענע אָבגעשליסענע, צעכראָסטעטע, שמוציגע און קויטיגע שלעפעדס,

מיט פֿערגעהלטע אַ־סגעצויגענע פּנים׳ער, מיט געגאָלטע קעפּ און קלאָטשעוואַטע צונויפֿגעשלאָגענע באָרד און פּאות, פֿייער־ברענענדיגע שווארצע אויגען טיף אין קאָפּ אריין, ווי ביי טשעכאָטעטשניקעס... פֿערמאַטערטע, אויסגעמאַרכעוועטע, ערנידעריגטע און פֿעראַכטעטע — נאָר זיי פֿיהלען עס ניט, און היצען זיך נאָר דורך נעקינצעלטען התלהבות פֿון אַ ביסעל תקון; פֿון ספּורי מעשיות איבער צדיקים בכלל און איבער׳ן רבי׳ן בפרט פֿון אַ רקודי׳ל, פֿון אַ ניי מופת׳ל, וכדומה... הכלל: נשמות אָהן גופים און שאָטענס, אָהן אַ זין, וועלכע שוועבען און שטרעבען און קוראַזשען זיך און דרעהען זיך און וואקלען זיך און טאַנצען און שפּרינגען און פֿליהען אַרום עפּעס אַ מין ליכט, וואָס ווייזט זיך זיי נאָר אויס... דעם ליכט דינען זיי, איהם פֿערשקלאַפֿען זיי זיך, פֿאַר איהם זענען זיי זיך מוסר נפש און צוליב איהם זענען זיי זיך אַליין מבטל כעפרא דארעא און משפּיל עד שפל־המדרגה!... אַריינקומענדיג בין איך שיער זאַלישעט געוואָרען פֿון רויש און געטומעל: אַ כוואַלע זקנים, יונגע לייט און יונגע־לייטלעך שלאָגט אַרויף קיין מזרח וואַנד און אַ כוואַלע, אַראָב, צו דער טיהר... די יאַרמעלקעס אויף די פּאָטיליצעס, די טלתים אויף די קעפּ, אויף די אַקסלען, אויף די עלענבויגענס אָקאָרשט זיי פֿאַלען אונטען אַראָב און ביי אַ טייהל שלעפּען זיי זיך שוין אין גאַנצען אויף דער ערד, נאָר נאָך ביי איין כנפה פֿערהאַלטען זיי זיך אין אַ האַנד... איינער לויפֿט מיט אַ של־ראש אין איין האַנד און אַ רעטשאָניקעל אין דער האַנד; איינער פֿליהט סטרום האָלאָוואָי און די רצועה של יד שלעפּט זיך איהם נאָך איבער דער גאַנצער קלויז; איינער זיצט איבער אַ זוהר און קלינגט און האַלט צו מיט דער האַנד אַ גלעזעל בראָנפֿען אין שטענדער;

ניט ווײַט פֿון איהם שטעהט אײנער, אין טלית איבערן קאָפּ, מיט'ן פּנים צו דער וואַנד און שאָקעלט זיך און אויפֿ'ן טלית, אַקעגען די באַקען, דערקענט מען, אַז ער קײט עפּעס... אײ־נער שאָקעלט זיך באַקאַם, אײנער מיט'ן קאָפּ אין שטענדער, דער פּאַטש מיט די הענד אין דער וואַנד, און דער קנאַקט מיט צוויי פֿינגער אין דער לופֿט; אײניגע לויפֿען נאָך אַרום מיט די לולקעס און ציגאַרען, און לאָזען בײגעלעך און שלענג־לעך פֿון רויך; דער שלעפּט ביי דעם אַ פּאַטשײלע פֿון דער קעשענע בסוד, און דער קניפּט צונויף צוויי טלתים ביי צוויי חסידים, וואָס שטעהן שמונה־עשרה... רעדלעך שטעהן און אַמפּערען זיך; יונגעלײטלעך לויפֿען הין און הער אין התלהבות פֿונ'ם דאַווענען און מאַכען מיט די קעפּ ווי טאַבונסקי פֿערד... טויזענדער געלענקלעך, טויזענדער תנועות, טויזענדער עויות! פֿון דעם הערט מען פּלאַקערען: „ישמחו השמים ותגל הארץ" און דער קלינגט „לאסור מלכיהם בזיקים", אַ דריטער קרעהט: „שחיטתן בצפון", אַ פֿערטער שרייט: „א...ח...ד!", אַ פֿינפֿטער וויינט: „אל מסתתר", אַ זעקסטער ברומט: „והאלילים כרות יכרתון" וכדומה... אַלעס אין אַ שום, אַ זשומעריי אַ מיש־מאַש, און אָט פֿליהט אײנער דורך ווי אַ וויכער, בעת אָבוויקלען די רצועה, און שרייט: „נו, און מײן חלק שליש!?..."

איך האָב מיך געשטעלט אין אַ ווינקעלע, געלענט טלית ותפילין און אָנגעהויבען דאַווענען פֿון פּאָרענט. ווי איך קוק מיך אַרום, זעה איך ווי אַ זײטען טיהר אין דרום־וואַנד איז אָביסעל אָפֿען; איך האָב נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט אַז דער רבי האָט אין קלויז אַ „יחידות־קלייזעל" אָדער „התבודדות־שטי־בעל", וואָס קײנער וואַגט ניט אַהין אַרײנצוגעהן... האָט זיך מיר תחלת נאָר געוואָלט אַ קוק טוהן דורך דער אָפֿענער שפּאַ־

רינע, וואָס איז דאָרט אַזעלכעס? — און אַז איך האָב שוין דערזעהן אַ שעהן, ליכטיג, ריין חדר מיט אַ טייער אָרון קודש׳ל אונטער אַ גאָלדגעשטיקטען סאַמעטענעם פּרוכת און אַ טייערען פּאָליטורטען טיש אין דער מיט אונטער אַן אויסגעשטיקט פּאַרטשעווער טישטעך מיט גילדענע פראַנזען און לעבען איהם אַ סאַמעט געבעטער פאָטעל מיט זילבערנע הענטלעך — האָט זיך מיר שוין פערגליסט טאַקע אַריינגעהן אינעווייניג... איך האָב מיך אַרומגעקוקט אויף אַלע זייטען... און האָב זיך יאַקאָש אַריינגעכאַפּט אַהין אומבעמערקט... באַלד האָט זיך מיר געוואָרפען אין די אויגען אַ גרויסע שענע שאַפע ספרים, אָהן טיהרען; איטליכעס ספר אין אַ שפּאָגעל נייער סאַפּיאַנענער בונד מיט פערגילדעטע רוקענס און טאָוולען און מיט זילבערנע האַקען און די בלעטער גאָלד־שניט. איך בין אַ בעלן געווען אָנקוקען כאָטש איין ספר אינעווייניג — נאָר הערט אַ פּלא: וואָס פאַר אַ ספר איך נעם אַרויס — זענען די בלעטער איינ־געקלעבט איינס אינ׳ם אַנדערען, אַז ס׳איז אוממעגליך זיי צו־געהמען... גלייך אַלע זענען ערשט פריש פונ׳ם איינבינדער געבראַכט... אפילו די טאָוולען לאָזען זיך גרינג ניט עפענען, גלייך קיין האנד האָט זיך נאָך ניט צוגערירט צו זיי... אָ דאָ האָב איך באַלד פערשטאַנען, אַז דאָס איז געווים אַ מופת פונ׳ם רבי׳ן, אַז קיין בן אדם זאָל אין זיינע הייליגע ספרים ניט קוקען... און האָב מיך שוין ווי אַן אָבגעבריהטער געוואָלט אָבטראָגען פון דאַנעט, נאָר דאָס לעצ־טע ספר האָט זיך מיר פערשעפּעט מיט׳ן האַק אין אַרבעל, און ווי דער טאָוועל האָט זיך עטוואָס געעפענט, איז אַרויסגע־פאַלען אַ בעשריבען ביינעלע פּאָטשט פּאַפּיר פוןביידע זייטען;
186 איך בין זעהר נייגעריג געווען דאָס צו לעזען, מיינענדיג, אַז

דאָס איז נעווים עפּעס סודות התורה פֿונ׳ם רבי׳ן... און האָב עס יאַקאָש, אין פּחד, איבערגעלייענט... לאָזט זיך אוים: דאָס איז אַ רשימה פֿון אַ נסיעה דעם רבי׳נס אויפ׳ן פּאָוויעט... און דאָס איז די אות באות, מיט מיינע איבערזעצען אין אייניגע ערטער.

## ה

# דער סדר הדרך פֿוג"ם רבי'נס אַ נסיעה נאָך מעות; די בולקעס, דעם רבי'נס טיש און מעשות גאָר פּלאות

אויפֿ'ן ערשטען זייטעל פֿון ביינעלע פּאַפּיר איז פֿערצייכענט געוועז מיט'ן רבי'נס כתב־יד:

## "סדר הנסיעתי:"

"ביום ג' פרשה ואתחנן הנני לצורך־נוסע (וועל איך אַרויספֿאָהרען) על העולם בסדר הזאת: מפה אנסע אל כל ראשון (צום אַלעם ערשטען) להבקר־יבש (צום רענדאר) מאָשקע טאָרבע, ובאם הוא נותן לי חי' פעמים צפרים (קערבלעך) אני מבטיח לו בן־זכר עם הפלונים'טע שלו, ובאם פחות מזאת — אזי אני מבטיח לו רק בת, ובשאם לא נותן לי פדיון כלל, אז עשיתי ממנו תל... גם שלא שכחתי ללוקח אצלו את הכסף־משתין פרה שלו (זיין זילבערנע פּושקי) אל אחוזה בה (צו האַלטען אין איהר) את אתרוגי. משם אני נוסעתי לבעל־הפזמון (צום פּאַטשטאַר) ללוקח אצלו את סוסי־השבה (זיין גראָה־פֿערד) שיהין לי להזוג וגם ב' פעמים חי' על פדיון, ממנו אנסע רחוק הוא (ווייטער) בכפר סטוקעלקע, לעשות לעמפעל להפריץ דשם, מפני זאת שאני יודע... משם אני נוסע־תוך (אַריינפֿאָהרען) לק"ק וצוני בטראַסק גדול, ושם עשיתי להרב דשם סוף־שחור, (אַ שוואַרצען סוף) שלמה לא בא אצלי על שבת־חנוכה, ושם מחייב אני לעשות סך אלף צפרים. משם לק"ק מערענאוו, לעשות שם לא פחות מסך אלה צפרים, גם ללוקח את

הקארעטע אצל הגביר דשם. גם אנסע לק"ק טשולענט ולק"ק נייספראל ולק"ק פילאוועץ, לעשות ביחד סך שלש אלפים וחצי צפרים, ואפשר אנסע גם לק"ק אלטאוו, שנותנו לי כתב-מגידות, ומשם לק"ק קראקא-דילעווקע, לקרע (אויסרייסען) את הקהל דשם, שלמה שלחוני לי בשנת היום (היינטיגס יאהר) רק רי"ש צפרים מעות-מעמדות ולא ר"ן צפרים, כמדובר. משם אני נוסעתי לק"ק זאדקיוועץ, לשקץ (אויסשייגעצען) מעט את אחי היהודי-טוב. שלמה ישקול עצמו (פאר וואס ער דערוואגט זיך) לנוסעת במפתחתי? (אין מיין שליסעל — פאוויעט). גם את הסטאנאווא דשם אזרוק מן הספסל בתקיפת הספראווניק, כידוע לי... וכלם יקחו זאת לפני מופת פרא... (אלע וועלען עס אננעהמען פאר א ווילדען מופת...) ומשם החזרתי לביתי".

## "סדר לקיחותי בדרך":

"אצל טארבע מחיב אני לקבל שני שישים ביהים (2 שאק אייער) וצאן אחד חמאה (אשעפעל פוטער) ושנים אווזים (געגז) ורעגדעל אחד אדמוני תחת — מכה (מיט א רויט רענדעל אונטערגעשלאגען). אצל הפלונית'טע של בעל הפזמון צריך אני ללוקח כובע אחד מתיקות (א היטעל צוקער) עם אחד וחצי צפור. אצל הבקר-יבישטע (רענדארקא) מסטוקעלקע — אחד זוג אחוד-לך (א פאר אינדיקעם, ס'הייסט "האלמדיר" וואס אינדיקעם מאכען...) ושנים עשרונים שכויתין (2 צעהנדליג הינער) גם שניים צפורים מהקשר שלה (פון איהר קניפעל). אצל הפלונית'טע של הבעל-טקסא בוצוני צריך אני ללוקח הי' זהובים ואצבעלע אחד שעל אמצע אצבעתה (אפינגערעל פון איהר מיטעלסטען פינגער) משום

טעם הידוע לי . . . אצל ההוגה במשולעגט אקרע (וועל איך רייסען) סך
ח״י צפרים, ואת מוט־הרעדה (די ציטער־שפילקע) שגנב החסיד התלוני
מזוגתו ונתן לה לנוי ישקני אהוד, כידוע לי מהדיתה . . . (פון איהר
מויל), את המוסר מפילאָוויץ והמפקא באלטאב אני לפני ערבים (וועל
איך פערווערטשעוועט — פון „ערבי" נחל . . .) לפני חסידי רבינו (פאַר'ן
רבי'נס חסידים) כי צריך אותם אל הרעטעל . . . בכל העדים אני קורע
ממות ומחיים (וועל איך רייסען פון טויט און פון לעבעדיגע) כי
שליאמקע אני ! . . ."

איבערלייענענדיג אָ די צוויי רשימות האָב איך ערשט
דערזעהן דאָס גדלות פון'ם סירקעווער צדיק מיט'ן תקיפות פון
שליאַמקען... און מיט אַ שרעקליכען במלות האָב איך אַ טראַכט
געטוהן: אַי, ווי העלפט מיר דער איבערשטער, איך זאָל זוכה
זיין צו שליאַמקעס מדרגה!... און עפעס ווי דאָס האַרץ האָט
מיר געזאָגט: וואַרט! אויף אַלעמען קומט אַ צייט!..., און האָב
זיך יאַקאַש בשלום צוריסגעכאַפּט פון'ם רבי'נס יחידות־קלייזעל
ווען ס'איז שוין אין קלויז קיין פוס פון אַ חסיד ניט געשטייעט,
איך האָב אויך גיך אָבגעדאַווענט, אָבגעלעגט טליתותפלי'ן און
בין אַרויס אויפ'ן הויף. איך טוה אַ קוק: פאַר דער קיך־טיהר
אַ כמאַרע חסידים, יונג און אַלט, און מ'כאַפּט בולקעס פון דער
קיך־יודענע אויף שבת... איך האָב מיך מיט כל מאמצי כח
אויך צוגעשלאָגען צו דער טיהר, נאָר אומזיסט! די קיך־יודענע
האָט מ'ך אפילו אין פּאָמע נישט איין זינען... (איך האָב דאָך
נאָך דעמאָלט ניט געוואוסט, ווי אזוי מ'דאַרף האַנדלען מיט'ן
רבי'נס שפחות...) נאָר צו מיין גליק האָט דער חסיד, וואָס
לעבען מיר, געכאַפּט שוין אַ צווייטע בולקע ביי דער קעכין,
(איך ווייס ניט אין וועלכען זכות?...) און האָט זי געוואָלט

אַריינלעגען צו זיך אין קעשענע, און פֿון גרויס ענגשאַפֿט האָט ער זי אַריינגעשטופּט צו מיר אין קעשענע... איך האָב זיך באַלד אָבגעטראָגען צוריק אין קלויז אַריין, און שטעלט אייך פֿאָר מיין שטוינען אַז צוזאַמען מיט דער בולקע איז נאָך געלעגען ביי מיר אין קעשענע אַ זילבערן נאָדעל־טעשעל מיט אַ שנירעל קרעלען... צי האָט עס דער חסיד בגנבה אַרויסגענומען ביי דער קעכין פֿונ׳ם בוזעם, בעת׳ן כאַפּען די בולקע, צי די קעכין האָט עס איהם אַליין געגעבען מיט איהר גוטען ווילען צום אייביגען געדעכעניש...? דאָס האָב איך באין אופן ניט געקענט טרעפֿען... נאָר שפּעטער בין איך עס ממילא געוואָר געוואָרען...

קורץ, ס׳איז געוואָרען נאַכט. דער גאַנצער עולם איז זיך שוין צונויפֿגעקומען פֿונ׳ם מרחץ און פֿון דער מקוה, מ׳האָט אָבגעדאַווענט מנחה, מ׳האָט מקבל שבת געווען און מ׳האָט אָנגעהויבען גרייטען דעם טיש אין קלויז; זאָלט איהר עס געזעהן, וויפֿיל זילבערן מ׳האָט אָנגעשטעלט אויפ׳ן טיש: 36 דריירעהריגע ביז צעהן רעהריגע לייכטער, צוועלף הייסגעגילטע בעכער, צוויי זילבערנע הייסגעגילטע וואַזעס, דריי אַזעלכע שיסעל, פֿיר פּאָלימעסקעס, צעהן טוץ זילבערנע לעפֿעל און גאָפּעל מעסער אָהן אַ שיעור... חוץ פּאָרצעלייענע און קרישטאָלענע קרעדענצען, ממש מעשה מלכות! היינט קענט איהר פֿערשטעהן, וויפֿיל אין שטוב איז נאָך געבליבען...? וואָרעם מ׳האָט דאָך פֿאָרט מורא, אַז אַ חסיד זאָל עפּעס ניט אָבטראָגען פֿונ׳ם טיש... זאָל נאָך אַזאַ חפץ בלייבען אין שטוב. דער טיש איז פֿערטיג געוואָרען און מ׳האָט אָנגעהויבען וואַרטען אויפ׳ן רבי׳ן צום קדוש—געוואַרט האָט מען אפילו ניט קיין סך, אינגאַנצען אַ שעה 4—5... אַלע האָבען אַנדעריש ניט געדענקט. נאָר אַז

דער רבי דאַווענט אָדער לערנט, אָדער ער איז פֿערטיעפֿט אין עולמות עליונים אַזוי לאַנג... גאָר אין אַ לאַנגער צייט אַרום בין איך געוואָר געוואָרען, אַז דאָס שלאָפֿט ער זיך פּשוט אויס אַלע פֿרייטאָג צונאַכטס, פֿון דעם אָנמידען זיך מיט די הונדערטער אורחים וואָס קומען אויף שבת פֿון דעם גאַנצען שליסעל אַרום... און צום אמת טאַקע, ווי קען אַזאַ רוחניות איבערטראָגען אַזאַ אָבוזע פֿון הונדערטער מענשען אין איין טאָג, און דערנאָך נאָך פּראַווען אַ טיש כמעט ביז אין ווייסען טאָג אַריין... אודאי מוז ער זיך אביסעל אָברוהען... נישמעהר אינ׳ם שלאָף רוהט ער שוין דען? מ׳ווייסט שוין זייער שלאָף... אמת׳ע עלית נשמה, ובפרט נאָך קבלת שבת מלכתא!...

נו, מילא—אין די עטליכע שעה וואַרטען האָט דערווייל דער עולם, רעדלעכווייז, באַלאַקעט פֿון פֿערשידענע הכמות און וויסענשאַפֿטען: איין רעדעל האָט גערעדט מכה ארץ ישראל באָקסטרען, פֿון די רויטע יודעלעך, פֿון דעם סמבטיון און פֿון בעזע הלומות... אַן אַנדער רעדעל האָט טראַקטירט מכה דעם רבי׳נס קאַרע פֿערד און מכה קאַרעפּינער אתרוגים... דאָרט אַ רעדעל האָט גערעדט פֿונ׳ם רמב״מ׳ס מעשה, ווי ער האָט צו־שניטען ·אַ מענשען אברים־ווייז און געלעגט אין אַ סלוי, און אין 6 יאָהר אַרום איז דער מענש געוואָרען גאַנ׳ן און לע־בעדיג... אַ טייל האָבען שטילערהייד געשעפּשעט פֿון דער רבי׳־צענס פּלימעניצע, פֿון רחב הזונה און פֿון דעם גובערנסקי האָ־דאָטיי... גאר אין אַ ווינקעלע איז געשטאַנען אַ קופּקעלע מענ־שען און האָבען זיך פֿערטיפֿט גאָר אין הויכער חקירה... איך האָב מיך צוגעשאַרט צו זיי, האָב אויפֿגעשטעלט מויל און אויע־רען און וואָס איך האָב נאָר געקענט פֿערשטעהן, וועל איך

 אייך דאָ, רבותים, איבערגעבען אות באות. איהר מעגט אייך טאַ־

קע לאַכען, פֿון היינט ביז איבער אַ יאָהר, און איך זאָג אייך פֿאָרט, אַז אַזעלכע טיפֿע חקרנים, ווי צווישען חסידים געפֿינען זיך — איז טאַקע ווייט צו זוכען! אָט וועל איך אייך דאָ אויפֿשרייבען זייערע הקירות איבער דעם כח הקטור און איבער דער עלעקטריע—וועט איהר זיך שוין איבערציינען אין מיין אמת!... אַ חוץ לזה, וויל איך טאַקע פּשוט, אַז דער המון־עם זאָל אויך עפּעס געוואָר ווערען, וואָס הייסט טעלעגראַף, אייזענבאַהן און אַלע אַנדערע דאַמף־מאַשינעם בכלל, וועלכע קיינער איז זיי ניט אומשטאַנד צו ערקלערען אַזוי ריין, אַזוי קלאָר, ווי אונזערע פּוילישע חסידים!... אָנגעהויבען האָבען זיי דערפֿון: צי קען אַ שד־כּע האָבען אַ צווילינג?... דערפֿון זענען זיי אַראָבגעקומען אויף הינערפֿלעט, דערנאָך אויפֿ'ן גור אריה'ס עגול... און ווייטער ווייטער, ביז מ'איז אַרויף אויפֿ'ן טעלעגראַף... אָט הערט און שטוינט.

ו

יודען קראַצען אויס רמזים מיט בונות,
אַז אַלע נייע המצאות זענען אין דער תורה געדאַכט.
און לא די ס'איז חוזק און לצי ליצנות
געפינט מען זיי נאָך תמיד, דען אַלעס איז שוין
געמאַכט!...

## דער חסיד'שער טעלגראַף.

„פשיטא! — רופט זיך אָן אַ בעטאָגטער חסיד, קרימענ־דיג דעם פיסק — אודאי פערשטעהסטו אַ סך זאכען!... איך זאָג דיר בפרוש, אַז אַלע חכמות חצוניות זענען נאָר פון דער סטרא אחרא, און ניט מעהר!... און דאָס איז דער טעלעגראַף זייערער אויך!... ס'איז מעהר ניט, ווי דער כח הטומאה, וואָס איז זיך, בעונותינו הרבים, אַזוי מתגבר אויף דער וועלט; און דער יוד, וואָס איז אויסגעהילט פון אַלע תאוות עולם הזה, און קומט אין דער מדרגה פון אמת'ן התפשטות־הגשמיות, ווי דער רבי אַ שטייגער — זאָל מאריך ימים ושנים זיין — דער קען אודאי שולט זיין אויף דער קליפה, און קען מבטל זיין די אַלע חכמות אין איין הרף־עין!... נאָר וואָס דען? — אַזעלכע קדושים מאַכען זיך אומישנע כלא ידע, כדי זיי זאָלען אַרויס־שלעפען די ניצוצות הקדושים פון דעם כח הסטרא־אחרא... ומאליו נפל!... „עט, ביסט אַן אַלטער שטיא! — טוהט אַ בעיאָהרטער לאַנגער חסיד אַ מאַך מיט דער האַנד — אמת טאַקע, דאָס אַלצדינג נעמט זיך פונ'ם רוח־הטומאה, דאָס איז בלתי שום ספק!... נישמעהר, ס'איז ניט אַזוי גרינג מבטל צ

זיין, ווי דיר ווייזט זיך אויס! — קאַרג האָט זיך שלמה המלך געמוטשעט איידער ער האָט געכאַפּט דעם אשמדאי!... קאַרג האָט ר׳ יוסף דעלַלריינ׳ש איבערגעליטען איידער ער האָט דער־טאַפּט דעם רעכטען בחור!... קאַרג האָט זיך דער בראַסלע־ווער געבראָניעט אַ קעגען דער קליפּה אין ירושלים!... אַי דאָס איז שלמה געכאַפּט געוואָרען... ר׳ יוסף איז ניזוק געוואָרען און דער בראַסלעווער איז, רחמנא לצלן, גאָר פוּנ׳ם וועג אַראָב... היינט וואָס פּלוידערסטו אַזעלכע שטותים... הער אויס: ס׳איז שוין אַן אַלטער כלל, אַז דער כח הטומאה איז זיך כמעט תמיד גובר איבער׳ן כח הקדושה, בסוד „ואני אקשה את לב פרעה”... און די נצוצות הקדושים וועט מען אויך קיינמאָל ניט אויסשע־פּען פוּן דער מין סטרא אחרא, ווייל יודען זענען עס מחזק און דערפוּן בעקוּמט זי אַלע מאָל נייע נצוצות קדושים... אַי וואָס דער עצם טעלעגראַף גופא איז אַזעלכעס...? וועל איך אייך זאָגען גאָר פּשוּט: כשם אַזוי ווי דער רבי אין דער סטרא דקדושה — אַז אַ חסיד ריהרט נאָר אָן די קליאַמקע פוּן זיין טיהר — ווייסט ער שוין, וואָס מיט איהם האָט זיך איבערגעטוּהן מיום הולדו ועד יום מותו — אַזוי להבדיל באלף אלפי אלפים הבדלות דער טעלעגראַף מיט זיין כח הטומאה — אַז מ׳ריהרט זיך נאָר צו צו איהם, זאָגט ער שוין יענעם אַלצ־דינג, וואָס דער טראַכט, ווייל די ביידע זענען זיך בעת מעשה, גלייך מתכון און מתדבק אין איין רוח הטומאה... נו, וואָזשע האָט מען דאָ ניט צו פערשטעהן...” — „עט דו רעדסט שוין גאָר מהילה ווי אַ מאַנקאָליניעק! — רופט זיך אָן אַן אַלטער חסיד, פוּנ׳ם רבי׳נס אינוואַלידען — הער זיך נאָר צו וואָס דו רעדסט: מאָהל דיר, זאָלטעס אַנדערש זיין, אַז דער טעלעגראַף איז געגליכען צום רבי׳ן להבדיל — וואָלט דאָך פוּנ׳ם רבי׳נס

קליאַמקע ביז זײַן שטוהל אויף בערדאַרפֿט שטעהן סטאָפּעס מיט דראָטען !?...״ — „אײ, אײ, אײ — האָט אויסגעשריגען אַ הײם, דער הסיד'ל מיט שפּיציגע פֿינגער — איהר זענט שוין, אַ פּנים, גאָר אויסגעװעפּט מחילה!... װי הײסט ? — אָ דאָס מײנט מען דאָך טאַקע... הערסטו ! װײל די קליפּה מוז אין עפּעס האָבען אַן אחיזה, און די קדושה האַלט זיך אין זיך זעלבערט !... איהר האָט שוין פֿערגעסען װיפֿיל דער רבי האָט זיך געבאָרעט מיט'ן דבוק פֿון דער װצונ'ר יודענע, ער זאָל אַרױס פֿון איהר גוף, און דער דבוק האָט אַלץ געענטפֿערט, אַז ער האָט מורא פֿאַר די שדים, רוחות און מלאכי־חבלה, װאָס ערװאַרטען די מינוט, ער זאָל נאָר אַרױס פֿון דער אשה — װעלען זײ איהם צושפּרײטען אויף שבעה ימים !... זעהט איהר דאָך שוין בע־שײנפּערליך, אַז די קליפּה מוז האָבען אין עפּעס אַן אחיזה... לאָז זײַן אפילו אַ קראַנקע יודענע — אבי אַ שטיקעל אחיזה... אָט דעריבער מוז דער טעלעגראַף האָבען די סטאָפּעס מיט'ן דראָט, פֿון אַן אחיזה װעגען... והא ראיה: מיר האָט דער פּאָטשטמײַסטער פֿון סטוקעלקע אַלײן דערצעהלט, אַז ער האָט עס מיט זײַנע אויגען אַלײן געזעהן, װי, אַז ס'האָט זיך אַמאָל, גאָר פֿון אײן סטױפּ, אָבגעריסען דער דראָט — האָט שוין די קליפּה פֿערלוירען איהר כח, ביז מ'האָט ניט איבערנײעס פֿערקניפּט בײדע עקען דראָהט... נו, איז דאָס עפּעס אַ גלײכען צום רבי'ן...?״ — „אײ שוטים, שוטים ! — האָט זיך אָנגערופֿען אַ בעװאַקסענער הסיד מיט אַ טישוב אויף דער גראָבער נאָז — איהר פֿערקריכט גאָר אומזיסט צו אַלדע שװאַרצע יאָהר ! דער טעלעגראַף איז גאָר אַ גאַנץ פּשוט'ער ענין ! די גאַנצע זאַך דערפֿון איז נאָר אַ דרך הטבע ! פּשוט איז פּשוט; אַז מ'טוהט [illegible] מיט'ן דראָט דאָ—טוהט ער זיך ממילא שוין אַ טרעסעל

דאָרט אויך, און אַזוי ווייסט איינער דעם אַנדערען אין עק וועלט!... — שאַט, שאַט! — האָט אויסגעשריגען נאָך גאָר א יונגער, גאָר אַ ציקאַווע ברענענדיג חסיד'ל — איהר פֿערשפּאָרט זיך גאָר שפּאַרען לבטלה! אָט נעמט דאָס פּשוט'ע תהלימ'ל — געפֿינט איהר דאָרט דעם גאַנצען טעלעגראַף מיט אַלע פּישטשעווקעס!... ווי אַזוי זאָגט ער דאָרט, נאָך אַמאָל?... יאָ: „והיה כעץ שתול על פלגי מים, אשר פריו יתן בעתו ועלהו לא יבול וכל אשר יעשה יצליח" אָ דאָ ליגט דער גאַנצער טעלעגראַף! „והיה" — ער וועט זיין — „כעץ שתול"— ווי סטאָפּעס מיט שיסעלעך — „על פלגי מים" — וואָס געהט האַלב אין וואַסער — (וואָס אודאי האַלב דראָט ליגט איג'ם אקינוס...) (פֿונ'ם לשון „פלג גוף" ס'הייסט „האַלב"—) „אשר פריו — וואָס זיינע בריף — (פֿונ'ם מכון „פרי עט", ס'הייסט די פֿריכטע פֿון דער פֿעדער) „יתן בעתו" — גיט ער מיט זיין פֿעדער (גלייך ס'זאָל שטעהן „בעטו" וואָרעם א ת"ו מיט אַ ט"ת פֿערבייטען זיך אין די אותיות „ד, ט, ל, נ, ת"). „ועלהו" — און זיין יאָך — ס'הייסט, זיין שטענדיג אַרבייטען: „לא יבול" — ווערט ניט מיד" — „וכל אשר יעשה" — און אַלע מאַכען עס היינט אָב — (אָנשטאָט שיסעלעך) „יצליח" מיט גלעזעלעך... (פֿונ'ם לשון „צלוחית") נו, היינט וואָס האָט מען זיך נאָך צו שפּאַרען אומזיסט איבער אַזאַ טפשות?... אַזוי איז דער טעלעגראַף, אַזוי איז דער אייזענבאַהן און אַזוי זענען אַלע זייערע מאַשינערייען... וואָס? עס שטעהט דען ניט אין שיר השירים „לא סוסתי (?) ברכבי פרעה" — אַז אין פּרעה'ס רייטוואָגען איז קיין פֿערד ניט געווען? איי ווי אַזוי איז מען געפֿאָהרען אָהן פֿערד? — אָ דאָס זאָגט טאַקע ווייטער דער פּסוק „גרדי נתן ריחו" — די קוילען האָבען געגעבען פּאַרע...

(נרדי" מיינט מען אודאי קוילען! ווארעם וואס דען?...) און טאקע אין איין מינוט איז מען געפאָהרען פון „צרור המור" ביז „עין־גדי"... אט האָט איהר דעם גאנצען אייזענבאַהן ווי אויף דער דאַלאָניע..." און אזו רעדענדיג איז דער רבי אריין אין קלויז און האָט זיך באלד געשטעלט צום קדוש. אלע שניר און טעכטער און די רבי'צען בעהאנגען אין פערעל, גאָלד און ברילליאנטען פון קאָפּ ביז פיס. און אלע — חוץ דער רבי'צען — (ווייל זי איז שוין אלטליך געוועזן) — געקליידעט נאָך דער לעצטער מאָדע, אזוי, אז איך וואָלט אין לעבען ניט געגלויבט, אז דאָס זענען יודישע קינדער!... נאָכ'ן קדוש האָט זיך דער רבי געזעצט אויבענאָן צום טיש, די זיהן מיט די איידעמס פון ביידע זייטען, נאָך זיי די ווילדע מקורבים, דערנאָך די פ ע ט ע רענדארס, פּאָטשטמאַרעס וכדומה און נאָר צולעצט די רבנים, דינים, שוחטים און אנדערע כלי קודש... אלע פליאַסקעס און חברה באַרשט זענען געשטאנען אויף בענק איבער די קעפּ, איטליכער א געוואשענער מיט זיין בולקע אין דער האנד... אז אלעס איז שוין געוועזן אין דער אָרדנונג — איז ערשט אריינ־ געקומען מעכציע און איז גלייך ארויף מיט די זאָקען אויפ'ן טיש, און האָט נאָר איבערנייעס אנגעהויבען פּאַרפּאַרעווען די ערטער... דאָס ערשטע האָט ער זיך צוגעטשעפּעט צו א רב'ל פון א קליין שטעדטעל, ער זאָל זיך נאָר אראָפּרוקען, און אָב־ טרעטען זיין אָרט דעם סמוקעלקער רענדאַר... דעם רב'ל האָט זיך געבעך זעהר ניט געוואָלט אָבטרעטען, און האָט אומישנע געקוקט אויפ'ן רבי'ן מיט א רחמנות פנים טאָמער וועט ער זיך אָננעמען פאַר איהם לכבוד התורה... און כאָטש ווייטע ביידע בליקען האָבען זיך בעגעגנט, האָט זיך דער רבי די רגע ווי פערטיפט מיט פערגלאָנצטע אויגען, גלייך ער האָט גאָר כלל

ניט אָנגעהויבן זעהן וואָס דאָ טוהט זיך... און מעכציע האָט
זיך צושריגן אויפ'ן רב'ל „אַראָב, די עזות'ניק פון דאַנעט,
תּרבות ווייסטו ניט! הא? נא דיר גאָר, האָט זיך פאַרווערשע־
וועט אַן ארט, גלייך ער איז ביים טאַטען אין ווינהויז!... גאָר
דאָס רב'ל האט נאָך אַלץ געווילעט, טאָמער וועט זיך דער
רבי פאָרט אָנרופען, און האָט נאָך אַלץ ניט געוואָלט אָבטרע־
טען, ביז מעכציע האָט איהם אָנגענומען ביים בערדעל און האָט
איהם אַ שלײדער געטוהן אונטער זיך, אַז ער איז אַראָבגעפאַלען
פון דער באַנק אַרונטער און האָט זיך בחרפות־בושה אָבגעטראָ־
גען פון דעם קלויז — און דער רבי איז פערטיפט... און
שווייגט... נו, מן הסתם האָט דאָס רב'ל בעדאַרפט אָבקומען
עפּעס פאַר אַ חטא... ווי דען קען מען אַנדעריש זאָגען—הא?...
אַזוי האָט אַלץ מעכציע מושטירט דעם עולם: דעם נויטיגען
אַרויף, דעם נישטנויטיגען אַראָב... דעם אין טאַטענס
טאַטען, יענעם אַ פּאַטש און וועמען גאָר וואָן פון אונטערן
טיש אַרויס... עפּעס אַן אַלטען, גרייז־גראָהען דין פון אַ שטע־
טעל האָט ער אַראָבגעריסען דאָס שטריימעל און אַרויסגעוואָר־
פען דורכ'ן פענסטער — און דער רבי איז נאָך אַלץ פערטיפט...
כאָטש מעכציע שרייט אויף אַ געמבע: „עזות־פּנים'ער אַ רוח
אין אייער פאָטער און מוטער אַריין, וואָס זענט איהר מבלבל
דעם רבי'ן!?..." וואָס האָט געקענט אפילו אַ טייטען אויפוועָ־
קען... נישמעהר ווי קען מען גלייבען טויט צו עלית־נשמה?...
קורין מ'האָט דערלאַנגט די פּיש — האָט זיך דער רבי צודרע־
בעט און האָט אַריינגעשטופּט די פינגער אין פּאָלימעסיק (די
צדיקים עסען מיט די הענד, ניט מיט קיין גאָפּעל, בכדי דער
תקון זאָל קיין מחיצה ניט האָבען...) און האָט זיך אָבגעגאַב־
רעט אַקענען אַ פערטעל שעה... אַלע חסידים, וואָס איבער די

בענק האָבען אָנגעהויבען קלעטערען איבערין עולם, וואָס ביים טיש; דער האָט זיך געשטעלט אויף יענעמס פּלייצע, דער אויפ׳ן קריזש; איינער איז אַריין מיט ביידע פיס ... ים אַנדערען אין די קעשענעס אַריין און האָט איהם אָבגעריסען צוויי פּאָסען זשופּעצע ביז אַראָב; איך האָב די גאַנצע צייט ניט אַראָבגעלאָזט אַן אויג פון׳ם רבי׳ן, און האָב אַלץ געזעהן ווי עס גליסט זיך איהם עפּעס ניט אַרויסנעהמען די האַנד פון׳ם פּאָלימעסיק פיש... און ווידער האָב איך בעמערקט, ווי ער טונקט אַלץ קיילעטש אין בראָנפען... וואָס ער האָט געמיינט דערמיט—קען איך עד היום ניט משיג זיין!... קורץ ער האָט אַרויסגענומען די הענד, און תוך כדי דבור איז דער גאַנצער עולם, ווי די היישעריקען, אַריין מיט די זשמעניעס אין פּאָלימעסיק אַריין און ס׳איז געוואָרען אַ רייסעריי מיט אַ שלעגעריי, נאָר ווי צווישען מוזשיקעס אַרום אַ צעלעכערט פאַס בראָנפען אינמיטען דער גאַס... מ׳האָט זיך איינס דאָס אַנדערע געריסען הענד, אַרבעל, לאַצען; אויסגעדרעהט די פינגער, פערפאַטשקעט די זשופּעצעס, געלעקט די זשמענים, געמאַכט זיך ווי די רוחות און געשטופּט אין די פּיסקעס, מיט אַזאַ לורקייט און התלהבות און מסירת נפש, גלייך אין דעם ביינדעל, צי אין דעם ברויזען, וואָס ער האָט געכאַפּט, ליגט עפּעס אַ רפואה שלמה אויף אַלע אברים, צו אַלע צרות און ליידען, צוגעשריבען אויף אַ רעצעפּט פון׳ם מלאך רפאל אליין!... נישמעהר וואָס רעד איך אַזאַ טפשות...? וואָס זנאַטשעט דען דעם מלאך רפאל׳ס אַ רעצעפּט פון׳ם מקור החיים אַליין, אַקעגען דעם רבינ׳ס אַ ביסען שירים?... אַזוי איז געוועזען ביי די לאָקשען, ביים געפילעכץ, ביים פליייש און ביים צימעס, און נאָך אַלעמען האָט דער רבי פערגלאָנצט די אויגען, פאַרוואָרפען דעם קאָפּ אַרונטער, אויף דעם פּאָרענטש

פֿון זיין שטוהל, און האָט אין זיך אָנגעהויבען קרעכצען אַ נגונ־
דעל, קאָם וואָס מ'האָט געהערט — און ס'האָט דאָך בוקע
רקיעים געווען... און דורך־און־דורך גענומען אַלע הערצער...
באַלד האָט דער כת־מנגנים דאָס נגונ'דעל אַ כאַפּ געטוהן אויף
זייערע געמבעס, קאַטשענדיג זייערע האַלבע גופות אַראָב און
אַרויף איבערן טיש, גאָר ווי די האַמערס אין דער האַמאַרניע,
מיט פֿערשטעקטע הענד אין די גאַרטלען, די פּאות צוטרייסעלט,
די וואָרכעס פֿון די שטריימלען צוהוידעט, די פּנימ'ער אָנגע־
צונדען ווי אין קראַמפּען און אַלע אברים אין קאָנוואולסיע,
מיט אַ מין שרייען און טערעלעקען אויף פֿערשידענע וואַריאַ־
ציעס מיט די אַלע מינים אויסשפּראַכען פֿון „אַכטי־דעכאַכטי"
„דעגענעם־דענענעמי, „טאָם־טע־דע־ראָמטאָם", „טריי־ליי־ליי" „טאָ־
דע־ראָדע־רידאָם", „טע־רע־באָם־בים־באָם" וכדומה און דער
עולם האָט צוגעבאָמקעט, צוגעפּויקט מיט די פֿינגער אויפֿ'ן
טיש, צוגעקנאַקט, צוגעהירזשעט, צוגעברומט און צוגעזשו־
מעט, אַז ממש ס'האָט פֿערהילכט די וועלט, זאַלישעט דעם
קאָפּ, נאָר ווי אין אַ קרעפּטשאַטקע אויף אַבצעהן מיהל־
שטיינער... נאָר פּלוצים האָט דער רבי צוריק אויפֿגעהוי־
בען דעם קאָפּ און האַלב געעפֿענט די אויגען — און
אין הרף עין איז דער שטורם פֿערשטומט געוואָרען ווי
דער טויט!... דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז דער רבי
וויל זאָגען אַ תורה... אַלע געהירען האָבען זיך איינגע־
שרומפּען, אַלע אויערען אָנגעשטעלט, אַלע אָטעמס ווי פֿער־
שלאָגען, אַלע אויגען אויסגעשטאַרטשעט אין איין
פּונקט אַריין... און אַלע פּנימ'ער מיט אָפֿענע מיילער
ווי אין אַ מין גאַפּען און ערוואַרטען עפּעס הוין מדרך
הטבע!... און דער רבי האָט געעפֿענט זיין פּיו הקדוש און

אָנגעהויבען זאָגען אויף אַ קול דממה דקה, וואָס ס'האָט דאָך געבויערט די אויערען און געלעכערט די הערצער!.. אָט פֿערשרייב איך אייך די תורה אות באות.

## דעם רבי'נס תורה אַ פּלא, דער ווייַן־נפלאות, נאָר דעם רבי'נס מוזשיניכעל—גאָר פּלא־פּלאות?

„אוי אוי אוי! האָט דער רבי אָנגעהויבען מיט'ן קול פון אַ חולה בייַ דער גסיסה — אַ ייִד דאַרף וויסען, אַז דער גאַנצער ענין דערפון, ס'הייסט, דער גאַנצער תכלית־הבריאה פונ'ם ווערען איז נאָר, מ'זאָל זיך אויסטוהן פון תאוות־החומריות מכל וכל, בחינת התפשטות־הגשמיות עד קצה האחרון ממש! נאָר בכדי צו קומען צו אַזאַ מדרגה, מוז מען זיך פריהער משפיל זייַן בתכלית השפלות, בחינת במול היש, בחינת „ונחנו מה"... נאָר באופן, אַז מ'זאָל גאָר ניט וויסען, אַז מ'איז אַ גאָרניט, וואָרעם קאָם ווייסט מען בייַ זיך, אַז מ'איז גאָרניט — איז מען דאָך שוין עפעס... און דאָס קען שוין פיהרען לידי גאוה רחמנא לצלן, ס'הייסט גאוות־עניוות, בחינת „ופלגשו ושמה רעומה", גלייַך ווי ראומה מיט אַן אל"ף, בסוד אל"פין ועיי"נין דמתחלפין... דאָס הייסט „ראו־מה": זעהט, אַז איך בין בחינת „מה" אַז איך בין אַן עפר ואפר, אַ גאָרניט!... אַ דאָס הייסט עניוות מתוך גאוה—טובל ושרץ בידו... און איבער אַזאַ עניוות מדומה, איבער דעם אויספּיינען זיך „ראו־מה", קומט אַרויס: „ותלד לו את טבח את גחם ואת תחש ואת מעכה" דאָס איז מוליד אין איהם תאוות היצר, הוא השטן, הוא מלאך־המות, הוא הטבח, וואָס קוילעט די נשמה, בחינת „וטבח לו בבוגדים" — אַ שחיטה אויף די וואָס פאַלשען אין עבודות הבורא דורך זייער עניוות מדומה... און די תאוה ברענגט לידי „גחם" לשון חמימות, פון „ובחטא יחמתני" „ואת תחש" בחינות צביעות, כתחש הזה המלא גוונין... און דער סוף איז: „ואת מעכה" פונ'ם לשון „ומעוך

וכתות", אַז מיט אַזאַ פֿאַלש ענִיוות איז מען נאָר „מעכ־ה" ס'הייסט, מ'איז ממעך די „ה", דאָס „אתא קלילא דלית ביה משׁשׁותא" ס'הייסט, דעם אמת'ן „בטול היש", ווי דאָס אות ה, וואָס האָט להלוטין קיין שום ממש ניט אין זיך, נאָר דאָס אמת'ע ענותנותו של הקדוש־ברוך־הוא... און נאָר איבער איהר בטלות בתכלית השפלות, עד קצה בטול היש — האָט דער בורא ברוך הוא מיט איהר נאָר די וועלט בעשאַפֿען „בהבראם" — ב ה" — בראָם... און דאָס מיינט מען „מגביה שפלים עדי מרום... און דער עניו־מדומה ברענגט נאָר צו „משפיל גאים עדי ארץ", אַז במשך הזמן פֿאַלט ער להלוטין אַריין אין בחינת ארציות, בחינת תאות־הגשמית, און בלייבט נאָר ביים התערותא־דלתתא — התעוררות החומרית, אָהן אַ שום התערותא־דלעילא... איי, איי, איי, אַזאַ עבודה איז פגול; דאָס איז די עבודה פֿון די מתנגדים, עבודה שלא לשמה, בחינת ברכות — ה נ ה נ י ן; מ'דינט דעם אייבערשטען פֿון אייגענער הנאה וועגען... פֿון התערותא־דלתתא... ער דאַוונט, ער לערנט, ער טוהט אַלע מצות מעשיות, נאָר פֿון זיין הנאה וועגען, און דעריבער מיי־נען אָ די לייט, הני כלבי דחציפין, אַז זיי האָבען שוין אָנגע־טוהן גאָט אַ מענטליך מיט זייער תורה־ותפלה, צדקה ומעשים טובים, און גלעטען זיך די בייכלעך: „מיר האָבען היינט אָבגע־דינט דעם אייבערשטען על צד היותר טוב! אַ סך געדאַוונט, אַ סך געלערנט! מיר האָבען אמת יוצא געווען אונזער חוב בשלמות!..." אוי לאותה בושה ולאותה כלימה!... אוי לנו מעלבונה של תורה, אוי לנו מעלבונה של תפלה!... דאָס איז די אמת'ע עבודת־אלילים, אש זרה במקדש השם... אַן אמת'ער צדיק, אַן עובד השם מאהבה, פֿילט זיך קיינמאָל ניט בעגנו־גענט אין עבודת־הבורא ברוך הוא; קיינמאָל ניט יוצא פֿאַר

גאָט! אדרבא, וואָס מעהר ער דאַוועֿנט, וואָס מעהר ער לערענט — ווייסט ער, אַז ער האָט נאָך ניט אָנגעהויבען דאַווענען, ניט אָנגעהויבען לערנען!... אַ יוד דאַרף תמיד זיין אַ הולך מדרגא לדרגא, בחינת „לכו ונלכה" — ניט צו שטעהן תמיד אין איין דרגא, בחינת „מצות אנשים מלמדה"... נאָר בתנאי, אַז דער הולך זאָל זיך חלילה ניט איבערנעמען קיין מאָל מיט זיין „ילכו מחיל אל חיל", און זאָל ניט מעסטען די עליות המדרגות פֿון זיין הליכה, ווארעם קאָם „שיר למעלות אשא עיני"... אַזוי איז שוין גאָר „מאין יבוא עזרי!?"... איי איי איי! „אם אסק שמים" — אַז איך וועל וויסען ביי זיך, אַז איך געה לעילא ולעילא, ביז אין הימעל אַריין — איז גאָר „שם אתה": ביסטו גאָר, גאָט, דאָרט ערגעץ! גאַנץ ווייט פֿון מיר... אָבער „ואציעה שאול" — אַז איך וועל מיך, מיט מיין גאַנצער עבודה, אַליין רעכענען פֿאַר אַ שפל בתכלית השפלות עד שפל ה[illegible] התחתונה — ערשט דעמאָלט „הנך"! אָט ביסטו!... ובכן ד[illegible] אַ יוד זיין תמיד אַ הולך נאָר ניט וויסען דערפֿון, און קאָם פֿיהלט ער עס אין זיך — אַזוי איז „וילך הרנה" — די הליכה ברענגט צו הרון אף השם... און אָ דאָס מיינט דער פסוק, איי, איי, איי! „לדוד בשנותו את טעמו לפני אבימלך ויגרשהו וילך" דוד איז בחינת כללות נשמות ישראל, כידוע ליודעי חן... זאָגט ער אַז די נשמה חור'ט איבער איהרע מעשים, ס'הייסט, ווען זי ווערט אַ מרא־דחושבנא „לפני אבימלך" פֿאַר'ן אבי מלכו־של־עולם, דאַרף זי זעהן, אַז „ויגרשהו וילך" — פֿערטרייבען דעם „וילך" ס'הייסט, ניט רעכענען זיך פֿאַר אַ הולך אין עבודות־הבורא ברוך הוא... ווארעם די גאַנצע עבודה דורך תורה און תפלה דאַרף מען כלל ניט מיינען זיך! מיר בעטען ניט דעם אייבערשטען פֿאַר זיך, פֿאַר אונזערע פֿליישיגע הסרונות,

וואָס אונז פעהלט אינ'ם עולם הזה, כי „מה אנו מה חיינו!" — מיר דאַרפען נאָר מתפלל זיין אויפ'ן „עמו אנכי בצרה..." ס'הייסט, אויף גלות השכינה כביכול די שכינה בצער „קלני מראשי קלני מזרועי"... אָבער קאָם מיינט א יוד, אַז מיט זיין תורה ותפלה טוהט ער אָן אַ מענטליך דעם אייבערשטען, אויף דעם געהט דער מאמר „איזהו חסיד המתחסד עם קונו" פונ'ם לשון „אי" — ניט — אַזוי ווי „אי־כבוד" און דאָס מיינט מען „אי־זהו חסיד"—ניט דאָס איז אַ חסיד, וואָס „המתחסד עם קונו" — וואָס מיינט אַז ער טוהט דעם אייבערשטען אַ חסד מיט זיין תורה ותפלה... אחרי כל אלה זעהן מיר, אַז דער גאַנצער תכית המבון פון אַ יודען איז נאָר התפשטות־הגשמיות על ידי בטול היש לגמרי! און אַז מ'פאַלט הלילה אַמאָל אריין אין בחינת גאות דורך אַ סך תורה ותפלה—זאָל מען באַלד לויפען צום צדיק הדור, וואָרעם גאוה נעמט זיך נאָר פון קליפת אחוריים, בחינת מעין נוקבן — און דער צדיק הדור איז דער שלוחא־דמטרוניתא, בחינת דוכרן, בחינת משפיע, וואָס איז מהפך נוקבתא לדוכרא דורך אַ פדיון כסף בחינת לבנונית, בחינת רחמים, המתקת הדינים... בסוד „אם יהיו חטאיכם כשנים כשלג ילבינו..."

נאָך דער תורה איז זיך דער רבי ווידער פערגאַנגען אויף אַ פערטעל שעה אין עולמות, און דערנאָך האָט ער געעפענט די אויגען און האָט צווישען די ציין אַ זאָג געטוהן: „וויין". אָ דאָ איז מעכציע ווייטער אַרויף אויפ'ן טיש, האָט אָנגעהויבען אויסרופען אויף זיין געמבע: „הגביר מוצוני, לכבוד דעם רבי'ן מיט זיין טיש אורחים! (ער האָט זיך אַ בויג געטוהן צום גביר, און יענער האָט איהם געזאָגט וויפיל בוטעלקעס וויין) ב' פעמים ה"י בוטעלקעס יין טוב דטוב!—הפרנס הירש מקראָקאָדילעווקע (אַ בויג) ג' פעמים ה"י בוטעלקעס יין טוב דטוב ושני הין פשוט! — הרענדאַר מסטור־קעלקע (אַ בויג) חצי ה"י בוטעלקעס יין טוב דטוב ושלשה הין

פּשוט! — הבעל־טקסא דהאבארעווקע (אַ בויג) ב׳ פּעמים ח״י בוטעלקעס יין טוב והין אחד יין פּשוט! — הגבאי דחברא קדישא מק״ק וצוני (אַ בויג) ג׳ פּעמים ח״י בוטעלקעס טוב דטוב ושלשה הין פּשוט! דאָס איז פֿאַר אַ לעהרער, וואָס האָט היינטיגס יאָהר אַ מיתה־משונה איינגענומען, אם ירצה השם, צום נייעם יאָהר, אַז נאָך אַ פּאָר לעהרערס וועלען מאַכען די שפּיל, וועט ער מאַכען כפל כפלים! אַ יאָ, ר׳ נחום?...״ — ווי זאָגט איהר רבי...?״ (דער רבי האָט מיט זיין זאַנפֿט שמייכעל אַ זאָג געטוהן צווישען די ציין: „געה שוין געה, דו ליגנער!..״ — אַזוי האָט ער כמעט אַלע אורחים ביים טיש אויסגערופֿען, ביז צום סוף האָט ער אַ געשריי געטוהן: „אַלע פֿרעמדע יונגעלייטלעך שטעלען צו צוויי בוטעלקעס יין טוב ופשוט! ווער עס וויל ניט, לאָז אויסשרייען „ניין״ מיט זיין נאָמען...״ פֿערשטעהט זיך, אַז קיינער האָט עס ניט געוואַגט בפּומבי אַקעגען רבי׳ן... ער האָט אפילו ניט געמענט האָבען אויף הוצאות אַהיים פֿאָהרען... חברה באָרשט און אַזוי אַלע פֿליאַסקעדריגעס האָט ער ניט זאַטשעפּעט... נאָכ׳ן אויסרופֿען האָט ער אַ שאַף געטוהן צום רבי׳נס ווינשענקער: (דעם רבי׳נס עלטערער זוהן האָט טאַקע אַליין געהאַט אַ ווינקעלער ביים רבי׳ן אויפֿ׳ן הויף פֿון אַלע טיש־אורחים וועגען...) „מענדעל! טראָג אַרויף דעם וויין!״ — פֿון די אַלע סך וויינען, וואָס ס׳איז ביים טיש געפֿאַלען—בלי נוזמא צוואַנציג מאָל ח״י בוטעלקעס טוב און טוב דטוב און צוואַנציג עמער פּשוט — האָט מען צום טיש קאָם דערלאַנגט אפשר אַ האַלב מאָל ח״י בוטעלקים יין טוב און אַן עמער צעהן ממש דייטשע באָרשט... און מוצאי־שבת האָט מען שוין געריסען ביי די אורחים פֿאַר אַלע אויסגערופֿענע וויינען צו צוויי רו״כ אַ בוטעלקי טוב דטוב, אַנדער־

האלבען רו״כ א בוטעלקע טוב און צוויי רו״ב אן עמער פשוט... דער וויין ווערט צוגאָסען אין גלעזער פון די טיש אורחים וועגען און אין גלעזלעך, דער דייזשע באָרשט, פון דער חסיד׳אַרניע וועגען... איטליכען בעזונדער גיט דער רבי די גלאָז פון זיין האנד און גיט איהם, בעת מעשה, די האנד לחיים — קענט איהר שוין פערשטעהן, אז וואָס פאר א שטיפעריי מיט א זידלעריי מיט א וואָרפעריי עס ווערט דעמאָלט צווישען די באנקחסידים כמעט אויף סכנות נפשות! וואָרעם איטליכער וויל דאָך אליין זיך ארויסשטעלען אין פראָנט, דער רבי זאָל איהם פרייער פון אנדערע דערזעהן, אָדער ער זאָל איהם כאָטש לפחות ניט פערזעהן חלילה לגמרי!... איך האָב מיך אמאָל צעהן געהרג׳ט פון דער באנק אראָב, און געלעזט קלעפ מיט קניפ מיט באָכענציעס, וויפיל עס איז אין מיר נאָר אריין... נישמעהר, ס׳איז עפעס א תרוץ אויפ׳ן רבי׳נס לחיים...? און ווען אפילו אומקומען אויף קדוש השם, וועט א חסיד לאָזען פערלוירען דעם רבי׳נס לחיים? חס וחלילה! אָהן דעם לחיים איז ער דאָך אן אומגליקליכער אויף זיין גאנץ לעבען!... נו, מילא מן הסתם איז איטליכער געגאנגען אויף מסירת נפש, אויף קדוש השם, און קיין איינציגער איז ברוך השם ניט פערפעהלט געוואָרען! אלע האָבען געטרונקען צום רבי׳ן לחיים, און יעדער האָט זיך געפיהלט איבער גליקליך, גלייך ער איז אין זיבעטען הימעל אריין... וואָס איך האָב מיך דעמאָלט איבערגעהערט פון די חסידים וועגען דעם רבי׳נס האנד...? איז כ׳לעבען ניט צו בעשרייבען!... וואָס דארפט איהר מעהר? אז איינער האָט עפעס א זאָג געטוהן „ס׳איז ממש כאשר ירים משה את ידו"... האָט איהם א צווייטער ווי מיט כעס געענטפערט: „אזוי? טפויש אויף גרעסער האָסטו גאָר קיין השגה ניט?!... איך זאָג דיר,

שוטה, אַז זיין האַנד איז ממש „וירא ישראל את היד הגדולה!"...

— קורץ מ'האָט אָבגעבענשט, דער רבי איז אַוועקגעגאַנגען אין זיינע פּוצונגעס און די חסידים זענען זיך צעקראָכען, אַ טייל צום עלטערען, אַ טייל צום יונגערען זוהן, אַ טייל צו די איידעמס און אַ טייל צום רבי'נס מוזיניקעל, אַ קינד פון אַ יאָהר אַכט.

דאָס איז טאַקע געווען נאָר אַ מלאך אלהים! — מ'זאָל מעהר ניט זעהן פון אַ קינד נאָר שטענדיג בלעטערען ספרים און אָבּרייסען די טאָוולען!... נאָר אַזוי פיל גוטע יאָהר זאָל איך האָבען, וויפיל זקנים פון 70—80 יאָהר האָבען איהם גערופען „רבי" און געבויגען פאַר איהם די קעפּ, ער זאָל זיי בענשען! אַרענדאַרעס פלעגען ביי איהם עצות פרעגען מכח זייערע פּריצים; פּאָטשטאַרעס — מכח זייערע פערד; בעל־טקסא'ס — מכח זייערע אָקסען; סוחרים — מכח זייערע געשעפטען און הסיד'אַרניע — מכח מחשבות — זרות... איי, וואָס ער האָט געענטפערט? — דאָס מאַכט דאָך ניט אויס! — וואָס ער זאָל ניט ענטפערען, איז דאָך עס אַלץ פלאות־הבורא!... אַמאָל פלעגט ער ענטפערען ווי אַ קינד, אַמאָל ווי אַ משוגענער, און אָפט איז זיין ענטפער געווען: אַ צופּ ביי דער באָרד, אַ ציה ביי דער פאה און אַראָבּרייסען דאָס היטעל... איך שווער אייך ביי אַלעם הייליגען, אַז די וועלט קלינגט מיט הונדערטער מופתים פון אָ דעם 8־יעהריגען מוזיניקעל, פון אָ דעם מלאך־אלהים, און גאַנץ פּוילען בענשט זיך אין איהם און ווינשען זיך אַזוינע קינדער ווי ער!... דערווייל געהט איהם שוין דאָס ניינטע יאָהר, און ער קען נאָך, בנאמנות, רעכט עברי ניט זאָגען!... נישמעהר, וואָס האָב איך צו רעדען פון דעם טייערען מוזיניקעל? — ער האָט שוין אַביסעל שענערע און בעסערע הסכמות ווי מיינע! הלואי וואָלטען אַלע יודישע מחברים פערמאָגט דאָס, וואָס זיי־

נע מתנות טרעפֿען אָן, וואָלטען זיי שוין פֿאַרשפּאָרט בעטען בײַ די ציוועלעזירטע סוחרים שטעלעס, כאָטש פֿאַר צעהן רובל אַ חודש... און יענע זאָלען ענטפֿערען: „פּאַרדאָן, ווי קענען זי צו עפּוואָס געשעפֿטליכעס טויגען — ווען זי איין פֿערפֿאַסטער זינד?...“ נו? איז ניט גלייכער ביים רבי'ן אַ מוזיגיקעל זיין און רייסען ספרים, איידער אַ טאַטע פֿון קינדער, און שרייבען ספרים...? נישמעהר, לאו כל אדם זוכה!...

קורץ, דער שבת'דיגער טאָג איז ניט ערגער געווען ווי דער פֿרייטאָג צוזאַמען... דעם רבי'נס תורה בייטאָג, ווער שמו־עסט זיין תורה ביי שלוש־סעודות, צום בני־היכלא, איז נישט צום בעשרייבען, ווייל זי ברעכט דעם מח און פֿיהרט זיך עפּעס אויף אַ מין שפּראַך נאָר בחינת אברהמ'ל חיריק... נו, און פֿון דער מלוה־מלכה איז דאָך אודאי ניטאָ, וואָס צו רעדען; איין ביין פֿונ'ם רבי'ס מלוה־מלכה־באָרשט פֿאַרענטפֿערט דאָך אַלע זייערע מעדני־מלכים!... הכלל, אויב דער גן־עדן איז אזוי גוט ווי שבת ביים רבי'ן — האָב איך, כ'לעבען רחמנות אויף די אפּיקורסים, וואָס זיי ווילען נעבעך פֿערשפּילען אַזאַ תענוג נצחי!...

ח

# אָהן מדות, אָהן מוסר, אָהן תורה, אָהן תפלה,
# און דאָך אַזוי גיך בין איך עולה לגדולה!

איך בין מיט דער צייט יאַקאָש היימישער געוואָרען אין קלויז; איך רעכען מיך שוין פאַר אַ מחויב אין דער הברה־בארשט, איך בין שוין אַ שטיקעל מחותן מיט'ן רבי'נס משרתים און דינסטען און כמעט צום יאָהר, בין איך מיט די גבאים שוין אויך געוואָרען אַ שמואל שמעלקע: זיי האָבען מיך שוין בענוצט צו אייגענע שליחות'ן, אַ שטייגער איך זאָל געהן אין דער גאָסעדאַרער קלויז און דאָרטען שילטען זייער רבי'ן אין טאַטען אַריין... דאָס האָט אפילו געשמעקט מיט אַ היימעלע נאָר איך האָב עס, מיט גאָטס הילף, אויסגעפיהרט בשלמות: איך זאָל נאָכגעהן ביינאַכט אין שטאָדט־גאָרטען דעם קאַזיאָנע רב, ווען ער שפּאַצירט דאָרט, און איהם אָבשערען אונטען אַ האַלבע קודלע; איך זאָל ערגעץ ביינאַכט דערטאַפּען דעם לעהרער אַליין און איהם געבען צוויי פּעטש, וכדומה... דורך די מיני שליחות'ן, וואָס זענען מיר כמעט שטענדיג אַבגעראָטען —האָב איך מיך שוין אַביסעל איינגעקויפט אין דער לאַסקע ביים רבי'נס קינדער; זעלטען שוין געהערט אַ וואָרט פון דער רבי'צען אויך, און אַמאָל, אַמאָל—אַ שמייכעלע פון'ם רבי'ן אַליין אויך... הכלל איך בין געוואָרען אַ שטיקעל טוהער ביים רבי'ן אין די פּוצונעס... און ווייטער־ווייטער. טאַקע אַ שטיקעל בך־בית אויך אַזוי, אַז מ'האָט זיך שוין פאַר מיר ניט געהיט מיט אַ וואָרט און אפילו ניט מיט אַ סוד אויך... דערצו איז מיר נאָך געראָטען, וואָס טאַקע אין סירקעוו גופא האָט עפּעס געוואוינט נאָך אַ מין אַלטער פערשלעפּטער גוטער ייד, ר'

אַבּרהמ׳לע, וואָס פֿלעגט נאָך זעלטען כאַפּען אַ פּדיונ׳דעל און הינטערוויילעכין אַרויסוואַרפֿען אַ מופת׳ל — און דאָס האָט דעם רבי׳ן ניט געשמעקט... אודאי בין איך געוואָרען דער רכילות פֿיהרער פֿון דעם ר׳ אברהמ׳לע צום רבי׳ן... און דאָס האָט דער רבי גאָר ניט פֿיינד געהאַט... מן הסתם האָט ער געוואוסט וואָס ער טוהט... נאָר דערוויל בין איך ביי איהם דערפֿאַר אַלי׳ן מעהר חשוב געוואָרען: איך פֿלעג איהם שוין אַמאָל צושטע־לען די פּאַנטאָפֿעלעך צום בעט, אַריינרופֿען איהם די רבי׳צען; פֿערנעמען די קוויטלעך פֿונ׳ם פּדיונות־טיש אַלע פֿאַר׳ן שלאָף — אַן אָרט פֿאַר זיי איז שוין געווען טאַקע אינ׳ם בית־הכסא, וועלכער איז שטענדיג געווען אונטער אַ שלאָס... וכדומה אַזעל־כע שאַפֿעכצען...

אַז דאָס מזל שפּילט — שפּילט עס מיט אַלעמען! דאַרף דער רוח אָנטראָגען פֿון אַלדע שוואַרצע יאָהר צוויי ווייבער מיט אַמאָל זאָלען זיך צושעפּען צו מעכציע׳ן, אַז ער איז זייער ביידענס מאַן, און האָט זיי שוין אַ יאָהר פֿופֿצעהן אַוועק־געוואָרפֿען מיט קליינע קינדערלעך, איינע איז פֿון הירעווקע און די אַנדערע פֿון לאַזעקיווקע, און ביידע ווייזען זיי דערויף בריף פֿון רבנים מיט עדות, און רייסען איין די וועלט, ער זאָל די, געבען גט און כתובה, אָדער ער זאָל זיי געבען ספּוק אויף צו לעבען מיט די קינדער, און ביידע טרעטען איהם ניט אָב... און דאָ כאַפּט דאָס היימישע ווייב זיינס, און פּלאָנטעט זיך איהם אריין אין דער באָרד, מיט אַ געשריי עד לב השמים: גט, אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אַריין, זאָלסטו מיר די מינוט געבען! דו אַלטער דולטיי איינער, וואָרעם איך וועל דיר דאָ דעם גאָרגעל דיינעם אויסרייסען, מיין טויט און דיין טויט זאָל זיין!... גט, דו אַלטער נואף, אַ רוח אין דיין טאַטען!

מעהר וויל איך שוין דיין טרייף פאַרצערן ניט אָנקוקען וויל איך וועל לעבען! די מינוט זאָלסטו געבען תקיעת־כף פאַר'ן רבי'ן, אַז היינט גיסטו מיר אַ גט, אלא ניט, לאָז איך דיך ניט אָב פון דאַנעט, אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אַריין, דו אַלטער עכברוש איינער! מיינסטו! איך וויים ניט, וואָסערע וועלטען דו האָסט אפילו דאָ געפיהרט, האַ?... אוים בושה, אַ רוח אין דיין טאַטען! וואו איז דאָס זילבערנע נאָדעל־טעשעל מיט'ן שנירעל קרעלען פון דער רבי'צענס פאָקאָיאָווע, וואָס דו האָסט אונזער איינגעהערין געשענקט... און האָסט עס טאַקע אַליין ביי איהר צוריק אַוועקגע'גנבה'ט, האַ?... רייס מיר נאָר ניט אויף דאָס מויל, דו אַלטער שיבעניק איינער! איך וויים דאָך, דו האָסט פערטאַכליוועט דעם זילבערנעם כ... (צוריק מיט אַ האַלב יאָהר האָט מען אַראָבגע'גנבה'ט דעם כתר פונ'ם רבי'נס ספר־תורה אין קלויז.) גיב זשע מיר די מינוט אַ גט, און לאָמיך דיך ניט ברענגען אויפ'ן פייער!"—קורץ און גוט: ער האָט דעם היימישען ווייב געמוזט געבען אַ גט און איז פאַר בושה, מיט די צוויי ווייבער אַוועק—און איך בין אויף זיין אָרט געוואָרען דעם רבי'נס טיש־גבאי!... — אין אַ גוטער. אַ מזל־דיגער שעה האָב איך אָנגעהויבען פראַוועו דעם רבי'נס טישען, און האָב זעהר נושא חן געווען ביים רבי'ן מיט זיין גאַנצען בני־בית, און בין אַזוי געגאַנגען לעילא ולעילא, ביז דער אייבערשטער האָט אַ נס געטוהן: שליאָמקע דער לייב־גבאי איז פלוצים געשטאָרבען פון אַ דערשרעק... און איך בין צו מזל געקריינט געוואָרען פאַר'ן רבי'נס לייב־גבאי!

ימח שמם וזכרם זאָלען זיי ווערען, די בערלינער, וואָס זאָגען, אַז ברוך טאַלנער האָט אונזער שליאָמקען בוטע געכאַפּט מוצאי יום כפור מיט זיין ווייב און האָט איהם אָבגע-

שלאָגען די לונג־און לעבער, פֿון וועלכען ער איז געשטאָרבען
שקר בנאמנות! זיי לעקען אין זייער ווייטען האַלז אַריין! די
מעשה איז אַזוי געווען: שליאָמקען עליו השלום האָט זיך נע־
בעך זעהר געוואָלט, אַז ברוך שייגעץ'ס שנור, (ניט זיין ווייב)
אַ ווילדע יפת תואר, זאָל ווערען דעם רבינ'ס אַ חסידה, כ'לע־
בען, מ'דאַרף אַמאָל אַזאַ נפש פֿון אַ טובה וועגען ביי נאַ־
טשאַלסטוואָ... אודאי האָט ער זיך נעבעך געלעגט אין דער
לענג און אין דער ברייט און אַזוי לאַנג געאַרבעט מיט איהר,
ביז ער האָט זי ערב יום כפור צו כל נדרי (ניט מוצאי יום
כפור...) פֿערנאַרט דאַווענען אין דער רבי'צענס שוהלעכען
אַריין, און געעהנדיג אַהיים האָט ער זי בעגלייט ביז אין איהר
שטוב, און האָט אַלי'ן נעבעך גערעדט וועגען רבי'ן און איז
יאקאָש מיט איהר לגמרי פֿאַרטיג געוואָרען. און פֿון גרויס
שמחה איז ער מיט איהר אריינגעגאַנגען אין שטוב אַריין, כפי
איהר בני־בית איז נאָך געווען אין טאָלנער קלויז און פֿון גרויס
התלהבות און חדוה, וואָס ער האָט זי געמאַכט פֿאַר'ן רבי'נס
חסידה, האָט ער זיך מיט איהר אַזוי פֿערטיפֿט אין דעם ענין,
אַז זיי האָבען זיך גאָר ביידע פֿערגעסען, וואו זיי זענען אין
דער וועלט. און אינמיטען דעריינען איז אָנגעקומען דער מאַן
מיט'ן שווער גלייך צום ווייבעל אין אַלקער אַריין... סאַמע ווען
זיי זענען ביידע געווען נאר עט, עט!... אודאי האָט ער זיך
נעבעך דערשראָקען אויף טויט און איז נעבעך אָבגעליגען צעהן
טאָג כסדר אין אַ שרעקליכער קאָנוואולסיע, ביז ער האָט נע־
בעך הושענא־רבה אין דער פֿריה אָבגעגעבען די כשר'ע נשמה
אויף קדוש השם... פֿערשטעהט איהר שוין, וואָס הולטייעס
קענען אויסטראַכטען, אבי צו לענען דעם רבי'נס כבוד!?... נאָר
דער טויט האָט דאָך בעוויזען דעם אמת: דער רבי אַליין איז געגאַנ־

נען צו זיין לויה, און הושענא רבה ביים טיש האָט ער וועגען איהם נאָר אַ גוזמא גערעדט מיט'ן עולם, און האָט אויסגעלאָזט בזה הלשון: „אוי וואַ, אוי וואַ! אַ ווילדער ירא שמים געווען! און כל ימיו ריין פון דער מעשה ווי אַ תינוק בן יומו!...“ נו? האָט מען שוין וואָס מסופק צו זיין?... נישמעהר, יאָ ריין ניט ריין, אבי איך בין דעם רבי'נס לייב־נבאי!...

דאַרפען נאָך אַ גליקליכערען מענשען פון מיר, האַ? — נאָר אין איטליכען מזל מוז זיך צומישען אַ חלק שלים־מזל אויך! דאַרף זיך מיר מאַכען אַזאַ צופאַל, וואָס איך וואָלט מיך אין לעבען ניט געריכט דאַרויף; און איך בין שיער שיער פון מיין גדולה אַראָב!... און וואָס מאַכט עס אַלי'ן? — ניט געניטשאַפּט! הערט אַ מעשה, וואָס די בערלינער זענען קאַפּאַבל צו טוהן אבי מחלל השם זיין און לענען דעם רבי'נס כבוד!...

איך זיץ מיר אַזוי, אין אַ פרייטאָג גאַנץ פריה אי'ג'ם רבי'נס פּאָרשטיבעל, קיינער איז ניטאָ, און איך שרייב אַ בריף צום הירעווקער קהל, זיי זאָלען, למען השם, זעהן ווי גיכער פער'מסור'ן דעם דאָרטיגען לעהרער, און פאַרוואָס זיי שיקען שוין ניט צו דאָס גילדענע חנוכה־לעמפעל, וואָס זיי האָבען מבטיח געווען דעם רבי'ן אַ מתנה? — און ווי איך וויל זיך שוין אויפהויבען אַריינצוטראָגען דעם בריף צום רבי'ן, ער זאָל איהם אונטערהתמ'נען — קלאַפּט איימעצער אַזוי האַסטיג אין טיהר. איך ווייס, אַז אין דער צייט קומט מען זעהר זעלטען צום רבי'ן, שוין ביי סכנות־נפשות־זאַך... און האָב באַלד געעפענט די טיהר; איך זעה עפּעס ווי אַ יונג ווייבעל אין איינע צרות, און בעט מיך מיט ביטערע טרערען, אַז כפי זי איז ניט קיין היגע און מוז נאָך היינט אַוועקפאָהרען, לכן זאָל איך זי באַלד אַריינלאָזען צום רבי'ן; נו מילא: זי האָט מיר אַנידערגעלעגט אַ דריי־

רובעלשטיק פֿאַר דער טובֿה און איך האָב איהר אָנגעשריבען
אַ קוויטעל אַזוי ווי זי האָט מיר געדיקטעוועט. און וואָס מיינט איהר
איז געשטאַנען אין קוויטעל ?—אָ די עטליכע ווערטער: „בתיה
בת אסתר, להתפלל עליה, שהשד על ישמע (זאָל אויפהערען)
לתבוע לה כל לילה וגם אשר תוכל לעשות טהור לבעלה...
וכמו איה (און אַזוי ווי) היא יש מעוברת ינתן לה השי״ת זרע
הייא וקימא בתוך כלל ישראל״—אָ דאָס איז גאָר!—און האָב
זי אַריינגעפֿיהרט צום רבי'ן, דער רבי האָט איבערגעלייענט דאָס
קוויטעל, האָט געקרעכצט און פֿערגלאָנצט די אויגען, האָט מיט
איהר אַ קעגען אַ מינוט צעהן גערעדט, און האָט איהר מבטיח
געווען, איהרע אַלע דריי בקשות... און האָט זי געבענשט... איך
האָב פשוט געקוואָלען, וואָס דער פדיון איז אַזוי גרינג און
גלאַט אָבגעגאַנגען, און האָב פֿערשטאַנען, אַז ס'איז דעמאָלט
אַ ווילדער עת־רצון געווען ביים צדיק!... נאָר נאָכ'ן בענטשען
טוהט זי דער רבי אַזוי אַ פֿרעג: „פֿון וואַנעט ביסטו?״ — פֿון
היר'עווקע— ענטפֿערט זי. „פֿאַר וואָס איז דיין מאַן ניט געקומען
צו מיר?״ פֿרעגט דער רבי—מיין מאַן? — ענטפֿערט דאָס ווייַ־
בעל—באַ, באַ, באַ! איך זאָל האָבען אַ מאַן!... דאָס איז דאָך
מיין אומגליק, וואָס איך האָב קיין מאַן ניט!...״ — אָ דאָ איז
דער רבי, געקומען ווי אַ מבוכה און פֿרעגט זי: „שוין לאַנג...?״
—„שוין אַ יאָהר דריי, אַז איך בין געבעך אַ וויסטע אלמנה!״...
האָט זי געענטפֿערט. „סטייטש — זאָגט דער רבי—דו שרייבסט
דאָך אין קוויטעל. אַז דו ביסט מעוברת...?״ — „אָ דאָס—זאָגט
זי אין טרעהרען — איז דאָך טאַקע דאָס גאַנצע אומגליק
מיינס!...״ און איז געפֿאַלען צו די פֿיס... איך האָב זי אויפֿ'ן
רבי'נס אַ ווינק, באַלד אַ כאַפּ געטוהן ביי די הענד און האָב
זי קאָם מיט צרות אַרויסגעפֿערעט אויפֿ'ן הויף אַרויס זי זאָל

זיך געהען צו אַלדע שוואַרצע יאָהר... נאָר זי האָט אָנגעמאַכט אַ געוואַלד, אַז ס'זענען זיך אָנגעלאָפען אַ פולער הויף מענשען, און פלוצים כאַפּט זי און הייבט זיך אָן אויסטוהן בפני כל עם ועדה... און ווי זי האָט נאָר אַראָפגעוואָרפען דאָס אייבערשטע בגד פון זיך—מ'טוהט אַ קוק: אוי, אַ דונער האָט מיר דערשלאָגען! ס'איז גאָר אַ יוד מיט אַ געגאָלטע באָרד!... אָ דאָ זענען מיר אַלע גבאים, צוגעפאַלען צו איהם ווי די בינען, און מיר האָבען איהם גאָר געוואָלט צורייסען אויף שטיקלעך... נאָר אין דער מינוט האָט ער עפּעס געגעבען אַ הילעכדיגען פייף, און תוך כדי דבור האָבען זיך געיאָוועט פונ'ם רבי'נס גאָרטען אַרויס אפשר צעהן דיסאַטניקעס מיט אַ קוואַרטאַלנע, און מ'האָט אונז גע'הרג'עט, גע'ממית'ט און עטליכע אין פּאָליציי אַריין גענומען, און דער רשע מרושעה האָט נאָך געהייסען דעם קוואַרטאַלנע אָבנעמען ביי מיר דאָס דרייערעל און ביים רבי'ן דעם פדיון ה"י רו"כ, (פלאות, ·בנאמנות: ווי גרויסע הולטייעס זיי זענען, אַזוינע גרויסע טפּשים זענען זיי ווידער... ווען דאָס אייגענע אויף אונזערע לייט—וואָלט ער דאָך שוין, על כל פנים, געזאָגט כאָטש דריי מאָל אַזוי פיל, ווען ניט צעהן מאָל!... און מיר וואָלטען עס דאָך געגעבען בשמחה־רבה... אַז אָך און וועה איז טאַקע זייער נאַריש הולטייסקע אָרענטליכקייט!... און דער רבי איז שיער אומגליקליך געווען—ווען דער קוואַרטאַלנע איז ניט אַ גלגול פון... ווייסט איהר זשע ווער דאָס איז געווען, אַ דער הולטייסקע!—טאַקע דער הירזווקער לעהרער אַליין!... נאָר ווי לאַנג קריינקט ער, ווי לאַנג ער האָט דעם רבי'ן אָבגענאַרט!

— דער רבי האָט דערנאָך בפרוש געזאָגט מיט זיין הייליג מויל, אַז אין איהם איז טאַקע אַ ווייבערישע נשמה, אַ גלגול פון אַ ווילנער מתנגד'קע... אַז אָך און וועה איז איהם!... נאָר דער־

ווייל איז דער רבי אויף מיר ווילד ברוגז געווען, און שיער שיער וואָלט איך געהאַט אן העברה פון נבאות, ווען איך טראַכט ניט צו עפּעס אַ גוט מיטעל דערצו!... אַזעלכע מיט־לען זענען אפילו ניט קיין נייעס ביי אונז חסידים... נאָר ניט תמיד פאַלט דאָך איין אַזאַ ליכטיגע מחשבה! נאָר אַצינד איז דאָס מיר גראָד געקומען אויפ׳ן זינען, און איך האָב זיך דערמיט אַרויסגעראַטעוועט פון מיין אומגליק! מאַכע נאָר אַ סעיתאַ דשמיא, בנאמנות! הערט אַ מעשה:

ט

## מעבצי'ם קאַרג מיט שליאַמקעס בויך טויג אויף כפרות!
## אַ קלעפּקע אין קאָפּ — אַ דאָס העלפט פון אַלע צרות...

נאָך מיט אַ יאָהר 3—4 פאַר מיין אָנקומען קיין סיר־קעוו, האָט אָנגעהויבען דער צעפּליקער פּאָטשטאַר פאָהרען צום רבי'ן צוויי מאָל אין יאָהר, אויף ראש השנה און אויף פורים, און האָט איהם יעדעס מאָל געגעבען אַ פדיון הונדערט רובעל, חוץ מתנות, און פלעגט איהם אַלץ בעטען וועגען אַ בן־זכר, און דער רבי פלעגט איהם אַלץ מבטיח זיין, נאָר עס איז שוין צוויי יאָהר אַוועקגעגאַנגען און די הבטחה איז ניט מקוים גע־וואָרען — מן הסתם איז די מניעה געווען מצד אַ פּאָטשטאַר... און דאָך איז ער אַלץ ווידער געפאָהרען צום רבי'ן און גע־שאָסטעט מיט געלד כמקודם, און האָט נאָך אַמאָל זיין פלוניתּ־טע אויך געבראַכט מיט זיך צום רבי'ן. מילא ביי די חסידים איז דאָס בכלל קיין חדוש ניט געווען, וואָס אַזאַ קאַלטער יוד, ווי דער פּאָטשטאַר פאָהרט אַלץ צום רבי'ן און גיט איהם אַזעלכע רייכע פדיונות?... „אדרבא — האָבען די חסידים געזאָגט — אַ דאָ זעהט מען ערשט דעם רבי'נס כח מיט זיין גדלות, אַז אפילו אַזעלכע קאַלטע נשמות ציהט ער אויך צו צו זיך כאָטש זיי זענען פון איהם ניט מקבל טובה אויף אַ האָר!..." נאָר ביי די מתנגדים און די בערלינער איז דאָס אַ ווילד חדוש געווען, און ניט איין מאָל האָבען זיי איהם געפּרובט אָבשלאָגען פונ'ם רבי'ן — נאָר ער האָט זיי געהערט ווי דעם קאָטער — כאָטשע ער איז מיט זיי אויך געווען אַ גוטער־ברודער און איז טאַקע ווייטער געפאָהרען!... וואָס נאָך? — אויפ'ן דריטען יאָהר האָט ער נאָך אָנגעהויבען פאָהרען צו פיר מאָל אין יאָהר, חוץ 219

אַ 2—3 מאָל אין יאָהר אַזוי דורכפֿאָהרענדיג אויף אַ טאָג, צוויי, און יעדעס מאָל געשאַסטעט אויפ'ן רבי'ן מיט'ן בני בית מיט די גבאים כיד המלך, כאָטשע קיין בן זכר האָט ער טאַקע אַלין ניט!... אַ יאָ, אַ פלא?—נו, אדרבא; פֿאַלט איהר דייטשו־נעס, אויף דעם שכל, וואָס דאָס קען בעדייטען...? אַ יאָ, אייך וועט דאָס גאָר קיינמאָל ניט איינפֿאַלען? — און מיר חסידים זענען באַלד דערגאַנגען דעם סוד דערפֿון. פּשוט איז פּשוט, ביי דער רבי'צען איז געווען איהרע אַ פלימיעניצע אַ מיידעל פֿון אַ יאָהר דרייצעהן, נאָר קיין עין־הרע - אַ געוויקסיגע און אַ יפת תואר פֿון דער וועלט... נו? וואָס נאָך גלאָנצט איהר די אויגען, נאַרישע דייטשונעס?... מן הסתם האָט דער פּאָטשטאַר אויף איהר געוואָרפֿען אַן אויג... כ'לעבען, אַ שענער, געזונטער מענש, און אַ שטיקעל דייטש אויך דערצו — און אַ ווייב, וואָס זעהט איהם אויס כמעט אַ מאַמע, און האָט נאָך קיין זכרים אויך ניט... נו?... די קשיא: לאָז זיך חלומ'ן צו אַ גאָלדען מיידעל... מיט דער צייט וועט עס אפשר זיין אַ כשר'ער טאָפּ מיט אַ כשר'ן לעפֿעל!... און כך הוה: מיט זיין פֿיגור און מיט זיין שאַסטען מיט געלד און מיט זיינע ווייבע חנ'עוודיגע אייגע־לעך, איז ער דעם מיידעל שטאַרק געפֿעלען און צו 15—16 יאָהר האָט ער מיט איהר אָנגעהויבען סודות... און ווייטער, ווייטער, ביז אויף איהר אכצעהנטען יאָהר האָט זי אָנגעהויבען בעקומען פּאַסטעוועקעס... איך האָב פֿון דער גאַנצער איגטריגע זעהר גוט געוואוסט, וואָס דער פּאָטשטאַר האָט גוט בעצאָהלט פֿאַר שווייגען (שפּעטער וועט איהר געוואָר ווערען, אז איך אַליין האָב אַ מיאוס'ען טעות געהאַט! דער פּאָטשטאַר האָט טאַקע גאָר אמת ליב געהאַט רחל'עך, אַ ריינע, אומשולדיגע ליבע, און האָט נעבעך געמיינט,

אַז זי איז אַנ׳אונשולדיגער מלאך...) און צווייטענס האָט עס מיר טאַקע פּשוט אַזוי געטויגט צו מיין פּלאַן... נאָך איין זאַך מוז איך אייך זאָגען, אַז ווען די פּאָטשטאַרקע איז געווען ביים רבי׳ן האָט די רבי׳צען געזעהן אויף איהר אַ בראָש מיט אוירינג, אודאי פֿון אַ 7—8 טויזענד רובעל די ווערט, און זי איז ממש פֿערקאָכט געוואָרען נאָך זיי... און פֿון דעמאָלט אָן געהט איהר דעם. פּאָטשטאַר׳ס צידהרונג פֿון מוח ניט אַרויס אַזוי, אַז זי וואָלט די נשמה דעם רוח אָבגעגעבען, אַבי דעם בראָש מיט די אויר־ רינג צו בעקומען!... פֿון די ביידע סודות, וואָס קיינער האָט זי ניט געוואוסט אַ חוץ מיר, איז ביי מיר פֿערטיג געוואָרען אין מוח אַזאַ פּלאַן: ווי דער פּאָטשטאַר איז נאָר געקומען צום רבי׳ן, האָב איך איהם אַוועקגענומען אויף אַ זייט און האָב מיט איהם געמאַכט אַ שמועס וועגען דער פּלימיעניצע... און אַז איך האָב ביי איהם אויסגעטאַפּט זיין האַרץ, אַז ער האָט זי טאַקע באמת ליב אהבת נפש און איז גאָטאָוו מיט איהר חתונה האָבען — האָב איך איהם, כלומר׳שט ווי כלא ידע, אַ פֿרעג געטוהן: נו, אין וואָזשע איז דאָ די מניעה? — „ווי הייסט „אין וואָס״? — האָט ער פֿערוואונדערט געזאָגט — און איהר פֿערשטעהט עס דען ניט? עפּעס האָב איך דאָך אַ ווייב! וואָס טוהט מען מיט איהר?...״ עט! זאָג איך איהם ווייטער, ווי כלא ידע, די מניעה איז אַ קלייניגקייט! — אויב איהר מיינט נאָר צו נעמען די פּלימיעניצע מיט׳ן גאַנצען האַרץ — איז די מניעה נאָר פֿון די קלענסטע... „ווי הייסט צי איך מיין מיט׳ן גאַנצען האַרץ? — זאָגט דער פּאָטשטאַר כמעט מיט טרערען אין די אויגען — איך זאָג דאָך אייך, אַז אין איהר הענגט מיין לעבען! און ווען איך זאָל עס נאָר קענען אויספֿיהרען, שפּילט ביי מיר קיין ראָלע ניט, עס זאָל מיך אפילו אָבקאָסטען מיין האַלב פֿערמעגען!... נאָר ווי אַזוי

זשע ר׳ איציקעל, קען איך פּטור ווערען פון מיין ווייב...? זי וועט דאָך ביי מיר קיין גט ניט נעמען פאַר כל הון דעלמא!"
— איי, האָט מיר קיין פאַריבעל ניט, ר׳ קלמן סערצע, האָב איך געזאָגט דעם פּאָטשטאַר כלומר׳שט ווי מיט אַ פערטיפטער אומרוהיגער מינע — איהר רעדט אַליך פון אייער ווייב, און מיך אַרט עפּעס אַ סך בילעבערם דערפון!... הלואי וואָלט עס שוין נאָר דערביי געהאַלטען... איז שוין דער גט גאָר פון די קליינע זאַכען! עך, די מעשה, אויב פון אייער זייט זענט איהר זי פעסט בעשלאָסען צו גט׳ן?... „גוואלד ר׳ איציקעל — האָט ער אויסגע־שריגען מיט הארץ—מיט וואָזשע נאָך זאָל איך אייך דערוויי־זען מיין אמת?—פערקעהרט, אדרבא! גיט מיר נאָר אַ מיטעל, ווי אַזוי זי זאָל ביי מיר מוזען נעמען גט?—וועט איהר זעהען צי וועל איך עס ניט איספּעלנען, עס מעג זיין מי יודע וואָס פאַר אַ מיטעל!... אַבי רחל׳ען נאָר צו בעקומען פאַר אַ ווייב!... וואָרעם אָהן איהר, וועל איך מיר גאָר חלילה אַ מעשה אָנ־טוהן!..." — עט, ר׳ קלמן לעב, זאָג איך איהם כלומר׳שט מיט עגמת־נפש, האָט מיר קיין פאַריבעל ניט, ס׳איז נאָר געזאָגט אויף דער הייסער שעה... איך קען דאָך אייך, ר׳ קלמן, איהר זענט דאָך אַ וועלטליכער יור און האָט ליב יוצא זיין פאַר אַלע... איך מיין פאַר די דייטשען אויך!—און אַז ס׳וועט טאַקע קומען דערצו — וועט איהר ניט וועלען אָבידיען אייער ווייב... זאָג איך אמת, צי ניין...? „ווי הייסט — זאָגט דער פּאָ־טשטאַר ניט פערשטעהענדיג מיין כונה — איך מיין זי גאָר בפרוש ניט צו אָבידען; איך וועל איהר באהבה אָבגעבען אפילו מיין פערמעגען! עס וועט מיר נאָך, ברוך השם, בלייבען גענוג, אַזוי ווייט". (דערביי האָט ער געוויזען מיט דער האַנד איבערן קאָפּ.) — ניין! זאָג איך איהם, ר׳ קלמן לעב, דערפון איז קיין

רעדע ניט! דאָס קען איך אייך פֿאַר אַ גוט האַרץ... נאָר איך מיין, אַז בכדי זי זאָל נעמען ביי אייך גט, וועט דאָך אפשר מוזען קומען די זאַך לידי בזיון פֿאַר איהר כבוד... און אפשר נאָך וועט עס בעריהרען איימיצען פֿון יענע לייט... כ'לעבען, ביי אַ גויט קען מען דאָך ניט וויסען, ווי אַ זאַך מאַכט זיך?... און דעמאָלט קענט איהר וועלען אַרויסווייזען אייער אמביציע, און קאַליע מאַכען די גאַנצע שפּיל... און איך זאָג דאָך אייך ר' קלמן אַליץ מיינס: אַז ס'איז נאָך עפּעס דאָ אַ סך אַ גרעסערע מניעה פֿון אייער ווייב... „אַצינד—זאָגט דער פּאָטש־טאַר מיט פֿעסטער בעשלאָסענהייט — האָט שוין איהר מיר, ר' איציקעל קיין פֿעריבעל ניט, וואָס איהר הויבט ניט אָן צו קע־נען פֿיהלען יענעמס האַרץ! נאָר נאַט אייך מיין האַנד תקיעת־כף — אָבער פֿאַר אַן ערליכען יודען קענט איהר דאָך מיר — אַז קיין מיטעל וועט מיך ניט אָבהאַלטען דערפֿון צוליב רחל'ען! גיט מיר שוין נאָר דאָס מיטעל — וועט איהר שוין אַרויסזעהן מיין אמת האַרץ... מילא, איהר לעבען שפּילט דאָך דאָ חלילה מיט גאָר ניט! נו, איז וואָס, אַז זי וועט פּאַק מוזען איבערטראָ־גען אַ שטיקעל בזיון?... דאָס הייבט מיך ניט אָן אהרען, כ'לע־בען! און מכח יענע לייט, וואָס איהר זאָגט—איז זיך עס גאָר אַ שטות! —איך שפּיל נאָר, מכי תיתי, אַ ראָלע געגען זיי — אָבער פּראָ מיר מעגען זיי אפילו הינד צוטייל קומען... ובפרט נאָך פֿאַר מיין רחל'ען!... זאָגט שוין נאָר דאָס מיטעל, ר' אי־ציקעל — וועט שוין אי"ה זיין רעכט... נישמעהר יאָ, וואָס מיינט איהר עס אַליץ מיט אייערע דבורים, מכח עפּעס אַן ער־גערע מניעה...? איהר מיינט אודאי דעם רבי'נס הסכמה דער־רויף?... נו...! דאָס פֿערשטעה איך אַליין גאַנץ גוט, און איך וויים מיט וואָס דאָס שמעקט... נו מילא, איז נאָך פֿינף טוי־

זענד רובעל... און רחל׳ע זאָל זיין מיינע !..." ביי די ווערטער האָט ער מיר געגעבען די האַנד תקיעת כף, אַז ווי אַזוי איך וועל די זאַך אָבמאַכען, וועט ער מיר ניט דערווידער זיין און וועט מיר נאָך זיין צו הילף... פון דעם אַלעמען האָב איך שוין געוואוסט, אַז מיט איהם בין איך פערטיג אויף אַלץ... און האָב איהם מיט אַ פערביסענער מינע אַ זאָג געטוהן: מילא, דער רבי יאַק דער רבי! דאָס זענט איהר דייקא, ר׳ קלמן, גערעכט: איז נאָך אַ אלף ר׳!... דאָס איז ניט פון די גרויסע זאַכען... נאָר דאָ שטעקט אָבער, ר׳ קלמן לעב, גאָר אַן אַנדער שפילקע! און פון דער שפילקע „איז טאַקע געווענדט אייער ווייבס גט אויך... ס׳הייסט פון דער שפילקע געווענדט זיך דאָס מיטעל, וואָס איך מיין צו טוהן, אַז אייער ווייב זאָל מוזען נעמען גט, און נאָר דורך איהרען אַ בזיון... און איהר בזיון ווידער מוז בעריהרען איינס פון יענע לייט... „אַן עק! — האָט דער פּאָטשטאַר אויסגעשריגען מיט אונגעדולד — איך האָב דאָך אייך שוין געגעבען אַ תקיעת כף! זאָגט זשע שוין, ר׳ איציקעל, וואָס איהר מיינט ?..." — פערשטעהט איהר, ר׳ קלמן לעב, האָב איך איהם מיט אַ ערנסט מרה־שחורה׳דיגע מינע געזאָגט, בכדי איהם אַליין מעהר פעראינטערעסירען אין דער זאַך, ער זאָל אַלעס טוהן, וואָס איך וועל איהם הייסען... פערשטעהט איהר, די שפילקע שטעהט אייך אין וועג ווי אַן אייזערנע וואַנד! נאָר איך האָב אַ מיטעל, דורך וועלכען איהר זאָלט, ניט נאָר דערגרייכען אייער ציל, נאָר ס׳זאָל נאָך נאָר אַזוי געשווינט ווערען אייער כבוד, אַז די רבי׳צען זאָל אייך נאָך אַליין בעטען, אַז איהר זאָלט איהר איידעם זיין... נאָר... (דאָס איבעריגע האָב איך אינמיסטען ניט דערזאָגט, כדי זיין אַמביציע אַלס מעהר אַרויסצורופען...) מיין כבוד, זאָגט איהר זאָל גע־

שוינט ווערען? — האָט ער מיר מיט אַ ערנסט־שטוינענדיגער מינע געפרעגט — ווי הייסט? איך פערשטעה ניט! מיט וועלכען האָב איך דען חלילה פערדינט צו האָבען אומ׳כבוד? נישמעהר, איהר קערט אודאי מיינען, אַז איך זאָל קיין פנים ניט האָבען עפּעס פון אַ יונגעלע, בעטענדיג, ביי די יאָהרען און ביי מיין שטאַנד, אַ בתולה׳כען פאַר אַ ווייב, מחמת איך האָב זי ליב...? אודאי הייסט דאָס פאַר מיר אַן אומ׳כבוד, מ׳קען אַנדערש ניט רעדען! — אַ יאָ, דאָס מיינט איהר? אודאי וועל איך אייך, ר׳ איציקעל, דאָס אייביג ניט פערגעסען, אַז איהר וועט מיר דאָ מיין כבוד דערהאַלטען באופן; אַז איך זאָל מיך ניט דאַרפען משפיל זיין ווי עפּעס אַ בחור׳ל!... זאָגט זשע שוין, ר׳ איציקעל, גיכער: טאַקע דאָס מיינט איהר? הא? — איך האָב אַ קוק געטוהן, אַז ער רעדט עפּעס אַזוי בתמימות... בין איך עפּעס ווי אין אַ ספקות אַריין: צי ווייסט ער טאַקע ניט צו זאָגען... צי פיהרט ער עס געגען מיר אויך זיין אַמביציע און מיינט מיר אָבצוציהען...? און האָב מיך באַלד, במחשבה, אפשר גענומען אויף אַן אַנדער סטרי... און האָב איהם, ווי כלא ידע געענטפערט: לאָז זיין דאָס!... ער האָט עס אָנגענומען פאַר אַן אמת, און פאַלענדיג מיר אויפ׳ן האַלז פאַר שמחה האָט ער מיט האַריץ אויסגעשריגען: „זאָל אייך נאָר גאָט אַזוי מחיה זיין, ווי איהר האָט מיך דערמיט מחיה געווען! נישמעהר, וואָזשע מיינט איהר, ר׳ איציקעל, מיט׳ן „נאָר“?... דעם „נאָר“ מיין איך, אַז איהר וועט מוזען שענקען דער רבי׳צען אייער ווייבס אוירינג מיט׳ן בראָש; און ווי אַזוי דאָס אָבצומאַכען אגיל ואשמח? — זאָלט איהר מיך נאָר

פֿאָלגען, וועט אלעס זיין רעכט על צד היותר טוב! — אָט הערט, ר׳ קלמן, די גאַנצע אינטריגע אין דעם ענין, מיט מיין פּלאַן דערצו און טוהט ווי איך וועל הייסען!...

## טאַקע זעהר ריכטיג דער יעזואיטישער מיטעל:
## „דער צוועק היילגט דאָס מיטעל"!

פערשטעהט איהר, ר׳ קלמן לעב, דאָ איז אַזאַ מעשה: ר׳ מחוגצי דעם רבי׳נס עלטערער זוהן, האָט אויך ליב רחל׳ען צום שטאַרבען! (דער פּאָטשטאַר האָט אַזש אַ ציטער געטוהן ביי די ווערטער). נאָר אַזוי ווי זיין ווייב פּאָדערט ביי איהם כ׳ אלף רובעל פאַר גט׳ן זיך מיט איהם, האָט ער זיך שוין בעשלאָסען ר״ח אָדר אַ פּאָהר צו טוהן אויף דער מדינה, און מאַכען געלד אויף צו גט׳ן זיין פלונית׳טע און נעמען רחל׳ען... דער רבי ווייסט נאָך דערפון גאָר ניט, נאָר די רבי׳צען ווייסט עס יאָ, און — ווי אַ מאַמע — טוהט איהר זעהר וועה דאָס האַרץ אויף זיין שרעקליכען פּלאָגען זיך — נאָך רחל׳ען... נאָר פון דער אַנדערער זייט איז איהר, אי אַ בושה דער גאַנצער ענין, אי אַ וועהטאָג דער גט מיט׳ן רבי׳ן ר׳ חנינא׳לעס טאכטער, עס וועט דאָך אויפריהרען די וועלט!... און, ועל כלם וויל זיך איהר זעהר ניט זיין נסיעה נאָך געלד, ווייל, ראשית, וועט דער רבי אַרבייטען מעשים און קען איהם נאָך חלילה אומבּרענגען מיט זיינעם אַ קוק... והשנית וועט טאַקע פשוט אָ די נסיעה אַ שטאַרקען פּאָדריוו מאַכען דעם רבי׳ן מיט זיך אין די פינאַנסען... דערווייל שטעהט אַזוי די זאַך פערשפּיליעט: ר׳ מחוגצי איז פעסט בעשלאָסען צו פאָרען, און די רבי׳צען ווייסט דאָ גאָרניט, וואָס זי זאָל טוהן...? אַצינד פערשטעהט איהר אַז איך וועל איהר, אין אָ דער מבוכה, פערשלאָגען דעם שדוך מיט אייך — וועט איהר דאָך שוין ליכטיג ווערען אין די אויגען, ווייל דורך דעם ווערט זי אויף איין מאָל פּטור, אי

פֿון דעם זוהנ׳ס שענדליכען גט, אי פֿון זיין נסיעה, אי פֿון רבי׳נס רוגז חס ושלום... נאָר בכדי נאָך צו טרייסטען איהר מוטערליכען שמערץ אויף איהר קינד׳ס פּלאָגען זיך... איז מיין עצה, כפי זי עקט זיך גאָר נאָך אייער ווייבס אוירינג מיט׳ן בראָש, פֿון זינט זי האָט זיי אויף איהר דערזעהן ביי אייער זיין מיט איהר היע, לכן זאָלט איהר איהר דאָס שענקען במתנה גמורה, וועל איך שוין פּועל׳ן, אז זי וועט אייך אליין בעטען איהר זאָלט זיך משדך זיין צו איהר פּלימיעניצע, און דאָס זאָל נאָך אָבגעמאַכט ווערען אום שבת שירה, דער זוהן זאָל גאָר ניט וויסען פֿון וואנעט ס׳איז געקומען... לכן פֿאָהרט באַלד אהיים געזונדערהייט, און איך וועל שוין אי״ה אלעס פּערפּערטיגען על צד היותר טוב, און ווען איהר וועט בעקומען פֿון מיר אַ בריף, בפּקודת הרב, זאָלט איהר מיט אייער ווייב קומען אויף שבת־שירה צום רבי׳ן מיט׳ן גאַנצען ציהרונג איהרס... און עפּעס אַ מתנה׳לע דעם רבי׳ן, וואָס זאָל אויך ליגען צווישען דעם ציהרונג... און דער עיקר איז, אז דער צעפּליקער לעהרער מוז אויך דאָ זיין דעמאָלט אויף שבת, און דאָס קען מען אויספֿיהרען גאָר בנקל: קומענדיג אַצינד אהיים, זאָלט איהר איהם, אזוי, בהעברה בעלמא, זאָגען, אז איהר קומט פֿון דער נובערניע, און דאָרט איז אַ גרויסער מאַנגעל אין לעהרערס, און אז קאָם פֿאָהרט ער זיך דורך אַהין אויף אייניגע טעג — וועט ער דאָרט געוויס בעקומען די בעסטע לעהרער־שטעלע... איהר פֿערשטעהט?... און אַזוי ווי מיר ווייסען דאָך, אז ער האָט ניט אויף הוצאות־הדרך, וועט איהר איהם דורכוואַרפֿען אַ וואָרט, אַז כפי איהר דאַרפֿט אין גיכען ווידער פֿאָהרען אין נובערניע, קען ער זיך דעמאָלט אויך אויפֿזעצען מיט אייך... איהר פֿערשטעהט?... דאָס אַלצדינג דאַרפֿט איהר איהם זאָגען אַזוי...

כלאחר־יד, גלייך עס גערהט אייך גאָר כלל ניט אָן... און גלייך איהר רעדט גאָר ניט צו איהם... און אַז איהר וועט קומען אַהער, וועט ער דאָך שוין מוזען דאָ אויך שבת האַלטען — און דעמאָלט וועט שוין אַלעס אויסגעפֿיהרט ווערען על צד היותר טוב!... מעהר פֿרעגט מיך ניט, ר׳ קלמן לעב, און פֿאָהרט געזונד, והי׳ יצליח דרכך!... און מיט די ווערטער האָבען מיר זיך ווידער געגעבען די הענד תקיעת־כף, און ביי אַ גוט גלעזעל וויין האָבען מיר זיך געזעגענט הערצליך, כדבעי! — און אַ פּאָר וואָכען אַרום איז דאָך, מן הסתם, די רבי׳צען געוואָר געוואָרען פֿון איהר רחל׳עס פּעקעל, און האָט ניט אַנדערש גערעכענט, נאָר, אַז דאָס איז פֿונ׳ם עלטערען זוהן איהרען, ווייל זי האָט ניט איין מאָל געזעהן, ווי אַזוי ער טשעפּעט זיך צו איהר, כאָטש ער האָט שוין געהייסען ביי דער וועלט אַ פֿאָלגער גוּטער יוד... מילא, קענט איהר דאָך פֿערשטעהן, ווי פֿינסטער און ביטער ס׳איז איהר געוואָרען!... ובפֿרט, אַז רחל׳ע אַליין האָט איהר כמו ווי מודה געווען — אָהן ווערטער — אַז דאָס איז פֿונ׳ם יונגען רבי׳ן, וואָרעם איך האָב דאָך איהר שוין געזאָגט די בשורה, אַז זי ווערט אין גיכען אַ כלה פֿאַר׳ן פּאָטשטאַר, וועלכען זי האָט אויך זעהר ליב געהאַט צום שטאַרבען, (און ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזען — אַ פּנים אויך זעהר ריין און אונשולדיג...) אודאי האָט זי אויף דער רבי׳צענס פֿראַגע: „פֿון וועמען איז... אודאי פֿון מהונצי׳ן...“ — נאָר געהאַלטען אין איין וויינען... איז דאָך עס ביי דער רבי׳צען שוין אודאי געווען אַ גוטער סמן... און ביי דער דאָזיגער געלעגענהייט האָב איך זיך ביסלעכווייז אָנגעהויבען אונטער׳חנפֿה׳נען צו דער רבי׳צען, און איהר אַלי׳ן געגעבען אָנצוהערען, אַז איך וויים פֿון דער גאַנצער מעשה... און אַז איך האָב אַ תרופֿה, ווי אַזוי

רחל׳ע זאָל נאָך גליקליך חתונה האָבען, און עס זאָל אפילו אַ האָר ניט געקרימט ווערען, ניט פון איהרען, ניט פונ׳ם רבי׳נס, ניט פון די קינדערס כבוד... און די גאַנצע זאַך זאָל ווי אין וואַסער אריין, אַז ס׳זאָל אייביג וועגען דעם קיין האָן קיין קרעה ניט טוהן!... וואָס נאָך האָב איך איהר געזאָגט? אַז זי וועט נאָך, דורך דער נעשיכטע, בעקומען דאָס, צו וואָס איהר האַרץ גלוסט שוין אפשר צוויי יאָהר כסדר, און זי וואָלט עס אייביג ניט אויסגעפיהרט... מיין רבי׳צען איז שיער פון דער הויט געשפּרינגען פון שמחה, און האָט מיר אַזוי פריינדליך אַ זאָג געטוהן: נו, אדרבא, איציקעל, ראַטעווע מיך ארויס פון דעם בזיון וועסטו זיך, דורך מיר, געהייכט און געקריינט ווערען ביי מיין אַלטען! — נישמעהר וואָס מיינסטו עס דערמיט וואָס דו זאָגסט עפּעס, אַז איך וועל בעקומען דאָס, וואָס איך גאַר שוין צוויי יאָהר?..." — וואָס ווייסט איהר דאָ ניט, רבי׳צען קרוין, וואָס איך מיין? איהר גאַרט דאָך שוין לאַנג נאָך דער פּאָטשטאַרקעס אווירינג און בראָש... נו, אַצינד קענט איהר זיי בעקומען!... „אוי אַיציקעל! — האָט זי אַ געשריי געטוהן אויסער זיך פון פרייד—דו האָסט מיר פשוט אַ נייע נשמה אַריינגעזעצט!... מילא, ווי אַזוי דו וועסט דאָס מיר בעקומען? ווייס איך ניט! נאָר לאָז שוין זיין ווי אַזוי ס׳וועט זיין — אַבי איך זאָל זיי האָבען!..." — ווי הייסט, רבי׳צען קרוין? — האָב איך כלומר׳שט מיט אַ פרום פּנימ׳ל געזאָגט — גנבה׳נען וועל איך דאָך ניט געהן ביי יענעם! איך בין דאָך ניט ווי אייערע פריערינע גבאים... און צווייטענס, ווי אַזוי וועט איהר טראָגען גנבי׳יש —ציהרונג פאַר מענשען...? — „מאָהל דיר דאָס, איציקעל, — זאָגט זי מיט אַ פערביסען שמייכעלע—איז שוין פון די קליינע זאַכען: דאָס ציהרונג גיט מען צו אונזער גאָלדשמיד איבעראַר־

בייטען — און דענסטמאָל אפילו ת״ק פייגען דער וועלט!...
און דעם גאָלדשמיד גיט מען עס אויך נאָר אין ברעך... און
פערפאַלען אויף היינטיגען טאָג!... גישמעהר יאָ — האָט זי זיך
פלוצים אַ כאַפּ געטוהן, ווי פערשעמט איבער די אויערען — דו
מיינסט דאָך, זאָגסטו, ניט נגבה׳נען! — טאַקע זעהר רעכט פון
דיין זייט כ׳לעבען... יאָ, נאָר ווי אַזוי זשע דען וועסטו עס אַנ־
דערש אויספיהרען?...״ — איך וועל עס, מיט גאָט׳ס הילף,
אויספיהרען, האָב איך איהר געענטפערט, אַזוי, אַז דער פּאָטש־
טאַר אַליין וועט עס אייך ברענגען אין די הענד אַריין! גאָר
איהר זאָלט מיך פאָלגען און נעמען דעם פּאָטשטאַר טאַקע
פאַר רחל׳עס אַ מאַן! ער האָט זי ליעב צום שטאַרבען, און
גאַרט זעהר נאָך אַ בן זכר אויך... און אַז מ׳וועט איהם
נאָר אַ פּיפּס טוהן דערפון, וועט ער זיך אָנכאַפּען דערינען מיט
הענד און פיס, און וועט נאָך פאַר דעם כבוד גוט בעצאָהלען
דעם רבי׳ן אין בייטעל אַריין, חוץ דאָס ציהרונג... און רחל׳ען
האָט ער אַזוי ליב, אַז ער וועט אפילו נ אָ כ ד ע ם קיין
שאלות ניט מאַכען... איהר פערשטעהט, רבי׳צען קרוין, וואָס
איך מיין...? איהר זעהט נאָר, דער רבי זאָל געבען זיין הסכמה
דערויף!... „מילא, זיין הסכמה — זאָגט זי מלא שמחה און
שטוינען אויף מיין פלאַן — איז שוין ווי ביי מיר אין קעשענע!
גישמעהר ווי אַזוי זשע, איציקעל...״ איך האָב איהר אַרויסגע־
כאַפּט די ווערטער פונ׳ם מויל: ווי אַזוי דאָס קען זיין אַז ער
האָט דאָך אַ ווייב....? אַ יאָ, דאָס מיינט איהר, רבי׳צען קרוין!?
— דאָס איז שוין נישט אייער דאגה! פערלאָזט זיך נאָר אויף אי־
ציקלען! אם ירצה השם אויף שבת שירה וועט דער פּאָטש־
טאַר מיט׳ן ווייב קומען אַהער, און עס וועט שוין אַלסצדינג זיין
231 רעכט, אָגיל ואשמח!... די רבי׳צען האָט מיר געגעבען איהר

וואָרט, אַז די זאַך איז אָבגעמאַכט, אפילו אויף חמשה עשר בשבט אַ חופּה שטעלען... און איך האָב באַלד אָנגעשריבען אַ בריף צום פּאָטשטאַר, כמדובר... און נאָך אַ בריף צום צעפּ־ליקער סטאַרעסטע, אַז ער זאָל במקודת הצדיק, קומען מיט׳ן סבאָרשטישק אויף שבת־שירה בלי שום תרוץ כלל וכלל!... און כך הוה: אויף שבת־שירה איז געקומען דער פּאָטשטאַר מיט׳ן לעהרער, כמדובר... און דער סטאַרעסטע מיט׳ן סבאָר־שטשיק כמצוה בשם הצדיק... און איך האָב שוין אָנגעהויבען אַרבייטען מיין פּלאַן באופן, אַז איך זאָל חלילה ניט בלייבען אַ פּאַרך...

איך האָב שוין לאַנג געוואוסט, אַז דער סטאַרעסטע מיט׳ן סבאָרשטיק זענען להרוג ולאבד אויף דער פּאָטשטאַרקע דערפֿאַר, וואָס, אַז בעת די פּאָימאַניקעס, האָבען זיי געכאַפּט דעם צעפּליקער לעהרער און האָבען ביי איהם געוואָלט צונע־מען זיין פּאַס און פֿערברענען, בכדי איהם אָבצוגעבען פֿאַר אַ פּאָימאַניק — אַזוי ווי עס האָט זיך דעמאָלט געפֿיהרט — נאָר אויף דער מינוט איז גראָד דורכגעגאַנגען די פּאָטשטאַרקע און ווי די שענע צוויי לייט ראַנגלען זיך אַזוי מיט איהם און ווילען ביי איהם אויסרייסען דעם פּאַס — האָט זי ביי איהם אַ כאַפּ געטוהן דעם פּאַס פֿון זיין האַנד און איז גלייך געלאָפֿען צום גאָראָדניטשיע און האָט איהם געוויזען דעם פּאַס און דערצעהלט די גאַנצע מעשה, אַזוי, אַז דער גאָראָדניטשע האָט באַלד בעפֿרייט דעם לעהרער און די ביידע חברה־לייט האָט ער געהייסען איינזעצען אויף אַ חודש אין טורמע, און האָט זיי נאָך שטראַפֿירט צו הונדערט רובעל אַ יעדען, פֿון דעמאָלט אָן ברענגען זיי אויף דער פּאָטשטאַרקע אַ העליש פֿייער, און זיי זאָלען נאָר קענען, וואָלטען זיי זי דערטרונקען אין אַ לעפֿ־

פֿעל וואַסער... היינט פֿערשטעהט אַליין, אַז איך האָב זיי נאָר בעדאַרפֿט זאָגען דאָס וואָרט: „נקמה אין דער פּאָטשטאַרקע מיט׳ן לעהרער״... בין איך שוין מיט זיי פֿאַרטיג געוואָרען אויף כל הרעות שבעולם!... און וואָס האָב איך זיי, מיינט איהר, אָנגעשטעלט? — גאָר אַ קלייניגקייט. בנאמנות! אַז ווען איך וועל זיי נאָר אַ וואונק טוהן — זאָלען זיי געהן אָבגעבען ביים רבי׳ן אַ גבית־עדות אויף דער פּאָטשטאַרקע, אַז זיי האָבען זי אַליין געזעהען עטליכע מאָל מיט׳ן לעהרער אַליין אין דער שטאַל, ביי איהר אין הויף, און איינמאָל האָבען זיי אינמיסטען זיך בעהאַלטען אונטערען טויער ביז זי וועט מיט איהם אַרויסגעהן, האָבען זיי, ערשט אין אַ האַלבער שעה אַרום, געזעהען זי אַרויסגעהן פֿערפֿלאַמט די באַקען, און ער צושפּיליעט און צושויבערט די ביהאָר און פֿערפּאַליעט ווי אַ שניידער־יונג... נאָר ביז אַהער האָבען זיי עס אָבגעשוויגען, בכדי נישט מביש זיין דעם פּאָטשטאַר, און טאַקע נים מוציא שם רע זיין אויף אַ יודישער טאָכטער, ביז מ׳האָט זי ניט געכאַפּט בגלופֿין — נאָר אַצינד, נאָך דער מעשה מיט׳ן ציהרונג, קענען זיי געהן שווערען אין טלית און אין קיטעל, אַז זי איז טאַקע אַן אמת׳ע חצופה בריש גלי!...

דעם פּאָטשטאַר ווידער האָב איך אָנגעזאָגט, באַלד ווי ער איז געקומען, אַז ער זאָל דעם לעהרער הייסען זיך נעמען אַ בעזונדער שטיבעל אינ׳ם איינפֿאָהר־הויז איבער שבת, און אויפֿדערנאַכט בעת ער וועט אַוועקגעהען צום רבי׳נס טיש, זאָל ער אַזוי, כלאחר יד, אַ זאָג טוהן דעם ווייב, אַז ווען זי וועט דאָרט געהן עסען זאָל זי, אוים רחמנות, אַריינבעטען דעם לעהרער אויף וועטשערע צו זיך... דער רבי האָט שוין ביי זיך געוואוסט, וואָס ער האָט צו טוהן מיט דער פּאָטשטאַרקע, בעת

זיי וועלען נאָך ערב שבת בייטאָג קומען איהם מקבל פּנים זיין... און וואָס מיינט איהר חלילה? גאָר ניט כ'לעבען! אַז דער פּאָטשטאַר מיט'ן וייב זענען אַריינגעקומען צום רבי'ן, האָט איהם דער רבי באַלד שלום געגעבען בסבר פּנים יפות, און מניה וביה האָט ער אויף איהר אַ שרעקליכען מרה־שחורה׳־דיגען קוק געטוהן און, פֿאַרגלאָנצענדיג די אויגען, האָט ער, ווי צווישען די ציין, אַ זאָג געטוהן: „דינים, דינים! שרעקליכע דינים!"... אויפֿדערנאַכט איז דער פּאָטשטאַר נאָכ'ן דאַווענען געבליבען אין קלויז וואַרטען אויפ'ן רבי'ן, נאָר ווי מיין אונטערגעשיקטער שליח איז געקומען און האָט מיר איינגעראָמט׳ אַז, נאָר וואָס, האָט זיך די פּאָטשטאַרקע געזעצט עסען מיט'ן לעהרער — האָב איך אַ כאַפּ געטוהן דעם פּאָטשטאַר: קומט צו אייך אויף דער אכסניא! און ווי איהר וועט נאָר אַריינקומען אין שטוב, זאָלט איהר באַלד זעהן נעמען צו זיך בסתר דאָס ציהרונג, ס'הייסט די אויריננ מיט'ן בראש און נאָך אַ פּינגערעל דערצו, און זאָלט עס מיר הינטערוויילעכץ איבערגעבען... דער פּאָטשטאַר האָט אויף מיר דעם מינדעסטען חשד ניט געהאַט מכח: טאָמער וויל איך עס נאָר צונעמען זיך?... ווייל די רבי'צען מיט רחל'ען האָבען איהם שוין דורכ'ן טאָג עטליכע מאָל געמאַכט אייגלעך און חנ'דלעך אַזוי, אַז ער האָט זיך איבערציינט, אַז די זאַך איז אָבגעבעט לטובתו אַרום און אַרום... איך מיט'ן פּאָטשטאַר און נאָך אַקעגען אַ מנין חסידים, אַלע אָבגעבעטע פֿון פֿריהער... זענען מיר אַריין אין זיין שטיבעל מיט'ן אַ ברייטען גוט שבת דער פּאָטשטאַרקע, און אַלע ווי מיט אַ שטוינענדיגען בליק אויפ'ן לעהרער און אויפ'ן פּאָטשטאַר, ווי איינער רעדט: וואָס איז דאָס? ווי קומט אַהער דער בערלינער צום רבי'נס מקורב, און נאָך ביחידות מיט אַן אשת

איש...? און דער פּאַטשטאַר האָט באַלד געהייסען געבען וויין, מיר האָבען אַלע קדוש געמאַכט און אַביסעלע פֿרעהליך געוואָרען, און אַז דער פּאַטשטאַר האָט מיר שוין אַריינגערוקט דאָס ציהרונג... האָב איך הינטערוויילעכ'ץ אַריינגעשטופּט דאָס פֿינגערעל אין דער בוזעם-קעשענע פֿונ'ם לעהרערס פּאַלטאָ, וואָס איז געהאַנגען אויף אַ טשוואָק לעבען דער טיהר... און מיר האָבען זיך גאַנ'ץ היבש צוהוליעט און צוּווערטעלט זיך אויפֿ'ן לעהרערס שטשאָט בכון, כדי ער זאָל גיכער אַוועקגעהן... און כך הוה: ער האָט אָנגעטוהן דעם פּאַלטאָ און איז אַוועקגעגאַנגען אין זיין שטיבעל אַריין און אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט זיך דער פּאַטשטאַר כלומרשט ווי דערמאָנט (דאָס איז אַלי'ץ געווען אַזוי אָבגערעדט מיט מיר), אַז ער האָט געבראַכט דעם רבי'ן זעהר אַ טייער פּושקעלע אַ מתנה, און מיר האָבען איהם כלומר'שט געבעטען, ער זאָל עס אונז ווייזען... ער האָט כלומר'שט ווי תחילת ניט געוואָלט, נאָר ענדליך האָט ער אונז צוליב געטוהן און האָט אַ זאָג געטוהן דעם ווייב: „נעם מיין ווייב אַרויס פֿון שקאַטולקעלע דאָס פּושקעלע, וואָס איך פֿיהר דעם רבי'ן..." נאָר ווי זי האָט געעפֿענט די שקאַטולקע, איז זי פּלוצים געוואָרען געל און גרין, האָט זיך נאָך אַ צוויי מינוט געבאָברעט, און האָט ענדליך אויסגעשריגען מיט אַ ווילד קול: „קלמן, דאָס ציהרונג איז ניטאָ!" — „ווי הייסט? — האָט דער פּאַטשטאַר, מיט אַ כלומר'שט ערענסטער און פֿערוואונדערטער מינע געזאָגט — פֿאַר מיין אַוועקגעהן צום רבי'ן צו קבלת שבת איז דאָך עס נאָך געווען! וואו זשע האָט עס געקענט הינקומען?... חלילה! מן הסתם האָסטו עס אפשר ערגעץ איבערגעלעגט און האָסט פֿערגעסען... „זוך נאָר גוט און שרעק זיך ניט..." זי האָט אָנגעהויבען זוכען, מיר אַלע האָבען צוגע-

האַלפּען זוכען, הכלל מ׳האָט איבערגעקעהרט די שטוב — ניטאָ דאָס ציהרונג! — איך האָב באַלד, כלומרשט ווי סטראַגע, אַ גע־שריי געטוהן: ר׳ קלמן לעב, באַלד זאָלט איהר אונז אַלע בע־זוכען! אונזער הייליגע גמרא זאָגט „כבדהו וחשדהו...״ ער האָט ניט געוואָלט אפילו הערען דערפון, נאָר איך האָב איהם גע־צוואונגען דערצו. און ער האָט אונז אַלע איבערזוכט... ניטאָ דאָס ציהרונג!... מ׳האָט אַריינגערופען דעם בעל אכסניא מיט דעם משרת; זיי האָבען געשוואוירען, אַז מ׳האָט געמעגט גלוי־בען אַ מ... און חאָבען זיך אויך נעלאָזט בעזוכען, — ניטאָ! ענדליך טוהט אַ געשריי דער משרת „דאָ האָט דאָך מיט אייך נעגעסען דער דייטש, וואָס איז מיט אייך געקומען...? זייט מיר הונדערט מאָל מוחל, איך קען דאָך איהם ניט! אפשר...? לאָז מען איהם אויך געהן בעזוכען! וועה איז מיר, אַז ס׳וועט אויף מיר פאַלען אַ חשד גנבה, בין איך דאָך געקוילעט פון ברויט! וועט מיך שוין צונעמען קיינער אַ משרת צו זיך...״ דער פּאָטשטאַר האָט כלומר׳שט פערוואָרפען מיט חענד און פיס: „חס ושלום! ס׳איז אַן אָרענטליכער מענש! מיר קענען איהם שוין יאָהרען לאַנג! ווי זאָל איך פלוצים אַזוי מביש זיין אַ מענשען...?״ נאָר דער בעל־אכסניא מיט׳ן משרת האָבען ניט געוואָלט אָבטרעטען, ביז מ׳זאָל געהן צו איהם אין שטיבעל, איהם אויך בעזוכען, כדי פון זיי דעם חשד אַראָבנעמען, און דער פּאָטשטאַר מיט׳ן ווייב און מיר אַלע האָבען נעמוזט אַריינגעהן צום לעהרער אין שטיבעל און מאַכען אַן אָביסקע. מילא, וואָס זאָל איך אייך אַ סך ברייען?... מ׳האָט פריהער איבער־געקעהרט די שטוב, אַזוי לאַנג, אַזוי בּרייט, ביז מ׳האָט געפונען דאָס פינגערעל אין דער בוזעם קעשענע פון זיין פּאַלטאָ...

236 דער פּאָטשטאַר האָט כלומר׳שט געבעטען, מ׳זאָל ניט אָנמאַ־

כען קיין ליאַרעם און ניט אויסגעבען דעם לעהרער... נאָר דער בעל אכסניא האָט תיכף געשיקט נאָך דער פּאָליציי און מ'האָט דעם בערלינער מחילה אָהן כלי זמר, אַוועקגעפֿיהרט אין דער פּאָליציי אַריין, און מיר האָבען דערווייל געוואָרפֿען שטעכווערטלעך אויף דער פּאָטשטאַרקע, אין וועלכע מיר האָבען אַזוי... נאָר ברמז... געגעבען אָנצוהערען דעם פּאָטשטאַר, אַ סברה, אויב זי האָט עס איהם אַליין ניט אַוועקגעגעבען ברצון הטוב... וכדומה אַזעלכע ווערטלעך... און מיר זענען אַלע אַוועקגעגאַנגען צוריק אין קלויז אַריין...

אַצינד דאַרפֿט איהר שוין, רבותים, פֿערשטעהען דעם סוף פֿון דער שפּיל: אויף מאָרגען האָט שוין די גאַנצע שטאָדט געקלונגען מיט דער מעשה, און אַלע חסידים זענען געווען ביי דער מיינונג, אַז דאָס האָט איהם די כלב'טע, די פּאָטשטאַרקע אַליין געמוזט אַוועקגעבען דאָס ציהרונג, אָדער, לפּחות, דורך איהרע הולטייסקע פֿיהרעכצען מיט איהם, האָט ער עס געטוהן כמעט מיט איהר רשות דערויף... שבת־צונאַכטס איז דער פּאָטשטאַר מיט'ן ווייב געלאַדען געווען צום רבי'ן אין זיין יהידות־שטיבעל, און דער רבי האָט געמאַכט זיינע ווילדע עויות און אַליך געקרעכצט, אַז ער זעהט אין הימעל אַ שרעקליכען קטרוג אויף דעם פּאָטשטאַר'ס פּלונית, און אינמיטענדערינען זענען אַריין אין שטיבעל דער סטאַרעסטע מיט'ן סבאָרשטשיק און האָבען אָנגעגעבען זייער גבית־עדות... און די פּאָטשטאַרקע איז חלשות געבליבען...

נו מילא? מ'האָט זי דערמינטערט און אוועקגעפֿיהרט אויף דער אכסניא, וואָס דאָרט האָט זיך איבערגעטוהן צווישען דעם פּאָר פֿאָלק? פֿערשפּאָר איך אייך זאָגען, נאָר זונטאָג אין דער פֿריה האָבען זיי זיך ביים רבי'ן אין שטיבעל גע'גט... זי

איז בחרפה ובבושה אַהיימגעפֿאָהרען און מאָנטאג ביינאַכט זענען געווען תנאים צווישען פּאַטשטאַר מיט רחל'ען... דער רבי האָט געכאַפּט פֿינף הונדערט קאַרבען, די רבי'צען — דאָס ציהרונג, איך אַ מנה־יפה אויף אַן אַנדער אופן... און מיטוואָך, חמשה־עשר בשבט, איז געווען די חופה למזל!... היינט פֿערשטעהט ווי נתגדל ונתקדש איך בין געוואָרען ביים רבי'ן!...

## יא

## מ׳דאַרף פאָלגען דעם רבי׳ן ביז אין פינטעלע אַריין, דער דין מיט׳ן יושר מעג אפילו ניט אַזוי זיין!

איך בעט איבער אייער כבוד, מיינע ליבע לעזער, ווי אַזוי דערמאָנט זיך עס ניט כאָטש איינער פון אייך אין דער גאַנצער צייט, אַ פרעג צו טוהן: וואָס הערט זיך מיט מיין פלונית׳טע?... האַלטען אייך פאַר אַזעלכע צדיקים ווי בועז, אויף וועלכען די גמרא חדוש׳ט זיך, ווי ער קומט צו פרעגען אויף אַן אשה? — ווייס איך, אַז ס׳איז אַ ליגען! מ׳דאַרף ניט מעהר צדיק ווי אונזער רבי, פריטאַ פרעגט ער אויך אָפט זיינע רייכע מקורבים „וואָס מאַכט אייער פלונית׳טע?״ — זאָגען, אַז איהר שעמט זיך צו מישען צווישען אַ פאָר פאָלק? — איז אודאי אַ ליגען! ביי וועלכען נאָך פאָלק אין דער וועלט קוקט אַזוי איינס דאָס אַנדערע אין טאָפּ אַריין ווי ביי יודען?... אפשר פרעגט איהר ניט דערפאַר, וואָס איהר זענט אין כעס אויף מיר, פאַרוואָס איך האָב זי פערגעסען מכל וכל? — דערויף וועל איך אייך אין קורצען זאָגען, אַז איך האָב דייקא אין איהר ניט פערגעסען, והא ראיה, אַז זי האָט שוין אין דער צייט פינף קינדערלאַך... וואָרעם אַלע יאָהר כאַפּ איך מיר אַליין אַרויס, איין מאָל אין יאָהר, אויף אַ טאָג—צוויי, און פערשטופּ איהר דאָס מויל מיט עטליכע גילדען אויך... נו, וואָס נאָך ווילט איהר...? נאָר טאָמער פרעגט איהר מיך ניט אויף מיין פלונית׳טע דערפאַר, וואָס איהר האָט זיך אַזוי שטאַרק פערטיפט אין מיינע מעשיות? — דאָס, זעהט איהר, חדושט מיך שוין אויף אייך, אַז איך פערשטעה אייך שוין גאָרניט! — נאָך אַמאָל! די אַלע מעשות זענען דען אַ נייעס ביי אייך? — מיר דאַכט זיך,

אַז איהר אַלע ווייסט זיי נאָך אַ סך מעהר פֿון מיר, וואָרעם ווער מאַכט דען אָ דעם גאַנצען ענין, און ווער ברענגט דען צו די אַלע מעשות, מעהר ווי איהר אַליין...? און ווען ניט איהר, וואָלט איך דאָך גאָר בסך הכל ניט געהאַט פֿון וואָס צו שריי־בען! — נישמעהר איך וויים זעהר גוט, אַז ווען מיין פלונית'טע זאָל זיין אַ שעהן ווייבעל—וואָלט איהר זיך געוויס אינטערעסירט אַ פֿרעג צו טוהן וועגען איהר... און אַז ס'איז יאָ אַזוי — וועל איך אייך, אויף צולהכעיס, דייקא אַליין דערצעהלען, וואָס מיט איהר האָט זיך פּאַסירט ביז אַהער, און ווי אַזוי איך האָב זי בעהאַנדעלט צו לעצט — און ווייסט, אַז אַ חסיד איז אַ סך מעהר עדעלמאַן פֿון אַלע אייערע דייטשען און ישיבה'ניקעס אקעגען זיין ווייב און קינדער!...

אין אַ האַלב יאָהר אַרום נאָך דעם פּאָטשטאַרס מעשה, איז צום רבי'ן געקומען וואוינען זיין שוועסטערס אַ טאָכטער, אַ יונג אלמנה'כען פֿון אַ יאָהר 28, אַ געזונד מכוער ווייבעל, לויטער, דיקלעך, שווארצע אויגען מיט פֿאַרבינע בעקעלעך, און זי איז מיר שטאַרק געפֿעלען, דער רבי מיט דער רבי'צען האָ־בען מיר געגעבען אָנצוהערען מכח חתונה האָבען מיט איהר, כאָטש דאָס ווייבעל גופא האָט ניט אַזוי גוט געקוקט אויף מיר נאָר עס וואָלט דאָך איהר ניט געהאָלפֿען... נאָר געה טוה עפּעס, אַז איך האָב אַזאַ פּעקעל אויף די פּלייצעס...? איהר קענט אייך פֿאָרשטעלען מיין דאָסאַדע, אַז מ'זעהט דאָס גליק פֿאַר די אויגען, נאָך וואָסער אַ גליק? ווערען, ס'הייסט כמעט, דעם רבי'נס אַן איידעם! איהר פֿערשטעהט, וואָס דאָס הייסט...? נו, און טאַקע אַזאַ געזונד לויטער ווייבעל... ס'הייסט דאָך ממש דעם גן־עדן אויף דער וועלט!... און איבער אַזאַ זלידניע, אַזאַ מיאוס'ניצע, אַזאַ חראָנדיע—קען איך עס ניט דערלאַנגען!... און

צו מיינע צרות, בעפֿעהלט זי מיר נאָך אַלי׳ן גרוסען, דורך קראָקאָדילעווקער חסידים, אַז באשר, זי געהט. דאָרט אוים מיט די קינדער פֿון הונגער און קעלט—זאָל איך איהר שיקען כאָטש אַ צעהנט־חלק פֿון מיינע פֿערדינסטען; נו, וואָס זאָגט איהר צו אַזאַ שפלה?... מאָלט אייך ראשית קלויב איך גאָר מיינע שכירות מיט אַלע מיינע הכנסות ביים רבי׳ן אַזוי, אַז איך וועל דערפֿון ניט ריהרען אַ גראָשען אפילו פֿון מיינעט וועגען! והשנית מעג דאָך, דאַכט זיך, אַזאַ יפהפיה דייזשקעס קנעטען און האָדעווען איהרע קינדער! האַ, ווי זאָגט איהר?... אַז איך קען זי פֿאָרט ניט אָנקוקען פֿון דער חתונה אָן.... און פֿון זינט איך זעה דאָס מכוער׳ע ווייבעל, אודאי ניט!... און קיין גט וויל זי ניט נעהמען אָהן כתובה—נו, ווי קען מען אויסהאַלטען, האַ?... פריטאָ וועט איהר, אָ דאָ ווייטער, אַליין זעהן מיין איידעלקייט, ווי אַזוי איך האָב שוין, אָ דער זיסער יפהפיה גערעכענט צו נעבען איהר כתובה דאוריתא און זי האָט נאָך אַרויסגעוויזען איהר עזות און חצופות מיט איהר רשעות נעגען מיר, אַז אַ מלאך אפילו, וואָלט עס שוין אויך ניט געקענט איבערטראָגען פֿון אַזאַ מיאוס׳ניצע, אַ מרשעת!... אָט הערט אינמיסטען און קומט מיר צו גלייבען.

אַ מאָל אין אַ פֿרייטאָג־צונאַכטס פֿאַר׳ן קדוש, האָט דער רבי צו זיך אין שטיבעל אַריינגערופֿען די רבי׳צען מיט זיין פלימיעניצע און מיר אויך, און ער האָט געמאַכט אָן אָפֿענעם שמועס מכח משדך זיין זיין פלימע ניצע מיט מיר, און האָט מיר ריין נעזאָגט בזה הלשון: „זאָלסט וויסען איציקעל, אַז מ׳לאָזט מיך מן השמים ניט רוהען מכח דעם זווג, מ׳ווייזט מיר שטענדיג אין חלום די ווערטער „יצחק ורבקה“! (דאָס ווייבעל האָט געהייסען „רבקה“) על כן איז ביי מיר מיט דער רבי׳צען געבליבען, אַז דו מוזט שוין טאַקע פֿאָהרען לק״ק קראָקאָדילעווקע און נאָב׳גט׳ן דיין פלונית׳טע

איי זי וויל דאָך אָבער די כתובה, און דו האָסט דאָך גע׳ביך ניט איהר צו געבען—און פון דעם מעות, וואָס דו האָסט ביי מיר, איז דאָך פשוט אַן עברה אַראָפצונעמען, דאַרפסט דאָך ערשט אָנהייבען לעבען מיט מיין קרובה, כאָטש ווי ס׳לעבען לייט... לכן געפין איך, אַז דו דאַרפסט איהר געבען אַ בעל־כרחו־גט און ס׳זאָל דיך מעהר ניט קאָסטען ווי די הוצאות קיין קראָקאָדילעווקע מיט צוויי עדות... און דאָס קלייניגקייט האָסטו נאָך מן הסתם ביי זיך... ובכן דאַרף מען נאָך צוואַרטען אַ פאָר וואָכען ביז שבת חנוכה, דעמאָלט פאָהרט דיין חסיד שוטה, דעד ווערעמדיגער נסתר דיינער, צום זאָדקעוויצער אויף שבת מיט דער שווינער מיט דיינער — זאָלסטו טאַקע מוצאי־שבת חנוכה בין השמשות, כאַפען אַ גוטע פאָר סוסים מיט מיינע צוויי טיש גבאים; קיין קראָקאָדילעווקע איז פון דאַנעט סך הכל דריטהאַלבען מייל, וועסטו געווים קאָנען אָבטוהן דיין זאַך, און נאָך אוספעיען צוריק אויף מלוה מלכה... אַצינד מאַך איך דערווייל צווישען אייך אַ וואָרט, לשם יחוד קודשא בריך הוא ושכינתיה... און אי״ה, אַז דו וועסט קומען אַ גע׳גט׳ער פון קראָקאָדילעווקע, וועלען מיר זאת חנוכה שטעלען אַ חופה״... (און ביי די ווערטער האָט ער אַרויסגענומען זיין זיידענע פאַטשיילע פון דער זשופעצע, און האָט נעגעבען מיר מיט׳ן ווייבעל מקבל קנין זיין...) און ער מיט זיין הייליג מויל האָט דער ערשטער געזאָגט „מזל טוב!“... דעם ווייבעל האָט זיך אפילו געשטעלט טרערען אין די אויגען... נישמעהר, אַקעגען רבי׳נס רצון וועט זי דאָך ניט געהן... איהר קענט פערשטעהן, ווי אַזוי איך בין געוועזען אין זיבעטען הימעל... און מיט וואָס פאַר אַ גאַרען איך האָב געגאַרט, שוין צו דערציהען די צוויי וואָכען!... איך האָב יאַקאָש דערלעבט דעם שבת־

חנוכה, און האָב נאָך געהאַט א ידיעה פֿון קראָקאָדילעווקע, אַז מיינע צוויי זיסע שוואָגערלעך זענען אויך גראָד ניטאָ אַצינד אין דער היים; און תיכף נאָך מעריב האָב איך געכאַפּט די ענלה מיט די פּאָר סוסים, וואָס איך האָב נאָך פֿרייטאָג בע־שטעלט און וואַליי מיט די צוויי טיש גבאים קיין קראָקאָדי־לעווקע! דער רבי האָט מיר נאָר געזאָגט „יברכך" און מיר מבטיח געווען בפה מלא: „השם יצליח דרכך ולא יחרץ כלב לשונו"... און כאָטש דער רבי זאָל מאָריך ימים זיין האָט מיר קיין כתובה איהר ניט געהייסען געבען — האָט מיך דאָך מיין גוט הארץ ניט דערלאָזט דערצו, און איך האָב מיט זיך גענו־מען מיינע לעצטע הונדערט רובעל, איהר כתובה דאורייתא איהר צו געבען! זעהט איהר שוין, דייטשוּנעס, מיט וועמען איהר האָט פּיר, הא?... בעדיי אויף דעם רבי'נס פּקודה עובר זיין— און טוהן על פּי היושר... (און אפשר האט מיך טאַקע אָ די עבירה בעגראָבען!... א קאַטאָוועס דעם רבי'נס בעפֿעהל!...) הכלל, דער בעל כרחו גט ליגט שוין גרייט אין קעשענע, וועל־כען דעם רבי'נס סופר האָט נאָך ערב שבת אָנגעשריבען... און מיר פֿאָהרען לק"ק קראָקאָדילעווקע. — אָנגעקומען זענען מיר קיין קראָקאָדילעווקע אַרום אַכט א זייגער ביינאַכט, די ענלה האָבען מיר אינמיסטען אָבגעשטעלט וויטער פֿון דער חורבה, וואו מיין יפהפיה האָט געוואוינט... און מיר זענען אין דרייען שטי־לערהייד צוגעגאַנגען צו דער חורבה און זיך אָבגעשטעלט אַבי־סעל אונטערען פֿענסטערעל פֿון איהר אַלקערעל, קיין לעבעדיג נפש איז ניט געווען אין געסעל און קיין הונד האָט טאַקע באמת קיין האווקע ניט געטוהן, כאָטש א פֿוהר אין דער פּוסט־קע קראָקאָדילעווקע פֿלעגט תמיד, פֿאַר אַן גאָוועגע, אויפֿהייבען גאַנצע טיטשקעס הינד, אַז זיי האָבען פֿערהילכט דאָס גאַנצע

שטעטעל מיט דער סביבה אַרום !... דאָ האָבען מיר בעשיינפּערלעך געזעהען דעם רבי׳נס ווערטער אות באות, און מיר זענען שוין פֿעסט פּערזיכערט געווען, אַז די גאַנצע מעשה וועט ווי אין וואַסער אַריין, אז קיין האָן וועט אפּילו קיין קרעה ניט טוהן... געה זיי אַ נביא און ווייס, אַז די פֿוהר האָבען מיר אָבגעשטעלט גראָד לעבען אַ שטוב, וואו ס׳האָט געוואוינט איינער פֿון די בערלינער, וואָס איז ניט לאַנג אָנגעקומען קיין קראָקאָדילעווקע פֿאַר אַן אַקציזניק. אודאי בעת מיר זענען זיך דאָ אַזוי רוהיג און פֿרעהליך געשטאַנען, האָט ער דאָרט בעמערקט דורך זיין פֿענסטער די עגלה, און נאָר פֿון זעהר גייציגקייט, איז ער אַ בעלן געווען אַרויסגעהן און זיך דערפֿרעגען ביים שמייסער, אַ יונגעל פֿון אַ יאָהר פֿופֿצעהן, ווער דאָ איז געקומען און פֿון וואַנעט? און דער שוטה האָט איהם געזאָגט, אַז דאָס זענען געקומען דעם רבי׳נס דריי גבאים פֿון סירקעוו, אַלע מיט די נעמען, און ער האָט זיך עס גוט אין קאָפּ אַריינגענומען... דער שוטה זאָל נאָך געהן וויסען, וואָס מיר זענען געקומען?—וואָלט ער איהם דאָס אויך געווען געזאָגט!—נאָך אַ גליק, וואָס דער אפּיקורס האָט נאָך, אַ פּנים, ניט געוואוסט, אַז איציקעל דעם רבי׳נס לייב־גבאי איז דעם נסתר׳ס אַן איידעם אין קדאָקאָדילעווקע—וואָלט ער נאָך געוויס אַ בעלן געווען צו וועלען וויסען, וואָס אין דער חורבה טוהט זיך? און ער וואָלט אונז שוין טאַקע אויפ׳ן אָרט געווען געפּאַקט... נו מילא! זעהט איהר דאָך, ווי איבער מיין כונה, צו טוהן על פּי דעם דייטשונעשען יושר, נגד דעם רבינ׳ס רצון—האָט עס מיר, אומשטיינסנעזאָגט. דעם שכל אָבגענומען, איך זאָל בעצייטענס אָנזאָגען דעם יונגעל ער זאל האַלטען אין איין שווייגען! — דאָ זעהט מען בעשיינפּערלעך דעם „משיב חכמים אחור"... אַז אַזאַ חוואַט ווי איך

וואָס קען אָבאַרבייטען אַזאַ שטיקעלע, ווי דעם פּאָטשטאַרס גט מיט דער חתונה... האָט קיין שכל ניט, צו בעוואָרענען זיך אַליין מיט אַזאַ קליינינקייט!.. נישמעהר פֿערפֿאַלען! הערט שוין אויס די מעשה פֿון מיין בעל כרחו גט ביז אין סוף אריין.

יב

## אַזאַ פֿינסטערע קאַרטינאַ דאַרף רידהרען פֿונ'ם זין נאָר דעם רבינ'ס כבוד איז דאָך ביליכער דערפֿון!

אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע איך מיט מיינע צוויי גבאים האָ־בען דערזעהן מיין פּלונית'טע, וויל איך גאָר ניט דערצעה־לען! איך וויים אייערע ווייכע הערצעלעך, אַז אַ מינדעסטע זאַך ריהרט אייך באַלד צו טרעהרען! ובפרט נאָך געגען אַ פֿרויענ־צימער—ווי איהר רופֿט עס אויף אייער לשון—נאָר פֿונ'ם כבוד החסידות וועגען מוז איך אייך דאָך דערצעהלען כאָטש אַ מן המעשר פֿון דער קאַרטינע, כדי די וועלט זאָל זיך לערנען פֿון אונז, חסידים, ווי אַזוי אַ תלמיד־חכם איז מחויב צו זיין אַן אכזר, דאָרט ווי עס געהט אין זיין כבוד! אַזוי ווי אונזער היי־ליגע גמרא זאָגט אָן „כל תלמוד חכם שאינו נוקם ונוטר כנחש, אינו תלמיד חכם"... עס מעג זיין, ניט אַזוי אַ ווייב, נאָר אפילו איינענע טאַטע מאַמע—קאָם זענען זיי אונז ניט נוהג כבוד, ווי אַ תלמיד חכם שטעהט אָן, דאַרפֿען מיר זיך שוין נוקם זיין אין זיי ווי אַ שלאַנג!..." ובכן דערצעהל איך אייך בקצור, וואָס מיי־נע אויגען האָבען געזעהן, קוקענדיג אונטערן פֿענסטערעל אין מיין פּלונית'טעס שטיבעל אריין: אינ'ם אייוועל פֿון דער הרובע האָט געצאַנקט אַ חלב'דיג קאַנעצעל, וואָס האָט געבלאָזען דורך די אָפֿענע ברייטע שפּאַרינעס פֿון דער טיהר און דורך די אויס־געשלאָגענע טאָפּליעס פֿונ'ם פֿענסטערעל; מיין פּלונית'טע איז געלעגען אויף דער ערד, אויף אַ ביסעל פֿוילער שטרוי, מיט אַ פּיצעל, נאַקעט ווינ־קינד ביי דער ברוסט; ביי דער רעכטער זייט איז איהר געלעגען אַן אָבגעשליסען מיידעלע פֿון דריי יאָהר, מיט אַ ריפּטוך, און צופֿיסענס אַ יונגעל פֿון אַ יאָהר צוויי

אין דער דאַר; אַביסעלע ווייטער פֿון אָ דעם געלעגער, צי פֿון אָ דעם קליינעם לאַזאַרעט, אין אַ ווינקעלע זענען געלעגען צוויי עלטערע יונגעלעך, פֿון פֿינף און זיבען יאָהר, אויף דער הוילער ערד,ביידע מיט פאַרכעם איבער די אויגען, האַלב נאַקעטע, און האָבען זיך געניאָרעט, און געדראָזשעט מיט אַלע אברים׳לעך פֿאַר קעלט, אַז מ׳האָט אַזש געהערט אין דרויסען זייער קלאַפּען מיט די ציינדלעך, מיט׳ן געוויסען ציטערענדיגען, היקעוואַטע טאָן דערביי... דורכ׳ן פענסטערעל האָבען זיך געהערט ווערטער אויף אַ פֿער׳חלש׳ט, פֿערביטערט קול: „נאָר נעם מיך שוין צו, גאָטעניו, פֿון דער וועלט, לאָם איך שוין פּטור ווערען אַזאַ געמוטשעט לעבען! (אַ פישטש, ווי פֿון אַ דריי־טעגיג קעצעלע, פֿערלוירען פֿון דער קאַץ) וואָזשע זאָל איך דיר טוהן, מיין אונגליקליך פיסקליאַטקעלע? אַז איך האָב דאָך פֿאָרט ניט מיט וואס צו זייגען...? נאַ, ציה מיין לעצט ביסעל מאַרך פֿון די ביינער! (אַ לאַנג, שוואַך, אומענדיג קרעכצעלע, ווי פֿון אונטער דער ערד אַרויס) אוי, דיין ווייסטער ריפּטיך האָט מיך שוין אויסגעמאַרכעוועט ביז לעצט! וועה איז דיין מאַמען, צוזעהענדיג, ווי דו מוטשעסט זיך שוין דריי יאָהר, ווי אויפ׳ן טויט, און איך האָב דיר ניט מיט וואָס צו העלפֿען!... (עטליכע קורצע געהאַקטע, זיפענדיגע זיפֿצעלעך, אָהן אַ קול) אַ מכה דער מאַמע דיינער, אַ גרויסע, צוצוהערען דיינע ביטערע זיפֿצען שוין באַלד צוויי יאָהר! קאַרג, וואָס דו געהסט איין פֿון הונגער און דאָרשט—דאַרף דיך נאָך אָ די ווייסטע דאַר פֿערמוטשען צום איבעריגען!—וועה און ווינד איז מיר, צוצוזעהן אייער ביטער רחמנות! אוי דערבאַרמדיגער גאָט אין הימעל, טוה שוין אַ קוק אויף מיינע לעבעדיגע יתומים׳לעך, ווי זיי מוטשען זיך נעבעך אויפ׳ן טויט פֿאַר זייערע עלטערנס חטאים! (אַ ציטערענדיג

צײַן־קלאַפּערײַ) אוי, איך ריהר מיך נאָר פֿונ׳ם זינען! וועה איז מיר פֿאַר אײערע אברים׳לעך! נאַט אײַך מוטשעניקלעך מײנע דאָס לעצטע קלײדעל מײנס! נאַט קינדערלעך, דעקט אײַך אײַן אַביסעל! מיר איז בלויז ניט קאַלט... מיך וואַרעמען מײַ־נע צרות... מײנע ברענענדיגע שמערצען! מײַן האַרץ צוגעהט אין מיר ווי וואַקס, מײַן גאַל צוגיסט זיך אין אַלע מײנע גלי־דער, און איך רויכער אַליין ווי די האַלוועשקע אין אויווען, און רויכער ניט אוים!... אוי, גרויסער גאָט, שטאַרקער, פֿאַר וואָס האָסטו מיך אַזוי ביטער געשטראָפּט!? און אויב איך בין טאַקע אַזוי זינדיג, וואָזשע זענען נעבעך אָ די ריינע יונגע נשמה׳לעך שולדיג? וואָס מוטשעסטו, גאָטעניו, אָ די אומשולדיגע שעפּע־לעך אומזיסט? געוואַלד, וואָס האָט ער געוואָלט האָבען פֿון מײַן לעבען, אָ דער עכברוש מײַנער! — וואָס האָט ער מיר פֿעראומערט מײַן בידנע שטיקעל וועלט?... בידנע?״ — פֿאַר וואָס „בידנע?״ וואָס איז מיר דען אָבגעגאַנגען מײדעל־ווײז בײַ טאַטע מאַמע אפילו אינ׳ם ערגסטען דלות? — האָט די מאַמע געבאַקען ברויט, איז דאָך מיר שוין אודאי גוט געוועןֹ! אלא ניט —האָב איך בײַ אַ חברתה אויסגעבעטען אַ שטיקעל ברויט, און וויטער פֿרײַ, אָהן זאָרגען, אָהן שרעקען, ווי דאָס פֿײגעלע אין וואַלד... וואָזשע הײסט עס „בידנע?״ — בידנע בין איך פֿון מײַן פֿינסטערער חופה אָן ביז אויף הײַנטיגען טאָג, און גאָט דער האַר ווײסט נאָך ביז ווי לאַנג וועלען זיך נאָך ציהען מײַ־נע צרות!?״... המ... צרות, צו צרות איז ניט גלײַך! אָט האָט דאָך מײַן מאַמע אויך קײן האָניג ניט געלעקט אין איהר לע־בען — אָבער ווי קומט עס אפילו אַ טויזענד חלק צו מײנע צרות, צו מײנע טיפֿע ברענענדיגע וועהטאָגען און שמערצען, אָהן אַן עק, אָהן אַ גרונד, ווי דער כוואַלענדיגער ים!... און

אַלץ דורך וועמען? — דורך אַזאַ נכפּה'ניק, אַן עכברוש, וואָס האָט מיך, צוליב זיין חסיד'אַרניע, געלאָזט מיט פֿינף קליינע קראַנקע קינדערלעך אויפֿ'ן וואַסער. כאָטש איינס דאָס אַנדערע זיך אויפֿעסען לעבעדיגערהייד!... אוי, אָ דאָס וויסטע חסידות טרייבט אונז יודישע טעכטער, יונגערהייד אין דער ערד אַריין! דורך די רבי'ס מיט די גבאים מיט דער גאַנצער חסידאַרניע, פֿערפֿליהט אונזער וועלט ווי אַ כמאַרע!... וואָס ניט געלייקענט פֿאַר גאָט, איז ניט געלייקענט פֿאַר לייט, איך וועל שרייען געוואַלד אין אַלע גאַסען: דער רבי האָט מיך געקוילעט, און זיי קוילען אַלע יודישע קינדער אָהן אַ מעסער!... איבער אַ טענצעל דאָרט ביי דער מלוה מלכה, מוז איך מיך דאָ וואַלגערען מיט פֿינף קראַנקע נפשות'לעך אויף דער הוילער קאַלטער ערד, און זיך מוטשען מיט זיי, נאַקעט און באָרוועס, אָהן אַ שטיקעל ברויט נאָר ווי אויפֿ'ן טויט!... אפשר זינדיג איך מיט די דאָזיגע רייד...? נאָר סיי ווי סיי בין איך פֿערפֿאַלען!... נעם מיך צו, גאָטעניו, נעם אונז אַלע צו פֿון אָ דעם פֿינסטערען לעבעדיגען קבר, פֿון אָ דעם שוואַרץ פֿערכמאַרעטען וועלטעל אונזערם, און לאָמיר שוין גיכער פּטור ווערען פֿון אַזאַ פֿינסטער, וויסט גוסה'דיג לעבען!... נאַ, בידנע פֿייגעלע מיינס, נאַ, ציה די ליידיגע ברוסט! ציהען זאָל עס נאָר דעם טאָטען דיינעם אויף דערינען, איך זאָל שוין זיינער פּטור ווערען כאָטש מיט'ן טויט!..."

ווי איך האָב דערהערט איהר העזה געגען מיר און וועלכלם, איהר מהלל זיין דעם רבי'נס כבוד, איז ביי מיר געבליבען, איך זאָל איהר ניט געבען אַ גראָשען... און באַלד האָב איך אַוואונק געטוהן צו איינעם פֿון מיינע לייט האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער טיהר, און אַז מיין יפהפיה האָט אין שרעק אַ פֿרעג

געטוהן: „ווער איז?" האָט ער איהר געענטפערט: „שרעקט
אייך ניט, צייטעלע, עפענט אויף די טיהר זייט מוחל, איך האָב
צו אייך אַ בריוועל פון אייער מאַן מיט עטליכע קערבלעך!"...
ווי זי האָט נאָר געעפענט די טיהר, האָב איך איהר שוין אַריינ־
גערוקט דעם גט פאַר די צוויי עדות, און אין צוויי מינוט אַרום
זענען מיר שוין געזעסען אויף דער עגלה, און ו י ב ר ח!...
ניט קוקענדיג אויף די ביטערע קולות, וואָס האָבען זיך געהערט,
פון דער חורבה אַרויס... און פונקט צו דער מלוה מלכה זענען
מיר שוין געוועזן אין סירקעוו ביים רבי'נס טיש! שמחה וששון
פון אלע זייטען! די רביצען פאַראָנדעוועט מכח דער חופה־
וועטשערע אויף זאת חנוכה... די משרתים לויפען אַרום ווי
פער'סמ'טע מייז מיט פערשידענע שליחות'ן, די קעכין מיט דינ־
סטען מיט אַ סך סאַרווערנעם האַלטען אין איין באַקען און
פרעגלען, וואָרעם מאָנטאָג איז שוין טאַקע זאת חנוכה... דער
ווײנשענקער פראַוועט די ווײנען און צוגיסט אין בוטעלקעס;
רייכע אורחים פון דער סביבה קומען אָן אַלע מאָל נייע, מיט
פערשידענע מתנות דעם רבי'ן און דעם נייעם פאָר פאָלק...
קורץ און גוט, ס'איז שוין זאת חנוכה פאַרנאַכט! דער גאַנצער
עולם קלויבט זיך שוין אין קלויז אַריין צו דער חופה, די כלה
האַלט אפילו אין איין וויינען... נאָר אַזוי איז דאָך דער שטיי־
גער... אויף דער נאַכט איז דעם רבי'נס קלויז בעלייכט געוואָ־
רען מיט הונדערטער ליכט און הבדלות; אַלע אורחים יום־טובי־
דיג אָנגעטוהן, און ענדליך איז דער רבי מיט זיין גאַנץ בני־
בית אויך געקומען, ער מיט די זיהן און איידעמס אין די יום־
טוב'דיגע זשופעצעס און שטריימלען; די רביצען אין דעם גע־
ווייסען בראָש און אוירינג... און איהר איבעריג ציהרונג, און די
טעכטער און שניר, אַלע ווי שמחת תורה צו די הקפות...

מ'האָט מיך מיט דער כלה שוין אויך אַרייַנגעפירט אין קלויז אַריַין, איך אין אַ קיטעל מיט אַ שטריימעל... זי אינ'ם גרויסען שטערען-טיכעל מיט אַ מאַרענפּאַסענע איפּע; מ'האָט צוגומען די חופּה און מ'האָט אונז ביידע ארונטערגעפירט אונטער איהר; אונטערפירערס זענען געוועזן דעם רבי'נס עלטערער זוהן מיט'ן עלטסטען איידעם, און דער רבי אַליין האָט מסדר קדושין געווען מיט די ערשטע ברכות... און ווי איך האָב שוין געהאַלטען דאָס קדושין פינגערעל אָנצוטוהן דער כלה, איך האָב נאָך ניט אויספּעיעט אויסצולאָזען דעם „הרי־את" — פּלוצעם איז אין קלויז אַריַין דער קראָקאָדילעווקער סטאַנאָוואָי מיט צוויי דעסיאַטניקעס, מיט דעם בערלינער אַקציזניק, און מיין יפהפיה מיט אַ יאָמער אַ קלאָג, און אַ וואָרף אויף מיר גלייך אונטער דער חופּה אַרונטער, נאָר ווי אַ טיגער אויף זיין רויב!... אַלע זענען אויסטאָפּיעט געוואָרען, און איך בין ממש פערשטיינערט געוואָרען אויפ'ן אָרט... דער סטאַנאָוואָי האָט אויף מיין יפהפיה אַ געשריי געטוהן, זי זאָל זיך בערוהיגען און האָט עפּעס אַ זאָג געטוהן דעם אַקציזניק; יענער האָט באַלד אַרויסגעכאַפּט אַ קליין ביכעלע פון דער קעשענע און האָט עס איבערגעגעבען דעם סטאַנאָוואָיער האָט אַרייַנגעקוקט אין ביכעלע און האָט אויסגערופען: „איצקאָ יאָסקאָוויטש צערלינער! מאָרדקאָ מאָרדקאָוויטש טראָנגהאָרב! שמולקע שמייעוויטש פּישטשעלקע!" מילא, עס וועט דאָך ניט העלפען קיין חכמות... האָבען מיר זיך אַלע דריי, איך מיט די צוויי גבאים, אין איין פּלאַטערניש, געמוזט אָנרופען, אַז מיר זענען עס. און ער האָט ווייטער אָנגעהויבען, אויף רוסיש, עפּעס צו רעדען צו אונז, נאָר כפי מיר האָבען ניט פערשטאַנען, וואָס ער דבר'ט, (מרדכי'לע מרדכי'לעס האָט אפילו צו גוט פערשטאַנען אויף רוסיש... נאָר ער האָט זיך

אויך געמאכט כלא ידע...) האט דער ערל געבעטען דעם אק־
ציזניק, אז ער זאל זיין דער טלאמאטש צווישען איהם מיט
אונז, און מיר זענען געוואר־געווארען, אז זיי וויסען די גאנצע
מעשה מיט'ן בעל־כרחו־גט, כמעט פון אל"ף ביז תי"ו!... נאר
אזוי ווי מיר זענען פערגלויבט געווען, אז קיינער האט דאס ניט
געקענט וויסען בשום ענין ואופן... האבען מיר זיך געפרובט
לגמרי אבלייקענען פון דער גאנצער מעשה... נאר די רגע האט
דער אקציזניק איינגערוימט עפעס דעם סטאנאוואי אין אויער
און דער האט באלד א ווינק געטוהן צו א דעסיאטניק, וועלכער
האט כהרף עין אריינגעפיהרט דאס יונגעל, וואס איז געפאהרען
מיט אונז פאר א שמייסער... און ווי מיר האבען איהם נאר
דערזעהן—האבען מיר שוין באלד פערשטאנען פון וואנעט דער
חעכט שטינקט... און מיר האבען זיך באלד געמוזט מודה זיין
אויף אונזער נסיעה, מוצאי־שבת־חנוכה, קיין קראקאדילעווקע,
נאר מיר האבען זיך נאך גע'בריה'ט אבצולייקענען די מעשה פונ'ם
גט. נאר דער סטאנאוואי האט זיך געזעצט צום טיש, האט
אויסגעלעגט עפעס א מין פאר לעדערנע טאוולען, אין וועלכען
ס'איז געלעגען עטליכע בעשריבענע און אומבעשריבענע בויגען
פאפיר, און דער גט אויך אין דערמיט... און האט אנגעהויבען
פרעגען און שרייבען און שרייבען און פרעגען, און האט שוין
פאוואלינקע אריינגעשלעפט אינ'ם עסק אריין אי דעם סופר,
אי די כלה, אי דעם בעל־עגלה און האט זיך שוין אנגעהויבען
ווי צו טשעפען צום רבי'ן אויך... די חופה איז נאך אלץ גע־
שטאנען, און דעם רבי'נס בני בית מיט'ן גאנצען עולם זענען
נאך אלץ ניט אוועקגעגאנגען, ראשית מחמת אלע זענען אויף
דער הייסער מינוט ווי פריטשמעליעט געווארען און האבען זיך
גארניט געקענט ריהרען; שנית איז איטליכען ציקאווע געווען

צו זעהן דעם סוף; והשלישית האָבען דעם רבי'נס בני בית נאָך
געהאַפּט, אַז דאָס אַלעס וועט זיך געוויס אין גיכען אויסלאָ־
זען מיט גאָרניט... און מ'וועט נאָך הוליען אויף דער הופה־ווע־
טשערע... וואָרעם ניט איין מאָל האָט זיך שוין געמאַכט ביים
רבי'ן עפּעס אַביסעל וואַזשנערע בלבולים פון אַ קראָקאָדילעוור־
קער הקדיש'ניצע מיט איהר בעל כרחו גט... און אינ'ם רבי'נס
זכות... איז אַלעס תמיד נהפך געוואָרען מאבל ליום טוב... און
והא ראיה: ווי דער סטאַנאָוואָי האָט זיך נאָר זאַהיקעט וועגען
רבי'ן, איז באַלד געוואָרען אַן אויפריהר צווישען גאַנצען עולם;
און טאַקע דער קראָקאָדילעווקער בעל טקסא, וואָס איז אויך
דאָ געוועזן אויף דער התונה, האָט זיך באַלד, ווי אומגערען, צו־
געשאַרט צום סטאַנאָוואָי'ס בענקעל, אונטער זיינע פּלייצעס,
האָט זיך כלומר'שט, ווי איינגעקוקט אינ'ם גט... און האָט
שוין אוסטיעט איהם אַ טאָרקע טוהן אין אויער, און באַלד
האָט דער סטאַנאָוואָי אָנגעהויבען ווי דרעהען מיט'ן צונג...
אַזוי לאַנג, אַזוי ברייט, ביז ער האָט פערמאַכט די טאָוולען,
זיך אויפגעהויבען פונ'ם בענקעל און אַ מאַך געטוהן ווי צו
זיך אַליין: נאַ, טעפער אוזש פּאָזדנאָ, אָדלאָזשים דיעלאָ
נאַ זאַווטראַ"... און אויפהויבענדיג די אויגען אויף אונז דריי,
האָט ער פּריבאַוועט אַזוי... מיט געמאַכטען סטראָגעסט...
„אַ ווי גאַדייאוס, ניע אוקראָיעטעס דאָ זאַווטראַ!..." און
מיט די ווערטער האָט ער זיך מיט די דעסיאַטניקעס שוין
געלאָזט צו דער טיהר, אונזער אַקציזניק האָט זיך איהם
נאָכגעשלעפּט אבל וחפוי ראש... און דער עולם איז שוין
איבערגייעס פערטיג געוואָרען צו דער חופה... נאָר דער
סטאַנאָוואָי האָט נאָר אַ עפען געטוהן די טיהר, איז ער אַזוי ווי
אָקאָלייעט געוואָרען אויפ'ן אָרט... און אין קלויז האָט זיך

אַ שיט געטוהן... אוי איך קען עס אייך, נאָך איצט, פֿאַר שרעק ניט דערצעהלען! לאָזט מיך עטליכע מינוט איבערכאַפּען דעם אָטעם!..."

## יג

# איין בלבול אַוועק — איז דער אַנדערער דאָ, נימ בעשערט די צדיקים קיין חיי־שעה!

איידער איך דערצעהל אייך, וואָס ס'איז דאָ פאָרגעקומען אין קלויז נאָך דעם סטאַנאָוואָ'ים סליחה ומחילה... מוזען מיר זיך אויף אַ ווײַלע אומקערען צו די פריהערדיגע חטאים; די מעשה מיט'ן פאָטשטאַר איז במשך דאָס ערשטע האַלבע יאָהר אַזוי אַנשווינען געוואָרען, אַז ס'איז, דאַכט זיך, גאָר ווי אין וואַסער אַריין... במשך דאָס צווייטע האַלבע יאָהר האָט זיך עס עפעס געהאַט ווי אָנגערופען, אָבער אַזוי נאָר מיט אַ פיפס, אַ שאָרך... אַלי'ן נאָר בדרך העברה בעלמא; היינו עס האָט זיך אַמאָל דורכגעוואָרפען אַ לייכט דאָפּראָסעל אין קלויז, פון'ם היימישען ספראַווניק; אַ קליין גבית עדות'ל דורך אַ בריוועלע פון'ם צעפליקער גאָראָדניטשע; אַן אָטשנע סטאַווקע ביים סליעדאָוואַטעל אויף צעהן—פינפצען מינוט אינגאַנצען... און עפעס אַ פאָר מאָל, דאַכט זיך, האָט מען דעם רבי'ן אַליין עפעס אויך אַ פרעג געטוהן נאָר אַ שיבוש... און אַ מעשה מיט אַן עק... די גאַנצע צוויי הדשים, פון נאָך סוכות ביז חנוכה, איז שוין גאָר לא יזכר ולא יפקד פון דער גאַנצער מעשה, און ווייטער שלום ושלוה השקט ובטח!... חוץ נאָר, וואָס דער פאָטשטאַר, דורכפאָהרענדיג דורך סירקעוו אין דער גובערניע אַריין, איין מאָל בסך הכל אינ'ם גאַנצען יאָהר, (פון נאָך אָ דער מעשה אָן איז שוין זיין פוס ניט געוועזן ביים רבי'ן אַ חוץ דאָס איינע מאָל, אי דאָס נאָר פאַר יוצא זיין, אָהן אַ פדיון, אָהן מתנות... נאָר אַריינגעגאַנגען, מקבל שלום געווען און זיך שוין טאַקע געזעגנט — ער האָט זעהר קיין

צייט ניט !... פֿון רחל׳ען איז אפילו קיין גרוס ניט געווען צו
דער רבי׳צען די גאַנצע צייט...) האָט עפּעס יאָ אַ זאַג געטוהן,
אַז איהם דאַכט זיך, אַז ס׳קאָכט זיך עפּעס אין דער גובערניע
מכח דער מעשה, נאָר ער ווייסט ניט וואָס... נו, מילא? מאַ־
לע וואָס איהם ווייזט זיך פּאַק אויס...? היינט האָט דאָך עפּעס
דער רבי אַ שטענדיגען האַדאַטיי אין דער גובערניע — און ער
שרייבט אונז ניט אַ רמז דרמיזא דערפֿון... פֿערקעהרט, אַרום
ראש חודש כסליו האָט ער אונז דייקא דורכגעוואָרפֿען אין
אַ בריף, אַז דער לעהרערושקע וועט שוין כח האָבען אַביסעל
צו זיצען אין אָסטראָג... נמצא, אַז ס׳איז כלל נישט געווען,
וואָס איבערצוטראַכטען דערפֿון! און עס וואָלט טאַקע בפּירוש
גאָרניט געווען דערפֿון, ווען טאַקע אונזערע לייט מחילה שטע־
קען דאָ ניט אַריין זייער לאַפּקעלע! — וואָס דען? פֿונ׳ם לעה־
רערושקעס זייט איז געווען וואָס מורא צו האָבען, הא? וואָרעם
ער זאָל אפילו אַכצען יאָהר אָבפֿוילען אין אָסטראָג, וואָלט
דען אפילו איימיצער פֿון זיינע לייט אַ האַנד אין קאַלט וואַסער
געטוהן פֿון זיינעט וועגען? קיין צער! ווי לאַנג קרענקען זיי׳
אַלע בערלינער אינאַיינעם, ווי לאַנג זיי געהט עפּעס אָן זייערער
אַ חברה־מאַן ביי אַן אומגליק!... זיי וועלען דיר נאָר אַרומגעהן
מיט די פֿוילע תנועות זייערע: „אַך, ווי נידערטרעכטיג דאָס
איז!... אַך, אַזאַ בראַווער מענש זאָל נעבעך אַזוי אונשולדיגער
ווייזע אַזוי אומגליקליך ווערען!... אַך, די בילדונג פֿאַלט אַן
אָפּפֿער דעם פֿאַנאַטיזמוס!..." וכדומה אַזעלכע פּוסטע פֿראַזען —
און אויף עפּעס צו טוהן פֿונ׳ם אומגליקליכען חברה מאַנ׳ס וועגען,
גען, וועט קיינער אפילו קיין פֿינגער ניט אויפֿהויבען!... און
וואָס איז דאָס חדוש? ס׳איז דען דאָ צווישען זיי אפילו אויף
אַ גראָשען אחדות? אַז אינגאַנצען זייער שטה אומשטיינסנע־ 

אָגט איז געגרינדעט נאָר אויפ׳ן שלעפּעריגען, פּ י ס נ ע י ו ש ר, אַזוי ווי די שטה פון די מתנגדים — אויפ׳ן ק אַ ל ט ע ן ד י ן... דיביידע זענען נישט מעהר ווי גולמ׳ס אָהן נשמות, און יעדער מיינט נאָר זיך ממלא תאוה זיין, דער — מיט חקירה און השכלה און יענער מיט ש״ס און פּוסקים... ביידע זענען נאָר אַ תאוה ווי אַלע תאוות־הגשמיות: אַלע תאוות זענען נאָר פאַר זיך אַליין און, מכי תיתי, אַז מ׳קען די תאוה טוהן עטליכע בעל־תאוה׳ניקעס אינאיינעם, איז אודאי געשמאַקער! אָבער אַלץ נאָר פאַר יעדען בעזונדער... אַזוי איז זייער תאוה אויך דאָס אייגענע; עס וויל זיך טוהן די תאוה מיט נאָך בעל תאוה׳ניקעס צוזאַמען... אָבער אַלץ נאָר פאַר זיך אַליין... און דעריבער, אַז איינער פון זיי פעהלט — אַרט עס קיינעם ניט, וואָרעם ער קען זיך דאָך אָהן איהם אויך ממלא תאותו זיין, וויפיל ער וויל... מכי־תיתי, מ׳בעדויערט איהם מיט אַ קרעכץ, וואָרעם מיט נאָך איין בעל־תאוה׳ניק מעהר איז אודאי פרעהליכער, געשמאַקער און אָנגענעהמער... נאָר אָהן איהם קען מען זיך אויך בעגעהן... נאַפּשיקלאַד אונזערע לייט, דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש! דאָס איז אַ שטה, וואָס איז געגרינדעט נאָר אויף התפּעלות, התלהבות און התפּשטות... און דאָס קען גאָר אָהן חברה ניט זיין! און וואָס מעהר חברה — איז אַלץ בעסער און נוצליכער צום אויספיהרען די זאַך, און לכן שטרעבט זיך יעדער בכל מאמצי כח, אַלץ צו פערווערבען, וואָס מעהר חברה־לייט, מ׳זאָל אינאיינעם אַרבייטען לטובת החברה... און אַז איינעם טרעפט חלילה עפּעס אַן אומגליק, טוהט עס אַ ברען די גאַנצע חברה, און אַלע זענען זיך מוסר נפש פון זיינעט וועגען, וואָרעם יעדער פון אונזער חברה לעבט נאָר פון דער חברה וועגען — ניט פון זיך וועגען... דעריבער, וואָס מ׳זאָל ניט איבערטוהן פאַר פערברע־ 

בען נעגען דער תורה און געגען דעם יושר פֿון אַ חברה־מאַנ׳ס טובה וועגען, ווער שמועסט לטובת כל החברה — רעכענט זיך עס ביי אונז לויטער מצות, אָדער עבירות לשמה... וואָרעם מ׳מיינט דאָך ניט זיך, רק דעם כלל, צו מחזק זיין און מזכה זיין אַלע חברה לייט, אום צו ווערבעווען אַליץ נאָך און נאָך חברה־לייט עד אין קצה... נו? איז עפּעס געווען וואָס איבער־צוטראַכטען מצד עפּעס אַ פּעולה פֿון יענע לייט...? אַ ס׳איז לויטער גופות אָהן נשמות!... קאַלטע פֿילאָזאָפֿען ווי אייז, אָהן אַ מינדעסטען הסידישען ברען!... נאָר דאָס אומגליק אונזערס איז געווען, וואָס אַ אונזעריגער האָט זיך דאָ אריינגעכאַפּט אין דערמיט, און קאָם איינער—זענען דאָך שוין אַלע געווען פֿאַר איהם. און זיי האָבען שוין פערשטאַנען, ווי אַזוי די זאַך צו פֿיהרען בהדרגה, און שטי־לערהייד דורך טויזענדער אינטריגעס און אונטערשיסעלעך—אַזוי ווי מיר הסידים קענען — און האָבען עס אַליץ געטייעט אין זיך, פֿערבאָרגען פֿון אַ מינדעסטער עין הרע מצדנו... ביז זיי האָבען עס פֿאַרטיג געמאַכט מיט אַלע פּישטשעווקעס, און האָבען עס אָנגעשיקט אויף אונז נאָר ווי אַ פּלוצים׳דיגער שטורעם־ווינד אין אַ שענעם, שטילען, וואַרעמען זומער טאָג, אַז מיר האָבען זיך אפילו ניט אויספּיעט רעכט אַרומצוקוקען!... וואָס נאָך? קאָם איז איינער פֿון אונ־זערע לייט אַרויס פֿאַר אַ מעורר אין דער זאַך, האָבען זיך שוין יענע לייט אויך צודרעכעט אַביסעל, און זענען אויך גע־קומען אונזערע צו הילף, אי מיט געלד, אי מיט זייערע אפּיקורס׳ישע מיטלען... די מעשה דערפֿון איז אַזוי געווען:

די פּאָטשטאַרקע האָט דאָך בעקומען פֿונ׳ם פּאָטשטאַר אַ קאַפּיטאַל פֿון אַריבער צוואַנציג טויזענד רובעל, און קיין נאַרישע בעסטיע איז זי דאָך ניט געווען... פֿאָרט אַ שטיקעלע ברען פֿון אונזערע לייט... האָט זי דאָך פֿערשטאַנען די גאַנצע

מאַכינאַציע פֿון אל״ף ביז ת״ו... און האָט גאַנץ גוט געוואוסט
אַז מיט אונז, חסידים, וועט זי אַליין גערוים גאָרניט מאַכען,
אפֿילו מיט׳ן התקרבות צו יענע לייט וועט זי אויך גאָרניט
פּועל׳ן... לכן האָט זי אַ צייט נאָר אָבגעשווינען מכל וכל איהר
גאַנצע אַבידע, און האָט נאָר מיט אַלע איהרע מעגליכקייטען
געשטרעבט, צו געפֿינען עפּעס אַ רעכטען חברה־מאַן פֿון אונ־
זערע לייט פֿאַר אַ מאַן... ביז זי האָט יאַקאָש, צום האַלבען
יאָהר, געקריגען דאָס וואָס זי האָט געמיינט... און האָט
מיט איהם חתונה געהאַט. דאָס איז געווען אַ חסידישער פּאָד־
ראַטשיק, אַן אלמן פֿון חיטרעווקע, אַ ווילדער מעורב
עם הבריות, און אַ גרויסער חשוב ביי אלערליי נאַ־
טשאַלסטוועס, און אַ פֿייערדיגער אַנטעלער חסיד — און
דאָס דאַרף איך אייך דאָך ניט דערצעהלען, ווי אַזוי
חסידים פֿון איין רבי׳ן רודפֿ׳ען עד לחיים די חסידים
פֿון אַלע איבעריגע רביים?... און וואָס פֿאַר אַ קנאה
שנאה ס׳איז צווישען די גוטע יודען בכלל און בפרט
נאָך צווישען דעם סירקעווער מיט׳ן אַנטעלער רבי׳ן...
אייך, רבותים, וועט דאָך אודאי ווילד קשה זיין, סטייטש
ווי אַזוי האָבען עס אונזערע סירקעווער חסידים גאָרניט געוואוסט
דערפֿון, און אויב מיר האָבען יאָ געוואוסט — ווי אַזוי האָט
עס דער רבי מיט אונז אַלע ניט פֿערשטאַנען דעם גאַנצען ענין
דערפֿון, און זיך ניט געזעהן בעוואָרענען בעצייטענס... זאָג איך
אייך, אַז מיר האָבען עס בפירוש געוואוסט און בפירוש פֿער־
שטאַנען, און דער רבי האָט אפֿילו דעם שבת, נאָך דער
כלב׳טעס חתונה, געזאָגט אַ שרעקליכע תורה ביים טיש, און
בנתים גע׳דרשה׳נט דעם פּסוק: „וסכסכתי ממלכה בממלכה
ונלחמו איש באחיו ואיש ברעהו״... נאָר ראשית האָבען מיר 

גערעכענט, אַז אַ חסיד — ווען ער זאָל ניט זיין — האָט ער אַליין פֿיינד די בערלינער ווי חזיר!... און אפילו פֿון נקמה וועגן אין אַנדערע חסידים, וועט ער עס אויך ניט טוהן, אָהן אַ מעורר דערצו — און מיר האָבען געהערט, אַז די כלב'טע איז ווילד צופֿרידען פֿון דעם מאַן און רעכענט זיך גאָר אַ סך גליקליכער און בכבוד'ער מיט איהם ווי מיט'ן פּאָטשטאַר — היינט געה וויס, אַז דאָס איז אַזאַ זאַזיענטע מרשעת, און מיינט דאָס גאָר אַלעס גאָר בכון, בכדי גאָר צו פֿערבלענדען די אויגען... און בסתר, ברענגט די נאָך נקמה, ווי אַן אמת'ער תלמיד חכם... און איז נאָך גאָר אַ פֿיינע בריה'טע אויך דערצו, אַז ס'רייסט איהר דאָס האַרץ גאָר אויף דעם בידנעם לעהרער!... והשנית, האָבען מיר דאָך טאַקע בעצייטענס געשריבען דערפֿון אונזער נובערנסקי חאַדראַטיי, און ער האָט בפֿרוש געקוקט דער־רויף מיט טויזענד אויגען — נאָר דער אַנטעלער חאַדראַ־טיי האָט איהם אַ פּנים איבערגעכיטרעוועט, אַז ער האָט גאָרניט בעמערקט... איין צד אין אַ מלחמה מוז דאָך מנצח זיין! נו? איז אַ פּנים דאָס מאָל בעשערט גע־געווען, דער אַנטעלער נביא־השקר זאָל מנצח זיין — און דער רבי האָט עס גאַניץ גוט געזעהן מן השמים, און איבער זיין זינדיגען דור, אַ פּנים, האָט ער עס מקבל באהבה געווען ער זאָל בעסער זיין אַ קרבן פֿאַר'ן דור... הכלל, ווי עס איז שוין געווען דאָרט — נאָר דערווייל האָט די כלב'טע ווילד מעורר געווען דעם מאַן, און ער די אַנטעלער חסידים, און צו זיי האָבען זיך די בערלינער אויך אַ ריהר געטוהן... געלד איז געווען לרוב: די כלב'טע אַליין האָט געטראַטשעט דערויף איהר האַלב קאַפּיטאַל פֿונ'ם גט, (דעם פּאָדראַטשעק האָט זי

מעהר פֿון צעהן טויזענד רו״כ ניט צוגעזאָגט, און ער האָט דאָס אויך געדאַרפֿט, ווי אין לעבען...) אַ חוץ איהר קני־פּעל, וואָס זי האָט אָנגעקליבען ביים פּאָטשטאַר... אודאי אויך געוויסע צעהן טויזענד רו״כ... די גביר׳שע דיימשען האָבען זיך אויך צעגאַרטעלט, די אַנטעלער רייכע חסידים, אויך... און אַ חוץ געלד, האָבען זיך נאָך אַרויסגע־שטעלט צוויי וואַזשנע אַדוואָקאַטען פֿון זייערע לייט, שלא על מנת לקבל פּרס... און מ׳האָט אַ אַרבייט געטוהן דאָס געשעפֿט בחדרי חדרים, קיין פֿויגעל זאָל ניט וויסען (שוטים שבעולם! זיי מיינען, זיי האָבען פֿערבלענדט דעם רבי׳ן אויך...) און פּונקט אויף חנוכה איז פֿער־טיג געוואָרען די דיעלא אויפֿ׳ן רבי׳ן מיט אַלע, וואָס זענען פֿערמישט געווען אין דער מעשה אַ חוץ נאָר די נקבות... כ׳לעבען פֿאָרט דייטשונעס!... דעם לעה־רער האָט מען בעפֿרייט; דעם פּאָטשטאַר מיט׳ן סטאַראָס־טע און מיט׳ן סבאָרשטשיק, האָט מען שוין אין צעפּיליק פֿערקאָוועט אין קייטען מיט אַ נאַכט פֿאַר זאת חנוכת, און אָבגעשיקט אין גובערניע, אין אָסטראָג, אַזוי אַז זיי האָבען אפילו ניט אויסגעפֿיעט צו געבען אַ ידיעה דעם רבי׳ן... און פּונקט צו מיין חופּה מיט׳ן רבי׳נס פּלימעניצע, ווי דער סטאַנאָוואָי האָט נאָר געעפֿענט די טיהר, האָ־בען זיך אַ שיט געטוהן אַ האַמטע פֿון אַ שטיק אַב־צען פּאַרשוין גלייך אין קלויז אַריין, גאָר ווי אַן אָנ־שיקעניש מן השמים, פּונקט ווען מיר האָבען זיך שוין איבערגייעס אַרונטער געקליבען אונטער דער חופּה!... צווישען דער חברה איז געווען: דער פּראָקראָר, דער סליעדאָוואַטעל, דער זשאַנדאַרמענסקע, דער גאָראָדניטשע,

דער ספּראַווניק, צוויי זשאַנדאַרען, (הויך צוואַנציג זשאַנדאַרען אַרום דעם קלויז, וועלכעס מיר האָבען באַלד געוואָר געוואָרען, ווען עטליכע פֿון אונז האבען געפּרובט אַנטלויפֿען...) צוויי קוואַרטאַלניעס מיט פֿינף דעסיאַטניקעס, אַ חויך דער שענער לעהרער מיט די צוויי אַדוואָקאַטען און רחל'ע אויך אין דער מיט, פֿאַר אַ אָטשנע סטאַווקע... איך האָב באַלד פֿערשטאַנען, וואָס מ'מיינט... און בין שוין ביי זיך פֿאַרטיג געוואָרען צו אַלעס... דאָ האָב איך אינ'ם ערשטען אויגענבליק אויספּיעט צו בעמערקען, אַז ווי נאָר דער לעהרער מיט מיין כלה האָבען זיך בעגעגענט מיט די אויגען, האָבען זיי זיך ביידע אָנגעהויבען מינען, און זענען ווי פֿערמישט געוואָרען... קורץ, וואָס וועל איך מיך דאָ צושפּרייטען מכח די טענות ומענות, שאלות און תשובות, וואָס זענען פֿאָרגעקומען צווישען אונז מיט די אדונים... איך וועל אייך בעסער זאָגען די אונטערשטע שורה, ס'הייסט דעם פּראָטאָקאָל, וואָס מ'האָט ערשט סאָסטאַוועט אַרום צוויי אַ זייגער ביינאַכט, שוין נאָך די אָביסקעס און נאָכ'ן פֿערפּעטשאַטעווען אַלצדינג, וואָס ביים רבי'ן אין שטוב און אין הויף, און נאָך דער אָטשנע סטאַווקע צווישען רחל'ען מיט מחונציא דעם רבי'נס זוהן, און צווישען מיר מיט'ן לעהרער און מיט'ן רבי'ן און שוין נאָך אַלע היום'ס... וועט איהר זעהן די עונות אומשטיינסגעזאָגט, וועלכע מ'לעגט אַזוי איין די וועלט, ווער ווייסט וואָס ! ?... נישמעהר, געה גיב אַ גוי'שען קאָפּ צו פֿערשטעהן די חסידישע קאַטאָוועסלעך, אונטערשיסעלעך, שפּיצעלעך און אייבער־

הסברה׳לעך... בלייבט ער אַליין ביי זיינעם, אַז דאָס איז, גאָט דער האַר ווייסט וואָס!... אָט נאַט איידער דאָס גאַנצע צעטעל חטאים פֿונ׳ם פּראָטאָקאָל.

יד

# דער פּראָטאָקאָל פון אַלע בלבולים וואָס האָבען סאָסטאַוועט די גוי'שע פּלילים:

## א) דעם רבי'נס חטאים:

„דער סירקעווער צדיק בעשולדיגט זיך בדרך כלל דערינען, אַז ער פערפיהרט אַ וועלט מיט שווינדעל און אָב־מאַן, אַז עד איז בודטאָ גאָט'ס מעקלער אין הימעל... און בער־רייסט דערמיט די וועלט, און אין זיין נאָמען טוהען זיינע אַנענטען און זיינע חסידים כל עבירות שבעולם, און מאַכען אומגליקליך מענשען און זענען זעהר שעדליך דער רעגירונג... און בדרך פרט, בנדון דידן, לויט נאָך די פּאָקאַזאַניעס פונ'ם צעפּליקער פּאָטשטאַר מיט דעם דאָרטיגען סטאַרעסטע און סבאָרשטשיק, און לויט דער אָטשנאָ סטאַווקע צווישען די זעל־בע דריי מיט דער געוועזענער פּאטשטאַרקע און מיט'ן צעפּ־ליקער לעהרער, און ענדליך, לויט דער סליעדסטווא אויפ'ן אָרט, ביים סירקעווער צדיק אין קלויז, הן בנדון דידן והן בנידון הדילא מקראָקאָדילעווקע, אָקאַזשעט זיך, אַז דער צדיק נופא בעשולדיגט זיך אין דעם:

1) אַז ער האט דורך אָבמאַן און פערשידענע פּאָקו־סען אויסגעמאַנטיעט ביים צעפּליקער פּאָטשטאַר, במשך פינף יאָהר, העכער דריי טויזענד רובעל באַרים, חוץ מתנות, און אוגאָשטשעניעס אויף אַ רובעל טויזענד, פאַר זיין פאַלשער הבטחה, אַז ער וועט איהם פועל'ן ביי גאָט אַ בן זכר מיט זיין פרוי.

2) אַז אום צו פֿערדעקען זיינעם אַ פֿאַמיליען-פֿלעק, וואָס איז פֿאָרגעקומען צווישען זיין עלטסטען זוהן, מהונציאַ׳ מיט זיין ווייבס פּלימעניצע, און אום נאָך פֿון געלד אינטערעס וועגען, האָט ער, נגד דעם יודישען דין, אַז אַלע רעליגיעזע משפטים בכלל און גבית עדות אָבנעמען בפרט, געהערען נאָר צו אַ רב, אָדער אַ דין — אָבגענומען אַ גבית עדות, און נאָך וויסענדיג, אַז ס׳איז פֿאַלשע עדות, אַקעגען דער צעפּליקער פּאָטשטאַרקע, און האָט דורך דעם געמאַכט אַ צווישענשייד צווישען אַן אַלט, פֿרידליך פּאָר פֿאָלק, און אָפּגעראָטשעט אַן ערליכע טרייע פֿרוי, און אַ מאַמע פֿון קינדער.

3) אַז ער האָט אָבמאַנעוועט דעם צעפּליקער פּאָטש־טאַר, געבענדיג איהם זיין ווייב׳ס אַ פּלימעניצע פֿאַר אַ פֿרוי בתורת בתולה, ווערענד ער האָט געוואוסט, אַז זי־ איז שוואַנגער טאַקע פֿון זיין זוהן... און האָט נאָך ביי איהם אויסגענאַרט דערפֿאַר פֿינף טויזענד רובעל במזומן און אַ פּאָר ברילאַנטענע אויריננ מיט אַ בראָש אויף ערך זיבען—אַכט טויזענד רובעל.

4) אַז, אום אויסצוגעבען זיינע אַ פּלימעניצע, אַ גרושה — אָהן נדן, פֿאַר זיינעם אַ אינטריגאַנט אין זיינע פֿערבאָרגענע שווינדלען — האָט ער דעם אינטריגאַנט געהייסען געבען זיין פֿרוי, אין קראָקאָדילעוווקע, אַ בעל כרחו גט, און דעם סופר זיינעם מיט נאָך צוויי חסידים געהייסען שרייבען און התמ׳נען אזא גט, און זיינע צוויי טיש גבאים געהייסען זיין עדות ביים געבען אָ דעם גט.

5) אַז ער האָט די זעלבע פּלימעניצע זיינע געצוואונ־ גען חתונה האָבען פֿאַר זיין נידערטרעכטיגען אינטריגאַנט, הנ״ל, המכונה לייב-גבאי, געגען איהר ווילען, און דעם אינטריגאַנט האָט ער זי גע׳שדכ׳ענט בתורת אלמנה, ווערענד ער האָט זי גוט געוואוסט פֿאַר אַ גרושה, וואָרעם טאַקע ער

אַליין האָט זי צוריק מיט אַכט יאָהר, געצוואונגען זיך צו גט׳ן מיט איהרען אַ געליבטען מאַן דערפאַר וואָס יענער איז אַ משכיל געוואָרען...

## ב) מחוגציא, דעם צדיק׳ס עלטסטער זוהן.

בעשולדיגט זיך אין דעם:

1) אַז ער האָט מאנס געוועזן זיינע אַ געשוועסטער־קינד, רחל׳ע, אין דער נאַכט פון זכור־ברית שנת תר״י... ביים פאָטער אין יחידות שטיבעל.

2) אַז ער האָט איהר איינגעגעבען טיינע רפואות צום אָבטרייבען דאָס קינד.

## ג) דער לייב־גבאי.

בעשולדיגט זיך אין דעם:

1) אַז פון אינטריגע — און פון געלד וועגען, האָט ער אונטערגעהעצט דעם צעפליקער פאָטשטאַר, צו גט׳ן זיין פרוי און נעמען רחל׳ען, דער רבי׳צענס פלימיעניצא, וויסענדיג איהר שוואַנגערשאַפט.

2) אַז ער האָט, דורך שווינדעל און חנופה, אויסגע־מאַנטיעט ביים צעפליקער פאָטשטאַר דער פאָטשטאַרקעס אַ פאָר אויריגג מיט אַ בראָש און אַ פינגערעל פון דער רבי׳צענס וועגען, און דורך אַ פאָקוס מיט׳ן אונטערוואַרפען בסתר דאָס פינגערעל צום צעפליקער לעהרער אין אַ קעשענע, האָט ער דעם אונשולדיגען לעהרער געמאַכט פאַר׳ן גנב פון דעם ציהרונג.

3) אַז ער האָט אָנגעשטעלט דעם צעפּליקער סטאַ־ראָסטא מיט'ן סבאָרשטשיק, זיי זאָלען פאַלש עדות זאָגען אויף דער פּאָטששטאַרקע דעם מאַן איהרען אין די אויגען, בודטאָ זי זינדיגט מיט'ן דאָרטיגען לעהרער.

4) אַז ער האָט במזיד געגעבען דעם ווייב זיינעם, אין קראָקאָדילעווקע, אַ בעל כרחו גט.

ד) ווייטער האָט דאָס פּראָטאָקאָל בעשולדיגט דעם ר ב י׳נ ס ס ו פ ר מיט די צוויי ע ד ו ת אויפ'ן בעל כרחו גט, פאַר'ן שרייבען און חתמה'נען אַזאַ גט; די צוויי ט י ש־ג ב א י ם — פאַר זייער זיין עדות, בעת מיין געבען דעם בעל כרחו גט; דעם קראָקאָדילעווקער ב ע ל ט ק ס א — פאַר זיין געבען חאַ־באַר, און דעם מחילה אַליין וואָס נעמט חאַבאַר, אויסער דעם האָט דער פּראָקוראָר אָביאַזעוועט די רבי'צען (כפּי זי בלייבט פריי צו הויז) אַז זי זאָל פון מיין חוב, וואָס מיר קומט ביים רבי'ן, געבען דער קראָקאָדילעווקער פּלונית'טע מיינער צוואַנציג רובעל מאָנאַטליך אויף צו לעבען מיט די קינדער, ביז דאָס פּראָצעס וועט זיך ענדיגען לגמרי.

נו, וואס זאָגט איהר, רבותים, צו די מינים חטאים...?

איך זאָג אייך דעם אמת, איך פערשטעה עס גאָר ניט, וואו נעמען זיך אַזעלכע פערשטאָפּטע קעפּ אויף דער וועלט, וואָס ווייסען אפילו ניט דאָס, וואָס ביי אונז חסידים און פּוילישע יודען, ווייסט אפילו אַ תנוק בן יומו! — אָט לאָמיר אויף צי־קאַוועסט, געהן כסדר מיט די מינים וואַזשנע חטאים פון זייער פּראָטאָקאָל, און בעטראַכטען, ווי מענשען, דאַכט זיך, מיט אַלע פינף חושים ווי מיר, הויבען ניט אָן צו פערשטעהן דעם חלוק פון אַן אמת'ן חטא, אַן אמת'ע עבירה, ביז אַ נישטיג תאוה'לע, אַ קאַטאָוועסעל, אַ שפּיצעל, אַ ווערטעל און טאַקע

אַ פּשוט׳ער שטות...! און נעמען און מאַכען פֿון אַ מייזעל אַ הייזעל און פֿון אַ נפוח — אַ מושקעט קויל... למשל, דער ביטערער חטא ווייעריער: סטייטש, היתכן, הישמע כזאת, דער רבי נעמט געלט פֿאַר פֿאַלשע הבטחות!?... מאָלט אייך, זיי זאָלען זיך כאָטש נאָר דערמאָנען אין זייער אייגענעם גוי׳שען ווערטעל „דורען דאַיע אַ ראָזומני ביערע" דאַרפֿען זיי זיך דאָך שוין אַליין צולאַכען אויף אַזאַ מין טפשות!... נאָר לאָמיר טאַקע בעקלערען די זאַך אַזוי, טיעפֿער אין ענין אַריין אָהן ווערטלעך — איז דאָך עס באמת טאַקע נאָר אַ חוכא וטלולא! — איך וועל שוין ניט רעדען דערפֿון, אַז ביי אונז, חסידים, זענען דעם רבי׳נס הבטחות תורת משה ממש, און אַז דער רבי איז אַ כל יכול! — מילא דאָס וועלען די פֿערשטאָפּטע קעפּ אייביג ניט משיג זיין... וואָרעם די משכילים און מתנגדים, וואָס זענען דאָך עפּעס פֿאָרט גמרא קעפּלעך — פֿערשטעהן דאָך אויך דערינען פּונקט ווי דער האָן אין בני אדם!... נאָר לאָמיר שוין זאָגען אפילו לדידהו, אַז ס׳איז פֿאַלש — נו? מילא? איז וואָס? אַ פּנים דער רבי שלעפּט דען ביי די פּאָלעס, קום, נאַ דיר קינדער, נאַ דיר פּרנסה, נאַ דיר ראָטע, נאַ דיר אַ פֿאַלשען קוויט, נאַ דיר אַ פֿעטען פּגר... וכדומה? יענע קריכען, שלאָגען זיך דורך מויערען, טשעפּען זיך, לאָזען ניט לעבען, ניט עטעמען: גיב קינדער! גיב רעגען, שנעה, מלחמות! גיב רבנים, שוחטים, דינים, סופרים און מלמדים! טרייב אונז אַרויס דבוקים, מחשבות זרות! פֿערדריי אונז דעם פּריץ, שיק אָהן דעם מלאך־המות! פּאַק דעם שטן! ראַטעווע די מקשה לילד! וכדומה... נו לאָמיר שוין זאָגען איבער׳ן הונדערטען פֿאַל, ווי זיי זאָגען, אַז דער צדיק קען דאָס ניט ממלא זיין — נו? אָבער ידען בני רחמנים גלויבען דאָך אָבער יאָ, און לאָזען

איהם ניט רוהען אַ מינוט ! — קומט דאָך איהם, על כל פנים, כּאָטש שכר בטלה, כּאָטש שכר טרחא פאַר אַזאַ קאָפּדולעניש פאַר אַזאַ עבודת־פּרך יומם ולילה, אָהן אַ חיי שעה !... האַ ? — יודעלעך מוזען דאָך נעבעך ערגעץ לויפען נאָך נסים, מופתים און נפלאות, וואָס חוץ מדרך הטבע !... וואָרעם דעם יודענס גאַנץ לעבען און שטרעבען איז דאָך לויטער נסים, לוי־טער זאַכען למעלה מן „הטבע... נו, מוז דאָך איינער נעמען אויף זיך אויסצושטעהן זייערע התפעלות און התלהבות צו הימעל־זאַכען... און אַז ניט דער איז יענער ! וואָס מ'מוז העלפט דאָך ניט קיין חכמות !... נו, איז ער דער איינער !... זאָלען איהם ניט געבען אויף צו לעבען, ווי פאַר אַזאַ ה[illegible]ך, איידעל התמנות פּאַסט...? האַ ?... צי דער חטא למשל, וואָס דער רבי האָט, אָהן אַ רב, אָבגענומען אַ גבית־עדות און נאָך אַ פאַלשעס, און האָט געמאַכט אַ צווישענשייד צווישען אַ פּאָר פאָלק, קען מען ניט חלש'ן הערענדיג אַזוינע שטותים ! ?—געה גיב זיי צו פער־שטעהן, אַז דער צדיק הדור איז אַליין אַ ספר־תורה, ווי דער זהר הקדוש זאָגט „אורייתא וקוב"ה וישראל חד אינון" און „ישראל" מיינט מען דאָך נאָר דעם צדיק, בחינת יעקב אבינו, פון ישר אל—בייגעקומען כביכול די שכינה — וואָרעם הקדוש ברוך הוא גוזר גזרה וצדיק מבטל... נמצא, אַז דער רבי איז הוא הדין והוא העד... און אַלע גדולי הרבנים והפוסקים זענען געגען רבי'ן כקליפת השום !... נו, איז דאָס עפּעס אַ שאלה פון אַ בר דעת : פאַרוואָס דער רבי נעמט אָב גבית עדות ?... איי וואָס זיי זאָגען, אַ פאַלש גבית עדות ? — איז דאָך ווייטער די אייגענע מעשה, אַז מ'האָט צו טוהן מיט טפּשים ! נאָך זייערע פלאַטשיגע מח'לעך קומט זיי אויס, אַז כפי מ'דאַרף אָהן תרוץ טאַקע נאָר ממש כאַפּען בעת עבירה — לכן הייסט עס דאָ פאַלשע עדות ! — אַז דאָ געהט דאָך אָבער גאָר ניט

אינ'ם חטא נאוף! ס'איז גאָר לא זו הדרך!... געה זיי זיי מטעים אַזא טיפּען ענין ווי „אין ארור מתדבק בברוך"? — אַז אַ חסיד, ווער שמועסט חלילה אַ חסידה, איז זיך, נאָר מיט אַ דבור, מיט אַ קוק, אפילו מיט אַ גמילות־חסד, מקרב צו אַ מתנגד אָדער א בערלינער — איז מען שוין פוגם אינ'ם עולם הנשמות, און עס ווערט שוין גערעכענט ווי יחוד ממש... נו? די פּאָטשטאַרקע, די מרשעת, האָט דאָך געטוהן אַ חסד מיט'ן לעהרער; וואָס זשע דאַרף מען נאָך מעהר יחוד דערפון?... און קוים איז זי געוואָרען אַ מתדבק בארור—טאָר זי דאָך שוין ניט לעבען מיט'ן מאַן, ווייל ער איז „ברוך"... וואָזשע איז דאָ ניטאָ צו פערשטעהן... דאָסגלייכען דער חטא, וואָס דער רבי האָט געטוהן מיט זיין אויסגעבען רחל'ען בתורת בתולה — ניין וואָס דען...? ער זאָל געהן אויסשרייען אין אַלע גאַסען, אַז זיין זוהן האָט מאנס געוועזן רחל'ען און אַז רחל'ע איז אויף דער צייט! הא? ווי מיינט איהר? דאָס איז דאָך שוין טאַקע אַ תנועה פון וואָהרע משוגעים, בנאמנות!... און דאָס זעלבע איז מיט זייערע חטאים, וואָס דער רבי האָט חוטא געוועזן מיט מיין בעל כרחו גט און מיט'ן נייטען זיין פלימיעניצא התונה האָבען מיט מיר, כ'לעבען, קען אַזוינע מגושמ'ע זאַכען פערשטעהן דעם רבי'נס קוק אין זוג מן השמים...? מאָלט אייך, אז מען ווייזט איהם פּאָרט פונ'ם עולם־הזוג די נעמען „יצחק ורבקה" זאָל ער קוקען אָ דער שטיא אין מויל אַריין, וואָס זי ווייסט ניט מאי דקאמרי רבי'צען...? וואָס זשע הייסט „זכין לאדם שלא בפניו" און דער „כופין אותו עד שיאמר רוצה אני"...? היינט זשע וואָס זנאַטשעט אַקעגען אזא הויכען ענין, ווי הזדווגות הנשמות בשרשן — עפּעס אַ קראָקאָדילעווקער שפלה מיט איהר יאָ גט, צי ניט גט, צי בעל כרחו גט...? נאָר געה!

רעד מיט פּראִים, וואָס פֿערשטעהען ניט דאָס מינדעסטע קנייטשעל, דאָס מינדעסטע קוועטשעל אפילו פֿון אַ גאַנץ פשוט'ן ידען!... מכל שכן פֿון פֿון אַ חסיד און מכל שכן דכל שכן פֿון צדיק!... און נאָך אין אַזעלכע דברים העומדים ברומו של עולם!... דאָס זעלבע איז מיט ר' מהונצי'ס חטאים! מאָהלט אייך, אַ צדיק, קיין עין הרע, אַזאַ בעל בשר פֿון תענוג זיו השכינה וואָס האַלט שטענדיג אין אַזאַ ווילדען התערותא־דלתתא בגין התערותא־דלעילא... נו? פֿערשטעהן עס נאָר אָ די מגושמ'ע זאַכען, אַז פֿון אַזאַ ברענענדיג התלהבות בעקומט מען פשוט הייסע געבליטען, בחינת „בדמיך חיי!"... מן הסתם מוז אַזאַ אש להבה פֿערשטאָפּען דעם שטן דאָס מויל מיט עפּעס אַ מין געגועים'ל, בחינת „ודגלו עלי אהבה"... נאָר אַז ס'ם וויל זיך שוין טאַקע אַ שפּיל טוהן, און וויל פֿון דעם „אש דת" גאָר מאַכען „אש זרה", אַז ס'זאָל חלילה בעשאַפֿען ווערען דערפֿון אַ נפש־הנדחת, מהנך כלבין דחצופין... אודאי מוז עס דער צדיק בעצייטענס פֿערכאַפּען! עס זאָל חלילה ניט אָנקומען צו די רוהין דאָזלין ערטולאין. נישמער מיט ווערען רעט מען דאָ פֿון אַזוינע ענינים.

נו, און פֿון מיינע חטאים איז דאָך אודאי נאָר אַ חוכא וטלולא צו רעדען!... אַ קאַטאָוועס אַביסעל איך האָב „אונטערגעהעצט" דעם פּאָטשטאַר!?... נעבעך אַ ילד פּעטרוסיא, וואָס קען נעבעך קיין צוויי ניט צעהלען... און איך האָב איהם אונטערגעהעצט!?... צי דעסגלייכען: איך האָב ביי איהם דאָס ציהרונג אויסגעמאַנטיעט פֿון דער רבי'צענס וועגען! איהר פֿערשטעהט אַ חטא אין באָד!? אָבער ניט זיך?... און ווען מ'וויל ביי איהם די לעצטע קאַפּאָטע — וואָלט ער זי ניט געוועז אַוועקגעגעבען—אָ דער תם נעבעך... פֿאַר רחל'ען?... און פֿאַר וואָס טאַקע ניט? — אַ קאַרגע זכיה פֿאַר אַזאַ יונגאַטש, דער

רבי'צענס אַן אײדעם צו זײן !?... גבירים, אדירים און גוטע
יודען שטרײטען זיך משדך צו זײן מיט'ן רבי'ן—נו, און אשת
חבר כחבר... ובפרט, אַז זי אַלײן איז אײנגעטונקט אין יחוס!
איהר שפילט זיך מיט'ן גרויסען ר' שימצי'ס אַן אײניקעל!...
אוי װען טאַקע ניט רחל'עס פעקעל — װי לאַנג קרענקט ער, אָ
דער טרעלבויך, װי ער װאָלט אײביג אפילו די זכיה געהאַט
רחל'ען די טופּליעלעך צו פּוצען... און די שוטים האַלטען עס
פֿאַר א חטא, פֿאַר װאָס איך האָב איהם גערײעט אַן אומער־
ליך מײדעל!?... נאָך אַן עהרליכע פלימיעניצע דער רבי'צענס
װאָלטען זײ א בעלן געװען איך זאָל רײען דעם צ ע פּ ל י ק ע ר
פּ אָ ט ש ט אַ ר... אַ קלײנינקײט אַזאַ טײערע מעצאָצא!?... נו
און מײנע איבעריגע חטאים זענען דאָך אודאי בוקע רקיעים...
כ'לעבען, איז ניט אַ לאָך אין הימעל, אַז דער אפּיקורס,
דער, אָרעמער בעל עברה'ניק, דער צעפּליקער לעה־
רער, װעט זיצען אין אָסטראָג? צי אַז מײן יפהפיה האָט
בעקומען אַ בעל כרחו גט?... בּאַראָש נאָך אומשטײנסגעזאָגט
אַזױנע שוטים: איהר זעהט דאָך גראָד דאָ די גילדענע פּאַר־
שוין מיט אײערע אויגען — נו? מאַכט איהר נאָך שאלות װע־
גען אַזאַ טנופת...? און צוליב אַזאַ כשר'ער מציאה, נאָך מחיב
זײן דעם סופר מיט די עדות, מיט'ן בעל־טקסא און אפילו
אײערען אַ סטאַנאָװאָי אויך!?... נו, איז שוין דאָ, װאָס צו
רעדען מיט אַזעלכע טפשים...? אַקוראַט אַ שטײגער, װי גלײך
זײ האָבען געפּסק'נט דעם ספק איהר... נאָך אַ צװאַנציג רו"כ
אַ חודש!... מאָהלט אײך, אַז דער רבי, װאָס ער איז דאָך
דער מדת־הרחמים אַלײן, הײסט איהר אפילו קײן כתובה־
דאורײתא ניט געבען... זענען זײ די בעל־רחמנא'קעס אויף אַ
יודישער טאָכטער!... אַ יאָ, קלוג װי דער טאָג...? זעהט איהר

דאָך, אַז ס'איז דאָ נאָר געווען מעשה שטן... האָט זיך זיי פֿאַרגעשטעלט אַ קוצע קוה פֿאַר אַ ווינדמיהל, און מיר יאַק מיר — נאָר דער רבי מיט ר' מחונצי'ן מוזען נעבעך בחנם בלא דבר, אָבקומען בעון־הדור און איך מיט די איבעריגע זאָלען גלאַט זיין כפרה־הינדלעך פֿאַר פוסטע וועלדער...

קורץ, מ'האָט אָבגעלייענט דאָס פּראָטאָקאָל און דער פּראָקוראָר האָט אַ בעפֿעהל געגעבען, אַז דעם רבי'ן מיט זוהן זאָל מען באַלד אָטפּראַווען אין גובערניע אין קרעפּאָסט אַריין; דעם סופר מיט די עדי־הגט מיט קראָקאָדילעווקער בעל טקסא זאָל מען נעמען אין סירקווער אָסטראָג; דעם סטאַנאָוואָי זאָל מען אָבלאָזען אַהיים פֿריי, נאָר מיט אַ פּאָדפּיסקע, אַז ער טאָר, מעהר, ווי פֿון זיין סטאַן, זיך ניט אָטלוטשען, און מיך מיט די צוויי טיש־גבאים, אַזוי ווי מיר זענען אַלע גראָד געווען וצוני'ר נכתבים, און אַזוי ווי קראָקאָדילעווקע איז וצוניר אויעזד — זאָל מען אונז שיקען אין אַ וציוני'ר טורמע אַריין — און באַלד האָט מען געבראַכט אין קלויז אַריין צוויי וועג־טיליבעס, מיט צוויי סויבעלנע לאָפּענמיצלעך, מיט צוויי פּאָר וואַרימע, זאַמשענע פֿויסטען, פֿאַר'ן רבי'ן מיט ר' מחונצי'ן; זיי האָבען זיך עס אָנגעטוהן בפני כל עם ועדה, אַז ס'איז ממש געווען אין קלויז „וימש חושך"... אַ סך ערגער ווי דאָס חורבן בית־המקדש! אוי לעינים שכך רואות, ווי די לוחות פֿאַלען צובראָכען פֿונ'ם הימעל און הקב"ה איז מוריד דמעות!... אוי לנו כי נפלה עטרת ראשנו!" מיר האָבען זיך ווי עס איז אָנגעטוהן אין וואַרעמס... דער זשאַנדאַרעמסקי האָט אַ ווינק געטוהן, און אַלע זשאַנדאַרען זענען אַריין אין קלויז, האָבען אונז אַלע אַרומגערינגעלט, און דער פּראָקוראָר האָט שוין געזאָגט דאָס וואָרט „מאַרש!"... נאָר פלוצים איז דער לעהרער צו איהם צוגענאַ־

נען, האָט איהם עפּעס אויף אַ מין לשון, געזאָגט עטליכע ווערטער, און דער פּראָקוראָר האָט איהם; געענטווערט: „טריי ביען!" (ווי עס האָט זיך אָקאַזשעט טאַקע באַלד, האָט ער, אַ פּנים, געבעטען דעם פּראָקוראָר, ער זאָל איהם ערלויבען זאָגען, די אַרעסטאַנטען בכלל און דעם גאַנצען עולם בפּרט, אַ מוסר אויף פּראָסט יודיש לטובת הממשלה ולטובה דעם יודי־שען המון־עם... און ער האָט עס איהם ערלויבט...) אָט ווי דער חלול־השם איז שוין גאָר געקומען אין זיין לעצטער מדרגה!... און די שכינה שרייט: „גזרה היא מלפני!" — דער לעהרער איז אַרויף אויפ'ן בעלעמער און האָט אָנגעהויבען:

טו

## וועה! אַז די בערלינער ווערען מגידים און זאָגען מוסר דעם רבי'ן מיט די חסידים!

### דעם לעהרערס רעדע צום עולם:

„אומגליקליכע, פערפיהרטע ברידער מיינע! איך וויים און זעה, אַז נאָך דעם אַלעמען, וואָס אייערע אויגען זעהן מיין גע־רעכטיגקייט פאַר גאָט און פאַר לייט, און דאָס שרעקליכע אומרעכט פון די אַלע, וואָס האָבען מיך, און נאָך פיל אָרענט־ליכע מענשען, אין'ם גרעסטען אומגליק געבראַכט אומזיסט און אומנישט — קוקט איהר דאָך אויף מיר מיט שטערבליכע שנאה און פעראַכטונג, און וואָלט מיך גערען איינגעשלונגען... און אויף די היבים קוקט איהר מיט לייד און רחמנות, און רעכענט זיי פאַר מוסר־נפש'ניקעס אויף קדוש השם... גישמעהר׳ „השם לי לא אירא מה יעשה לי אדם"? מיט מיר איז דער אמת — דאַרף איך קיינעמס לאַסקע ניט! און פאָלגליך, אַז ניט מ י י ן כבוד, ניט מ י י ן קריוודע בין איך דאָ אויסען, זאָנדערען א י י־ע ר כבוד, א י י ע ר אומגליק! איך מיין דעם כבוד און די טובה פון מיין בידנעם יודישען פאָלק!... קוקט אייך ארום, ברידער־לעך, אין וואָס פאַר אַ ביטערער לאַגע מיר יודען געפינען זיך צווישען די פעלקער, איבער אונזערע שלעכטע מעשים, פער־דאָרבענע זיטען און הנהגות, און איבער אונזערען פערפּרעמדען זיך פון אַלעם וועלטליכעס, בילדונג און דרך ארץ, און ניט זיך אַליין אָב אַ דין וחשבון: מיט וואָס סמאַרעט איהר זיך די דאָזיגע ביטערע לאַגע צו פערבעסערען, אַז יודען זאָלען שוין ניט זיין לחרפה ולשנינה, ללעג ולקלס בין הגוים און, אדרבא,

מ׳זאָל שוין אויף זיי אויך אַ מאָל אַ קוק טוהן ווי אויף אָרענטליכע, גוצליכע מענשען דער מענשהייט און בירנער דעם לאַנד, וואו זיי געפינען זיך דאָרט? — איך רעד שוין ניט דערפון, אַז מיר יודען, מיט דעם מיטעל, וואָס גאָט האָט אונז געגעבען „עם חכם ונבון״, וואָלטען מ׳יר נאָך גאָר בעדאַרפט זיין אַ מוסטער, אַ שיינדלינג פאַר אַלע פעלקער אין דער וועלט! — נאָר לפחות, כאָטש ניט זיין אַ שאַנדע, אַן איבעריגער אין דער וועלט... יעדער גוף לעבט און עקזיסטירט נאָר דורך דעם, וואָס אַלע זיינע גליעדער אַרבייטען צוזאַמען, איטליכעס נאָך זיין בעשטימונג, אָהן אַ אויפהער, בכדי דעם גוף וואָס לעגגער צו דערהאַלטען און ווי בעקוועמער איהם דאָס לעבען צו מאַכען, און קאָם ווערט אַן אבר שוואַך, ווער שמועסט, עס ווערט גאָר געלעהמט — אַזוי שטערט עס נאָך דער גאַנצער מאַכינאַציע פונ׳ם קערפער איהר אַרבייט, ביז מ׳מוז עס אָבשניידען... נו, איהר פערשטעהט עס, און ווייסט עס טאַקע פון די קבלה ספרים, אַז די וועלט איז איין קערפער, און יעדער מענש איז אַ קליין וועלטעל — „העולם קומה והאדם עולם קטן״ נמצא, אַז יעדער יחיד איז אַ גליד, אַן אבר פונ׳ם וועלט־קערפער — פון דער מענשהייט — און אום דער דאָזיגער קערפער זאָל לעבען און עקזיסטירען, מוז יעדעס גליד אַרבייטען און צוברענגען זיין חלק נוצען דעם קערפער... קאָם איז אָבער אַמענש, ווער שמועסט נאָך אַ גאַנץ פאָלק, אַן עצל אין זיין אַרבייט צי גאָר אַ בטלן, אַ ליידיגגעהער — אַזוי פאַלט ער שוין אַן איבעריגע משא אויפ׳ן גאַנצען קערפער, און לא די, ער אַליין טוהט גאָרניט, שטערט ער נאָך אַלע איבעריגע גלידער זייער אַרבייט, ווייל זיי מוזען זיך נאָך גאָר ניאַנטשען און וואַזגען מיט איהם אויך... נאָר דאָך איז נאָך אַזאַ אבר צו דערליידען, מ׳טרייבט עס אונטער

צו דער אַרבייט ווי ווייט מ׳קען, און אַז ס׳העלפֿט ניט גאָר ניט לאָזט מען איהם גאָר לויפֿען, און מ׳גיט איהם ניט קיין חלק גענוס פֿון דער אָבשטשע אַרבייט... אָבער וואָס טוהט מען מיט אַזאַ אבר, וואָס ס׳ווערט גאָר שעדליך דעם גאַנצען קערפּער? דהיינו, אַז אַ פֿוס, למשל, הויבט גאָר אָן פֿוילען און גנויען, וואָס לא די ער טוהט ווער און מאַכט אָן העפֿטיגע שמערצען דעם קערפּער — איז ער נאָך גאָר פֿעהיג צו זאַראַזען איהם אויך!... גוואַלד, ברידערלעך! וואָלט איהר כאָטש מעהר ניט געווען ווי אַ לא יצלח׳דיג אבר אינ׳ם וועלט־קערפּער—איז דאָך שוין אויך גענוג וועה און ווינד, אַז אַ גאַנצע נאַציאָן ווערט אַ בטלן, אַ טונעיאַץ, און דאַרף פֿאַלען למשא, פֿאַר אַ קעסט־קינד אויף דער מענשהייט... נאָר דאָך איז דאָס נאָך פּיפּ־ס׳־בידאיו! „ווער ס׳איז פֿויל, האָט ניט אין מויל..." און דער קערפּער — כאָטש טאַקע שווערער — טוהט זיך טאַקע ווייטער זיין אַרבייט.. וואָס זאָגט אָבער די מענשהייט, אַז לא די איהר זענט אַ לא־יצלח׳דיג אבר, וואָס ניט זיך נאָר אָב מיט פּוסטע פֿאַנטאַזיעס, שטותים און הבלים—זענט איהר נאָך גאָר אַ שעדליך אבר, וואָס קען זאַראַזען דעם גאַנצען קערפּער...? אוי לאותה בושה, אוי לאותה כלימה! לא די איהר בעגנוגענט זיך ניט אינ׳ם גייסטליכען לעבען, ווי אַלע פֿעלקער, מיט אַ גאָט, אַ תורה, שולען און בתי מדרשים, רבנים, דינים, שוחטים און אַנדערע כלי קודש, מיט אַ ר׳ מאיר־בעל־נס־פּושקע, און נאָך אַ זעלבע רוחניות־זאַכען צום בענייסטערען די נשמה מיט מיט מזון הנפש—זון מוזט נאָך גאָר האָבען הימעל־מעקלערס, גאָט׳ס סטראַפּטשעס, תורה־זאָגער, מלאכים־כאַפּער און פמליא־של־מעלה־אַדוואָקאַטען... מאַכט איהר נאָך אָן דעריבער מחלוקת׳ן, קנאה־שנאה׳ס, אינטריגעס, אומגליקען, נידערטרעכטיגקייטען און

מעשים אשר לא יעשו, וועלכע שאַדען דער גאַנצער מענשהייט
בכלל און דעם יודענטום בפרט!... און די רעגירונג, וועלכע
האַלט אייך אונטער איהר שוץ און גיאַנמשעט זיך מיט אייך,
ווי מיט אַ ליידיגגעהער, אַ פוסט, און פאַסניק, מוז טראַציען הע־
כער האַלב צייט, מיה און שפייזען פון די אָבשטשע נוצען
אויף אייערע שענדליכע און געמיינע אינטריגעס; חוץ וואָס
הונדערטער יחידים און פאַמיליען און גאַנצע געמיינדען מוזען
נאָך אומגליקליך זיין דורך אייך און סטראַדייען דאָס גאַנצע לעבען;
וואָס זענען נעבעך גאָט די נשמה שולדיג, ווי איך אַ שטיי־
נער!... ניט גענוג, וואָס איהר טראַמיעט אויף אייערע הימעל־
מעקלערס קאַפיטאַלען, פאַר וועלכע מ׳וואָלט געקענט אויסהאַל־
טען אין אַלע שטעדט גאַנצע תלמוד־תורה׳ס, בקור־חולים׳ס,
בית־יתומים׳ס, מושב־זקנים, רעמעסליענע־שולען, און בכלל בע־
וואָרענען אַלע אָרימע און קראַנקע, קאַליקעס און בידנע אלמנות,
פון הונגער און קעלט, אַנשטאָט וואָס די הימעל מענשען
שאַפען דאָס בלוטיגסטע געלד אויף פעריל, בריליאַנטען, סער־
וויזען, טייערע פוטערוואַרגען, קאַרעטעס, גאָלד, זילבער, סאַמעט
און זייד — איז אייך דאָס אַלעס קאַרג, און איהר ברענגט נאָך
אויס דאָס לעצטע אויף פראָצעסען, אַגענטען, חאָדאַטייעס,
כאַבאַרען, קערמעשלעך און פראָזענטען, אום אייער נאַרישען
נצחון אויסצופיהרען, אייערע געמיינע, נידערטרעכטיגע פלאַנעס
אָבצומאַכען, אַז דער רבי זאָל אַליין אַ גרעסערער בעל מופת
אויסקומען, אַ העכערער הימעל־מענש הייסע!... און צוליב אַזאַ
נאַרישען אומנוצליכען און משוגע׳נעם נצחון, זאָלען נאָך הונ־
דערטער אומשולדיגע מענשען אומקומען דורך אַלערליי אומ־
גליקען!?... קוקט אייך אום, ברידערלעך, ווי אַזוי איהר אַליין
278 און דאָס גאַנצע יודענטום ווערען, דורך אַ די מינים מחלוקת׳ן,

אינטריגעם און נצחונ'ס פֿאַר די הימעל־פֿאַקטערס — געשמוצט און געפֿיינדעט ביי די לאַנדעס־ברידער און ביי דער רעגירינג אין די אייגען, און וויפֿיל דאָס יודענטום סטראַדייעט אויס דער־פֿאַר, אי בגשמית אי ברוחנית!... וויפֿיל געלד, מיה, צייט, כח און מוח לעגט איהר אַוועק אויף דערווייזען פֿונ'ם רבי'נס אַ פֿעהלער—אַ מופת; פֿון זיין עבירה — אַ נס; פֿון זיינער אַ תאוה עבודת הבורא; פֿון זיין שרעק פֿאַר'ן סטאַנאָוואָי—אַ קטרוג אין די עולמות עליונים; פֿון זיין ערנידעריגען זיך און חנפֿה'נען דעם גוי... המשכת נצוצות הקדושים; פֿון זיין חמדת־כסף—המתקת־הדינים און פֿון אַלע זיינע טעות'ן, גרייזען, שטותים און שיחות־חולין—לויטער געטליכקייט, סודות, נסתרות, כונות, רמזים און הימעל־זאַכען—פֿון וועלכען ניט אייך, ניט דעם יודענטום, ניט דער וועלט, ניט קיין איינציגען קומט גאָרניט אַרויס... איהר זאָלט עס בעסער אַוועקלעגען אויף טובת הכלל, אויף צרכי־צבור, אויף צדקה וחסד, ענדליך פּשוט אויף זיך אַליין, אויף אייער שטוב, אויף אייער זוייב און קינדער — וואָלט איהר דאָך דערמיט גרויסע נוצען געבראַכט דער וועלט, דעם לאַנד, דעם יודענטום, דער געמיינדע, דער פֿאַמיליע און זיך אַליין! איהר וואָלט זיך דאָך צייט געהאַט צו פֿיהרען אַ שטיל, רוהיג פֿאַמיל־יען־לעבען — ווי גאָט וואָלט אייך געגעבען — איינאיינעם מיט ווייב און קינדער, ווי די ט,יבען; ערציהען די קינדערלעך צו גאָט, צו לייט און צו דער וועלט, ווי די יעצטיגע צייט פֿאָדערט פֿונ'ם מענשען; אייערע ווייבער וואָלטען גאָר אַנדערש אויסגע־זעהען אי בגשמיות אי ברוחניות, און איהר וואָלט אייך טאקע זעהר שעהן, בכבוד, געקענט געהן ערב ובוקר אין שוהל אַריין דאַווענען און לערנען אַ פּרק משניות און אַ בלאַט גמרא אויך, און אפילו אַריינקוקען אין אַ רעכט מוסר־ספר אויך — און עס

וואָלט איך נאָך כמעט דער גאַנצער טאָג פריי געבליבען, אויף צו פערדינען עהרליך און בכבוד אייער לעבענסמיטעל... ניט אזוי ווי איהר לעבט אין אייער ווילדען חסידות, ווי די ווילדע ציגען, ווי טאַבונסקי לאָשעקעס, נאַקעט און באָרוועס, הונגעריג און שלעפעריג, הפקר און ווילד; אין שטוב דלות, חשכות, און קללות און זידלעריי, די ווייבער פינסטער, וויסט, קויטיג און פעראומערט, און די קינדער אָבגעריסען, אָבגעשליסען, פערמאָרעט, פערוואָגעלט, ווי א הונד און געוואַקסען ווי אין א וואַלד... ווייל אייער גאַנצע צייט, כח און מיה געהט אַוועק אין קלייזעל, אין מרחץ, אין מקוה, אין ספורי מעשיות פון אייערע הימעל-מענשען; און אינ׳ם שענסטען שבת, אינ׳ם בעסטען יום-טוב לאָזט איהר גאָר די היים אויף הפקר און לויפט צום רבי׳ן, און קומט אַהיים מיט שפּאָגעל נייע מופתים, נסים ונפלאות און דערביי שפּאָגעל נייע אינטריגעס, מחלוקת, הריגות און אפילו שפיכות-דמים אויך... איך אַליין בין א בן-קדושים און בין ביז צוואַנציג יאָהר געווען דער אייגענער ווילדער חסיד — ס׳הייסט פוסטאונפאַסטניק און הפקר יונג—וואָס איהר — און דער אייבערשטער האָט אויף מיר רחמנות געהאַט און האָט מיר מיינע אויגען געעפענט. איך זאָל מיך אַרומקוקען: וואו ליג איך? וואו בין איך אין דער וועלט... אַלזא, ווייס איך צו גוט, וואָס אין אייער חסידות טוהט זיך איבער, און וואָס דער וועלט קאָסט נעבעך אָב ממון און דמים דעם רבינ׳ס א מינדסט געקינצעלט מופת׳ל!... ס׳איז דעם פּראָסטען, בלינדען, בידנע המון-עם וועט איהר איינרעדען אויפ׳ן הימעל א יריד... אָבער ניט מיר, ברידערלעך! אָ! איך ווייס צו גוט אַלע מופתים דעם רבי׳נס! :

מילא פון זיין נבואות איז דאָך קיין רעדע ניט, אַז ער ווייסט

280 אַלעס פריהער דורך זיינע נאַראָטשנע שפיאָנען, אַגענטען און

שנאָרערס, וואָס זענען אומעדום פֿול, פֿון די גרעסטע לייטס־קאַבינעט, ביז דער קלענסטער אָרעמסטער ספּאַלניע פֿון ד' על ד'... חוץ וואָס יעדער חסיד איז אַ פּרייוויליגער שפּיאָן פֿונ'ם רבי'נס ווענען... און ווען דער קליענט, צי די קליענטקא קומט צו איהם מיט'ן קוויטעל און מיט'ן פּדיון — ווייסט ער שוין אַלעס פֿריהער... און זאָגט איהם שוין אויסענווענדיג ווי אַ וואַסער... און הייסט „נביא, מלאך־אלהים!"... נאָר די מופתים זייַנע! אוי לאותה בושה ולאותה כלימה! אַ שטייגער ווי די מופתים פֿון דעם יעצטיגען פּראָצעס...: אַ מופת, דער רבי האָט דעם צעפּליקער לעהרער, דעם אפּיקורוס, פֿערטראַכט, אַז ער וועט שוין קיין תקומה ניט האָבען!... די כלב'טע, די פּאָטש־טאַרקע, וואָס האָט זיך אָנגענומען פֿאָר אַ לעהרער... האָט ער געשטראָפֿט מיט אַ בזיון פֿאַר דער גאַנצער וועלט און דער מאַן האָט זי פּלוצים... גע'גט... די אוירינג מיט'ן בראָש האָט דער פּאָטשטאַר פּלוצים פֿון דער העלער הויט... געבראַכט דער רבי'צען, און נאָך געבעטען רחמים, זי זאָל עס ביי איהם צונעמען... און די איבעריגע מופתים אין דעם פּראָצעס שעם איך מיך פּשוט פֿאַר'ן מויל צו ברענגען... אַזוי זענען אַלע מופתים זייערע תמיד פֿאָראויס אָבגעבעטע, אָבגעשטעלטע, אָבגע־פּלאַנעוועטע און אויסגערעכענטע צום פּונקט, צו דער מינוט און געוויסע נייַנציג פּראָצענט פֿון זיי ווערען אָבגעמאַכט דורך כאַבאַרען, רכילות'ן, מסירות, שרפות, בזיונות, אָסטראָגען, גנבות, גזלות, רציחות, מאַשענסטוועס און שפּיכות דמים אויך, ווען מ'מוז!... נו, און די מינים מופתים, וואָס בעגעהען זיך שוין אָהן די אַלע מאַשענסטוועס—זענען גלאַט לויטער שווינדעל און אחיזת־עינים! דער פּרייז פֿון נייַנציג יאָהר ליגט שוין באַלד דרייַ יאָהר געלעהמט, אפילו אָהן לשון — הייַנט מאָרגען צום

קבר... נאָר זיין יונגע קאָכאַנע שיקט, גראָד אַ טאָג פֿאַר זיין
טויט, צעהן ריקים צום רענדאַר נאָך ראַטע בשם הפּריץ — דער
רענדאַר לויפֿט צום רבי׳ן, גיט איהם אַ פּדיון די לעצטע ח״י
רו״כ, און דער רבי גלאָנצט און קרעכצט (ער ווייסט גוט וואָס
מיט דעם פּריץ טוהט זיך...) און לאָזט אויס: „פֿאָהר בשלום,
דיין פּריץ וועט בקרוב אָהנלעגען מיט׳ן קאָפּ!״... און כך הוה!...
איי וואָס די מרשעת, די פּריצה שיקט, טאַקע תיכף נאָכ׳ן בע־
גרעבעניש, שוין פֿופֿצעהן ריקים און מ׳קעהרט איבער דעם רענ־
דאַר אָרען־קאָרען... דאָס איז מען דאָך ניט מחויב צו דער־
צעהלען... און מיט דעם פּריצ׳ים טויט קלינגט די וועלט... דער
רבי, ווייסט, דורך אַ דעפּעשע פֿונ׳ם גובערנסקי האָדאָטיי, אַז
אין דער סטאָליצע איז שוין אָביאַוועט אַ מאַניפֿעסט און וואָס
אינ׳ם מאַניפֿעסט שטעהט, בקצור, און אז אין נאָך אין אַ פּאָר
טעג אַרום וועט ער שוין אָביאַוועט זיין אין דער גובערניע אויך,
און מיט אַ פּאָר טאָג שפּעטער וועט מען איהם שוין אָביאַוועץ
אין דער גאַנצער אימפּעריע... און דאָ קומט אַ דערשלאָגענע,
פּוילישע יודענע מיט אַ פּדיון: איהר מאַן זיצט שוין דריי יאָהר
אין אסטראָג און זי מיט די קינדער געהען אויס פֿאַר הונגער;
אַ גלאָגיץ און אַ קרעכיץ... און לאָזט אויס „פֿאָהר בשלום, דיין
מאַן וועט איפֿטע וואָך בעפֿרייט ווערען...״ און כך הוה!... דער
מאַניפֿעסט ווערט אַ זייט זאַך... און דעם רבי׳ס מופת איז
מרעיש עולמות... דער גבאי מאַכט אָב מיט אַ ביידעל־שלע־
פּער ער זאָל געהן קיין בויבעריג אויף שבת־תשובה, און זאָל
פֿרייטאָג אין מרחץ דאָס און דאָס טוהן... וועט צו איהם צו־
געהן דער און דער... זאָל ער איהם זאָגען ווידער דאָס און
דאָס. און ענדליך זאָל ער דער און דעמ׳ס טאָכטער נעמען
פֿאַר אַ ווייב... און דאָ קומט דער „דער און דער״ מיט אַ פּדיון:

דער רבי זאָל איהם בעשערען אַ זוג פֿאַר זיין מאוס־געשטיפּעל־טער מויד, אָהן נדן; — אַ גלאָניץ און אַ קרעכץ... און לאָזט אויס: „פֿאָהר בשלום, פֿרייטאָג אין מרהיץ וועסטו שוין געפֿי־נען דיין טאָכטערס זוג, אַ סמן: דאָס און דאָס...״ און כך הוה!... דערטאַפּט נאָך אַ נ ס ת ר פֿאַר זיין פּאַסקודנע מויד!... „אָט אַ מופת, ווי אַ מענש קוקט מסוף העולם ועד סופו!״... היינט די ווילדע מופתים, וואָס דער רבי קינצעלט אויס דורך אַ צווידייטיגער תנועה, אַ וואָרט, אַ שמייכעלע, אַ לצנות'ל וכדומה: מיט די ווערטער: „אַן עבירה אַ נפש״, אויפ'ן פּדיון פֿון דער מקשה לילד, וועט שוין אַרויס אַ מופת אין אַלע אופנים... וועט זי לעבען און האָבען אַ טויט קינד — געהט זיין „אַן עבירה אַ נפש״ אויפ'ן טויטען קינד... וועט זי האָבען אַ לעבדיג קינד און אַליין וועט זי שטאַרבען — געהט עס אויף איהר... ווּעלען זיי ביידע שטאַרבען — געהט עס נאָר אויף איהר, און דאָס טויטע נפל רעכענט ער נאָר פֿאַר קיין נפש ניט... ווּעלען זיי ביידע לעבען — הייסט עס: ער האָט אפילו דאָס קינד אויך געראַטעוועט פֿונ'ם טויט... און נאָך אַזעלכע הונדערטער פֿאָקוסען, וואָס דער פּראָסטאַק נעבעך פֿאַלט דער־רויף ניט, און חברה צופּויקען עס פֿאַר אַ מופת... אַן עק, ברי־דערלעך, לאָז נעמען מיט די|הימעל־האַדאַטייעס! זיי לעבען אָב אַ עולם הזה ווי גאָט אין פֿראַנקרייך מיט כל התענוגים שבעולם, נאָר אויף אייער שטשאָט און זיי האָבען אייך בנאמנות אפילו אין דער לינקער פּיאַטע ניט אין זינען — אפילו בעת אייער שמחה—ובפרט בעת צרה, מיינט איהר, פּראָ זיי, אפילו הונד צו בייל קומען!... איהר ווייסט דאָס און זעהט דאָס טעגליך!... איהר זעהט דאָס אין דער איצטיגער מינוט אויך, וויפֿיל דעם רבי'ן אַרט דער פּאָטשטאַר, נאָך אַזויפֿיל אויסזויגען זיין בלוט...

און נאָך פֿאַר שווינדעל, אָבמאַן און פּאָדלאָסט... און פֿון די
איבעריגע מחיבים איז דאָך אודאי קיין רעדע ניט, אַז ער הערט
זיי ווי פּאַר־אַ יאָהריגען שניי!... איהר פֿערזינדיגט זיך נאָר די
נשמות דורך זייערע גרויסע אויגען און וואָלפֿישע אַפּעטיטען!...
זיי זויגען און מעלקען און שערען אייך, אומגליקליכע שאָף,
און טוהן פֿון אייערט וועגען קיין האַנד אין קאַלט וואַסער ניט
אַריין!... קוקט ניט דערויף, וואָס גבירים, פֿיינע בריות, וועלט־
ליכע מענשען, אפילו אייניגע משכילים, אפילו אפּיקורסים,
גלוחים און הולטייעס פֿאָהרען אויך אַמאָל צו זיי און גיבען
זיי פּדיונות!... איהר ווייסט עס ניט — ווייסען זיי גאַנץ גוט!
ס'איז פּשוט, ווייל אַ סך האָבען מורא, אין דער מין טייגע
יעזואיטסטוואָ, פֿאַר זייער פֿערמעגען, פֿאַר חרפּות בושות, פֿאַר
אָסטראָג און פֿאַר'ן לעבען!... אַ סך געפֿונען אין אָ דער יע־
זואיטסטוואָ זייערע געמיינע ווינאָדעס און אינטערעסען... אַ סך
נעמען עס פֿאַר אַ בייטש, צו שמייסען און סטראַשען, ווען
זיי דאַרפֿען... און אַ סך כאַפּען גלאַט פֿיש אין מוטנע וואַ־
סער!... און איהר, בלינדע, קוקט נאָר אויף דער דרויסענדיגער
וויוועסקע... און קוועלט... און שלאָגט כפּרות מיט'ן יודענטום
מיט ווייב און קינדער און מיט זיך פֿאַר אַ גלעט דעם רבי'נס
שטריימעל... איך שווער אייך ביי מיין לעבען, אַז איך האָב
מיך ניט אָנגעהויבען סטאַרען פֿאַר מיין בעפֿרייאונג, ווייל איך
האָב זעהר גוט געוואוסט, אַז דורך דעם וועט דאָך דער רבי
בעשולדיגט ווערען פֿאַר אַלע זיינע חטאים, און מ'וועט איהם
געוויס אַרעסטירען — און דאָס וועט געוויס ווייטער אָבקאָסטען
צעהנער טויזענדער יודיש בלוט, מ'זאָל איהם בעפֿרייען... האָב
איך עס באין אופֿן ניט געוואָלט! נאָר איך בין דאָך ניט שול־
דיג, וואָס אָרענטליכע מענשען האָבען דאָקאַזעוועט מיין אונ־

שולד מיט מיין אומזיסטיגען סטראַדייען... גענוג זשע שוין זיך
מוסר־נפש זיין פֿאַר די גילדענע עגלים! ליידען דלות, צרות,
בזיונות, געוויסענסביסע און הינדישען עולם הזה מיט שבעה
מדורי גהנום לעולם הבא!... און לאָז שוין נעבעך דאָס יודענ־
טום אויפֿהערען אָבקומען פֿאַר אייערע חטאים!...

## דעם לעהרערס רעדע צום רבי'ן:

און אייך, רבי, דאַנק איך זעהר פֿאַר מיין אָבמוטשען זיך אַ יאָהר אין אָסטראָג, צוליב אייער אַ פֿאַלש כבוד'ל און אַ קאַראַנטע קערבעל!... אַ דאַנק אייך מיט אַלע רביים פֿאַר דער עהרע און גדולה, וואָס איהר מאַכט דעם יודענטום מיט אייערע מופתים און מעשים טובים... אַ דאַנק זיי פֿאַר זייער בעראַבעווען דאָס ארץ ישראל געלד, בעת זיין גבאות־הכוללות... אַ דאַנק דעם איבערגעקעהרטען בער, וואָס אין איין וואָך אַרום נאָך זיין געצאַכפּערטען גוטע־יודענשאַפֿט, איז ער שוין טאַקע געוואָרען אַ רועה־זונות און אוכל־טרפות בפרהסיא!... אַ דאַנק דעם באַאושער צדיק פֿאַר דעם כבוד, וואָס ער האָט אָנגעמאַכט רומענער יורען מיט זיין קלינגענדיגען פּראָצעס מיט דער פֿרוי בכלל און מיט זיין נאָכשיקען איהר צוויי גבאים, זיי זאָלען ראַבעווען ביי איהר, אויפֿ'ן וועג, דאָס ציהרונג פֿאַר טויזענד רו"כ, וועלכעס ער האָט עס איהר, על פּי פּסק דין, ערשט נעכטען אָבגעטראָטען, אַלס איהר כתובה!... אַ דאַנק דעם באָיאַנער הימעל־מענש, וואָס נאָכ'ן אָבעקען פֿאָרמאַלנע מיט'ן ברודער, אַז ער טרעט יענעם אָב דאָס גאָסעדאַרער גוטע־יודענשאַפֿט פֿאַר פֿערציג טויזענד רו"כ באופן, אַז ער טאָר איהם אייביג דערינען קיין פֿאָדריוו ניט מאַכען... האָט ער נאָכ'ן נעמען די סומע, טאַקע תיכף זיך איהם אַנידערגעזעצט ביי דער זייט, אָנגעדרהאַלבען מייל פֿון גאָסעדאַרע, און נאָך פּונקט אין אַ שטעטעל, וואָס ליגט פֿון דער רוסישער גרענעץ פֿאַר גאָסעדאַרע, אַזוי אַז ער כאַפּט דאָרט איבער אַלע רוסישע חסידים, וואָס פֿאָהרען צום ברודער, און ער פּראַוועט גוטע־יודענשאַפֿט

ביד רמה !... (אַ יאָ, רבי, ס׳איז שעהן און וואויל, אַז איין שווינ־
דלער דעם אַנדערען פֿערקויפֿט און פֿערזעצט און גיט אָב אין
אַרענדע טויזענטער יודען צום שערען און זויגען ווי די קרע־
פּאַסטנויע ביי די פּריצים... און דער שווינדלער אָבמאַנעוועט
יענעם שווינדלער !...) אַ דאַנק דעם אַנטעלער צדיק פֿאַר זיינע
ע נ י ו ו ת׳דיגען וויזיטען—צוליב אַ קערבעל — צו אַלע מוסרים,
גנבים, ראַסטאָושטשיקעס, קאַבאַטשניקעס, און בתי־זונות, וכדומה.
אַ דאַנק דעם קאַמאָדעווער רבי׳ן פֿאַר דער שענער בכבוד׳ער
היסטאָריע מיט דער טאָכטער, די יפהפיה... און פֿאַר מאָנ־
פּויק׳ס זיצען פֿופֿצעהן יאָהר אין אָסטראָג איבער דער רבי׳צענס
אַ קאַפּריזעל... אַ דאַנק דעם כמאַרעסטריווקער קדוש עליון פֿאַר
זיין אָנמאַכען געשלעגען, ביינאַכט אויפ׳ן הויף, מיט די בנים,
איבער דער חלוקה פֿון יודישען בלוט... און דאָס גאַנצע שטע־
טעל, איודען און קריסטען, לויפֿען קוקען אויף ביז וואונדער,
ווי דער אַלטער הימעל־מענש מיט זיינע הימעל־בנים, מיט די
שניר און טעבטער און איידעמס, שלאָגען זיך מיט קאָטשע־
רעס און לאָפּעטעס, און שעלטען און זידלען זיך ערגער ווי
מאַרק־סעדעכעס, און אַלע אין איינע תחתונים מיט אונטערשטע
קליידלעך !... און אויף מאָרגען טראָגט דער עולם טאַקע ווייַ־
טער פּדיונות... און די נעכטיגע גאַסען־יונגאַטשעס גלאָנצען
שוין ווידער און קרעכצען ווידער און זענען ווידער מבטיח בנא,
חיי, מזונא! אַ דאַנק די צוויי סאַווילאַטער קדושים פֿאַר זייער
וועלטען־פֿיהרען, נאָך פֿאַר די שמיין... און פֿאַר דעם באַרג
פּדיונות־קוויטלעך, וואָס טויזענדער יודען האָבען זיי געגעבען אין
וציוני — און מ׳האָט זיי אַלע געפֿונען אין זייערען יחידות־אָב־
טריים בפני כל עם ועדה !... אַ דאַנק דעם סראַקעטשקער קדוש
עליון פֿאַר זיין רייסען געלד פֿון טויט און פֿון לעבעדיג אויפ׳ן

תוקף פֿונ׳ם אַלטענס צואה, וואָס ער האָט איהם געזאָגט פֿאַר׳ן
טויט: „יעקעל אשר׳ל, מיין זוהן, זאָלסט נאָר נעמען און נע־
מען און ווייטער נעמען! וואָרעם וויפֿיל דו וועסט נעמען —
וועט אַלץ מיינס איבערגעהן!...“ און יעקעל אשר׳ל האָט עס
מקיים געווען ככתוב... און האָט יודען געמאַכט עהרע מיט
זיין האַלטען דעם אַקציז אין עקיווער גובערניע, מיט׳ן אפיקורוס
נאַריצקי׳ן, בשותפות... און זיינע צוויי דריישטאָקינע מויערען
אין אַטיזמיר — פֿון יודיש בלוט — זענען ביי נאַריצקין פֿערפֿאַ־
לען געוואָרען אין זאַלאָג... און נאַריצקין האָט איהם בפני כל
עם ועדה געזאָגט דעם געוויסען משל מיט׳ן סאָלדאַט און דעם
מלמד׳ס טלית־ותפילין... און ער מיט׳ן טרפֿה׳נעם גלוח נאַריצ־
קין׳ען האָבען זיך טאַקע ווייטער געקושט אין די פּיסקלעך!...
און יודען בני רחמנים האָבען דעם גוטען יודישען אַקציזניק
ממלא געווען זיין היזק כפֿל כפֿלים... אַ דאַנק דעם צוועלף
יעהריגען צדיק׳ל, ר׳ חונם־בעריקעל. פֿאַר דעם נחת און כבוד,
וואָס ער האָט געמאַכט דעם יודענטום, ? אַרומפֿאָהרענדיג
מיט דער מוטער אין פּוילען, מיט זיין זידלען און שילטען
זקנים מופלגי תורה!... מיט זיין מעביר זיין רבנים, דינים און
שוחטים פֿון זייערע התמנות׳ן, מיט זיין ברעננען הונדערטער
מענשען פֿון ברויט און מיט זיין נבואה, בעת אַריינקומען צו
איינעם מיט אַ וויזיט... און האָט נאָך אויף דער שוועל אויס־
געשריגען: „פֿע, אַ ס ר ח ה! אַ טומאה! אַ סטרא אחרא!“ —
און ס׳האָט זיך פּאָקאַזעוועט אין שטוב (טאַקע אונטערגעוואָר־
פֿען פֿון זיינעם אַן אַדיוטאַנט.) אַ בלעטעל ישעיה מיט׳ן באור...
און שפּעטער מיט אַ יאָהר צעהן, האָט ער מיר אַליין געהיי־
סען צוגנבה׳נען ביי מיין טאַטען אַ ספר, וואָס איז ניט בנמצא,
און עס איהם צו שיקען מיט דער ערשטער פּאָסט... אַז פֿאַר

וואָהר זאָל איך אַזוי ניצול ווערען אויף ווייטער פֿון די גוטע־
יודישע הענד!... און אייך, רבי, אַ גרויסען דאַנק בשם כל
ישראל, פֿאַר אײַערע קינצליכע פֿאָקוסען און דראָטאַרבייטיגע
טאַשען שפּילען מיט אייערע זיידענע חפצות׳לעך און אָבגע־
בעטע מופתים, וואָס קאָסטען אָב יודען זייער גאַנצער כבוד,
סאָוועסט, ממון און דמים... און פֿאַר אייערע זיידענע בנימ׳לעך,
וואָס זשירעווען און בריקעווען און וואַרפֿען שטריימלען פֿון די
קעפּ, און טהיילען פּעטש פֿאַר אָרימע לייט, און רייסען גרייז־
גרויע בערד און פּאות... און וואָס מעהר זיי זענען זיך ממלא
תאוה, וואָס מעהר זיי זינדיגען און וואָס מעהר
עזות, חוצפּות און נבול פּה — זענען זיי אַלץ מעהר
נתגדל ונתקדש ביי אייערע חסיד׳ישע פּאָדאַגעס... און מ׳רייסט
איין פֿאַר זיי די וועלט!... נישמעהר, הערט מיך אויס, רבי
לעב, אויף אַ רגע און ענטפֿערט מיר, באמונה, אויף מיינער אַ
לעצטער שאלה! — לאָזט אייך אויף אַ רגע אַראָב פֿון די
עולמות עליונים צו אַזאַ מגושמ׳ען בשר ודם ווי איך... און
פֿערגעסט אויף אַ ווײַלע די לונג און לעבער, וואָס חסידים האָ־
בען אייך איינגערעדט אויף דער נאָז: אַז אייער קלויז איז אַ
בית־המקדש און איהר—דער כהן גדול, די קינדער—די פּרחי־
כהונה, דער טיש — דער מזבח, די פּדיונות — קרבנות און
אייער לולקע־ציבעך — די מחתה מיט די קטורת; און אַז דער
רויך געהט גלייך אַרויף — איז אַ סמן, אַז איהר זענט דעמאָלט
משפּיע שפע ברכה והצלחה דער וועלט... און אַז חלילה קרום
—איז אַ ווילדער קטרוג אויף יודען... ווען ער וויגעט זיך אין
שלענגליך — איז דעמאָלט: מיכאל והשטן מתאבקין זה עם
זה... און ווען עס קאַטשען זיך פֿונ׳ם רויך בייגעלעך — דע־
מאָלט איז יחוד אבא ואימא... און דער רבי מיט דער פּמליא

של מעלה זענען די שושבינין... אָט אָ די לונג און לעבער פֿערגעסט אַ מינוט, און זאָגט מיר דעם ריינעם אמת: (עס מעג איך, רבי׳ניו, אָנשטעהן, וואָרעם אַזאַ בנן של קדושים ווי איהר, בין איך אודאי!... אויב דאָס קען מען רופֿען „קדושים״?...) איך האָב ניט קיין טעות דערמיט, וואָס איך דענק אָפֿט ביי מיר אין האַרצען אַ למוד־זכות אויף אייך...? כ׳לעבען! איך דאַכט מיר אָפֿט: גוואַלד, איהר זענט דאָך שטיקלעך איידעלע מענשען, טאַטענס קינדער, און איהר האָט דאָך געוויס עפּעס איידעלע געפֿיהלען און געוויסען אין האַרץ, און עפּעס ריינע געהירען אין מח — נו? איז דאָס מעגליך אין דער וועלט, אַז כאָטש אַמאָל אין אַ יאָהר, אין אַ שמיטה, זאָל אייך ניט אַרויפֿקומען אויף די מחשבות דער געדאַנק: „וואָס הייסט עס? דרייסיג טויזענד יודען לויפֿען מיר נאָך, ווי די פֿער׳סמ׳טע מייז; וואַרפֿען מיר געלד אין דער קאַרעטע כחול הים; זענען זיך מוסר נפש פֿאַר מיינעם אַ מינדסט נאָגעל, אפילו פֿאַר מיינס אַ הפּיך... און נאָר אין מיר הענגט זייער האָפֿנונג, זייער השתוקקות זייער אמונה און זייער לעבען!... וואָזשע גיב איך זיי אָב דערפֿאַר פֿון מיין זייט? וואָס טוה איך עפּעס דערפֿאַר פֿון זייערט וועגען? מיט וואָס צאָהל איך זיי אָב פֿאַר די אַלע ראָסקאָשען און תענוגי עולם הזה, וואָס זיי שטעלען מיר צו מיט זייער ממון און דמים?... האַ?... דעם טעות, וואָס זיי האָבען אין מיינע תפלות פֿאַר זיי צו גאָט און אין מיינע מופתים — ווייס איך דאָך ביי זיך, אַז ס׳איז אַ ליגען! בעת פדיון טוה איך טאַקע אַ גלאָניץ און אַ קרעכיץ צום רבונו של עולם, און אויך נאָר פֿון יוצא וועגען... וואָרעם ס׳איז דאָך נאַריש צו זאָגען, אַז אפילו דער שני־למלך אַליין זאָל, במשך 5 — 6 שעה כסדר, אַלץ קומען פֿאַר׳ן מלך, יעדער מינוט מיט אַן אַנדער דאָקלאַד,

אַן אַנדער בקשה!... נו, און נאָכ'ן קוויטעל פֿערגעס איך איהם ווי אַ בעזער חלום... וואָרעם ראשית: ווער קען זיך עס אָנגע־דענקען טויזענדער פֿערשידענע בקשות? והשנית: איז דאָך אויף מאָרגען ווידער דאָס אייגענע, אַז דער קאָפּ געהט אַזש האָדראָאָם, והשלישית: ווייס איך דאָך ביי זיך, אַז קוים אַוועק פֿונ'ם טיש, פֿון פּראַווען — בין איך דאָך דער אייגענער בשר ודם, וואָס אַלע מענשען... און זוך מיר פֿערשידענע גענוסען און תענוגים צום לעבען: איך עס, איך טרינק, איך שלאָף, איך האָב מיר נחת מיט מיין בני בית, איך שפּאַציר, איך טוה מיך אָן, טוה מיך אויס, און טוה אַ קוק אין ספר אריין אויך אַמאָל! וויפֿיל האָב איך דען, אומשטיינטגעזאָגט, פֿרייער צייט אינ'ם מעת־לעת, אַז מ'לאָזט דאָך מיך כמעט נישט אָטעמען?... איי וואָס מיינע פּאַדאַנעס מיינען, אַז אין דער פֿרייע צייט בין איך אין עולמות־עליונים, און קיין עסען קומט כמעט ניט אין מיין מויל אריין, און קיין שלאָף כמעט ניט אויף מיינע אויגען, און אַז מיין שפּאַציר מיט כדומה אַ פֿערגעניגען — איז לויטער עבדות־הבורא און תקון נשמות...? אָבער איך ווייס דאָך, אַז ס'איז אַ טעות, און קיין צדיק—אפילו דער אמת'ער — איז דאָס טאַקע גאָר ניט מחויב... נו, און וואָס זיי כאַפּען זיך אָן אין מיינע מופתים? — דאָס ווייס איך דאָך אַודאי, אַז ס'איז שקר וכזב!... איך ווייס דאָך יאָ די אַלע אומעזהרליכע און שווינד־לערישע מיטעל, וואָס מיינע חסידים, — בידיעתי ושלא בידיעתי — און אַמאָל טאַקע איך אַליין מחילה, געברויכען פֿון אַ מינסט מופת'ל, וואָס ס'מאַכט זיך שוין יאָ, אָהן מלאכות... איז דאָך עס איין מקרה אונטער הונדערט טויזענד הבטחות, וואָס איך טרעף נישט... און וועלכער ילוד־אשה, עס מעג אפילו זיין משה רבינו אַליין, האָט דען, צי וועט דען בעווייזען אַזוי פֿיל

און אַזעלכע געטליכע מופתים, וואָס מײַנע חסידים שרײַבען
מיר צו — בשוגג, צי במזיד? בתמימות, צי בערמה...? ובכן'
בלײַבט דאָך די קשיא: וואָס טוה איך עפּעס אָב מײַנע בלינ־
דער שאף פֿאַר זײער מילך און וואָיל, וואָס זײ ניבען מיר אָב
פֿון זײער זיבעטער הויט! ? — טרײסטען זיך דערמיט, וואָס
דורך זײער פֿעסטער אמונה אין מיר ווערען זײ, אָדער עס
ווײזט זיך זײ אויס, אַז זײ ווערען שוין געהאָלפֿען אויף אַלע
זײערע בקשות...? קומט דאָך מיר דערפֿאַר ניט מעהר ווי אַ
דאַנק און אפשר אַן אָנבײסען, מיט אַ אײלקיטײענעם קאַפּטען,
מיט אַ פּאָר פּאַנטאָפֿעל און נאָך מיט אַן אלקעריל אויך —
אָבער ניט אַזא עולם הזה מעשה מלכות!... רבנים און אַלע
מינים כלי קודש, וואָס טוהען דאָך עפּעס יאָ פֿון יודען וועגען,
האָבען אפילו יענץ אויך בצמצום גדול! און פֿון אַלע אונזערע
אַלטע: שופטים, נביאים, תנאים, אמוראים, גאונים, מפרשים,
פּוסקים און צדיקים באמת, וואָס האָבען זײער לעבען געאָפּ־
פּערט פֿון יודען וועגען, און וואָס יודען האָבען טאַקע באמת
נאָר געלעבט פֿון דער אמונה אין זײ — האָבען דען חלילה
נהנה געווען פֿון יודען אפילו כאצבע קטנה? די וואָס האָבען
פֿערמאָגט אײנענעס — האָבען געלעבט פֿון זײער פֿערמע־
גען און די, וואָס האָבען ניט געהאַט — האָבען נעבעך גע־
ליטען דאָס גאַנצע לעבען אין עניות אין דחקות -- און צו יע־
נעמס אַ גראָשען ניט אָנגעקומען! וויפֿיל פֿון אונזערע גרויסע
תנאים זענען נעבעך געווען אָרימע בעל מלאכות און האָראָ־
פּאַשניקעס? — הלל הזקן איז געווען אַ פּשוט'ער שכיר יום,
ר' יהושוע—אַ קוילען־ברענגער, ר' יוחנן — אַ שוסטער, ר' יצחק
— אַ קאָוואַל, רב כהנא — אַ פּשוט'ער שינדער... און נאָך
הונדערטער אַזוינע! אָט איז רש"י געווען אַ גאָלדשמיד וכדומה,
הײַנט נאָך אַזוי לעבען ווי איך אויף אַ פֿרעמדען בײַטעל דער־

פֿאַר, וואָס זיי קוויקען זיך מיט דער אמונה אין מיר... דאָס איז דאָך ממש גזלה, ממש רציחה!... היינט, אַז טוהן, טוה איך פֿון זייערט וועגען גאָר ניט, און איבער מיינע חפצות מיט מיינע חסידים'ס מעשים אשר לא יעשו ווערט נאָך דאָס יודענ־טום נמאס ומאוס בעיני כל העמים, און זיי ליגען בתכלית־השפלות הן בגשמיות והן ברוחניות — ווי אַזוי זשע פֿיהר איך עס נאָך אַלץ אַזאַ זינדיג לעבען, אַזאַ מאַגנאַטישע ראָליע, אַזאַ ראָסקאָש כיד המלך, און פֿיהר נאָך מיינע פּוסטעפּאַסנע קינדער אויך אויף דעם סטרי—און אַלץ אויף דעם חשבון פֿון מיינע צוואַנציג טויזענד בידנע אויסגעמאַרכעוועטע בלינדע שאָף!?... און איך הייב גאָרניט אָן צו קלערען עפּעס אַ פּלאַן, ווי אַזוי אַמאָל זיך אַרויסקאָראַטשקען פֿון אַזאַ לעבען, וואָס ס'דאַרף אַלע מינוט אויספֿאַלען באָקאָם דעם אמת אָרענט־ליכען מענשען און יעדער ביסען דאַרף איהם דערווערגען אויף דער שטעל!?..." אַזוי רבי, דענק איך אָפּט איבער אייך און מיין, אַז איך בין ניט נענאַרט אין אייך, און בעת איך טראַכט דאָס ווייסט השם יתברך, אַז איך האָב שרעקליכען מיטלייד מיט אייך, אַז פּשוט מיין האַרץ רייסט מיר אויס!... יאָ, איך האָב געווים קיין טעות ניט! אַזוי מוזט איהר אייך אַמאָל אָבגעבען אַ חשבון מיט אייער אינערליכען געוויסען; אַנדערש קען גאָר ניט זיין!... איי, פּאַר וואָזשע וואַרפֿט איהר ניט אַוועק אַזאַ פֿאַלש אומערליך לעבען? — דאַרויף געפֿין איך פֿאַר אייך אויך תמיד, ביי מיר אין האַרצען, אַ למוד־זכות! — איך קלער מיר אַזוי: דער רבי בערעכענט טאַקע זעהר גוט זיין אונאיבערטרעג־ליכע לאַגע, און וואָלט עס געווים געערען פּטור ווערען! נאָר ער איז דאָך פֿאָרט ניט מעהר ווי אַ בשר ודם: עס גליסט זיך פֿאָרט ניט, און ס'איז טאַקע שווערליך, אַוועקצולאָזען אַזאַ

גרינג קערבעל און איבערגעהן פון אזא ראָסקאָשנע לעבען אין א פשוט בעלי־בית׳יש פיהרעכ׳ץ, מיט׳ן אויסגעצעהלטען גראָשען! ווער שמועסט נאָך גאָר אין א לעבען פון עניות און דחקות, לויט זיינע אייגענע פערדינסטען וועלען טראָגען!... און ווען דער רבי זאָל שוין אפילו האַלטען דערביי, צו לעבען אָרעם, פּראָסט — אבי ערליך און רוהיג, קען ער עס שוין פשוט ניט אויספיהרען איבער זיין רבי׳צען מיט די קינדער: ער האָט זיי שוין געוואוינט אויף אלערליי לוקסוס און קאָמ־פאָרט, זיי האָבען שוין צופיל צושטאָפּט די העלזער, אודאי! ווייל זיך זיי באין אופן ניט אראָבגעהן פון אזא גדולה, און זיי וועלען איהם שוין בפרוש דעם קאָפּ אָבדרעהען, ער זאָל זיי צושטעלען כל התענוגים שבעולם, עס מעגען איהם זיין גע־ווייסען אפילו אויפטאָטשען ביז גאָר... קאַרג האָט זיך ר׳ בערי־עניו לעוויר גראַנגעלט מיט זיין רבי׳צען יאָהרען לאַנג, מ׳זאָל אָוועוואַרפען דאָס נידערטדעכטיגע גוטע יודישע פיהרעכ׳ץ, און לעבען פּראָסט בעל־בית׳יש, ווי אַנדערע ערליכע בכבוד׳ע יו־דען? און ער האָט עס ביי איהר אין קיין פאַל ניט געקענט אויספיהרען, ווייל זי האָט שוין באין ענין ואופן ניט געוואָלט אַראָב פון דער גדולה — ביז ער האָט געמוזט גאָר ווערען א יוצא לתרבות רעה!... צווייטענס קען מען דאָך אזא איבער־גאַנג ניט אָבמאַכען אין איין טאָג, צי אפילו אין א חודש, דאָס מוז זיך אָבטוהן פּאַוואָליע, שטופענווייז — און דאָ ווערט דער שאַרווערק אַלע טאָג גרעסער און פערטאַראַמטער! דער עולם לויפט פון ארבע פנות עולם, דער מכה א פאַלשען קוויט, די נאָך שניי און רעגען; רענדאַרעס נאָך ראַטעס; פיינע בריות נאָך שדוכים; עגונות נאָך מענער, פאָר־פעלקער נאָך קינדער, קהל׳ס־לייט מכח רבנים און שוחטים — און רבנים

שוחטים מכח קהל... שותּפים נאָך בוררות׳ן, חסידים נאָך תּקונ׳ס, תּשובות און נייע התלהבות; סוחרים נאָך קרעדיטען, היינט חוליים, דבוקים, שלאָף־שדים, משוגעים, גלגולים און מקשה לילד׳ס... און יעדער וויל דאָך אַ שמירה, אַ סגולה, אַ קמיע, אַ י״ב חלות־פֿינעלע, צי ביינעלע... און אייניגע גלוסט זיך גאָר דעם רבי׳נס אַלטע חפצים קויפֿען, צי גלאַט טאָרגעווען זיינעם אַ פֿערציגער לזכרון ולהצלחה... און נאָך הונדערטער בקשות און סכסוכים, וואָס ס׳איז גאָר אין לשער ואין לערוך!... און דערווייל לאָזט מען איהם ניט אַ מינוט רוה, דער קאָפּ איז ווי אַ ראָטהויז און ער ווייסט. גאָרניט, וואו ער איז אין דער וועלט! נו, עפּעס כאָטש ענטפֿערן מוז מען דאָך אַ יעדען—מ׳נעמט דאָך עפּעס געלד דערפֿאַר; און דאָ איז ער גאָרניט אימשטאַנד אַליין צו אופּאָרען, ער זאָל אפילו זיין מיט טויזענד קעפּ!—אודאי מוז ער נעבעך אָנקומען צו גבאים, אַגענטען, משולחים, חאַדאַטייעס און שפּיאָנען, וועלכע מוזען וויסען פֿון אַלע זיינע סודות און פּלאַנעם, און די לייט טרייבען שוין די זאַך אַליין אין ווייטער דרכים אַריין, כדי אַליין מעהר וויגאָדעס פֿאַר זיך צו שאַפֿען... און אַזוי פֿאַלט ער נעבעך אונטער זייער אַפּיעקאַ... איז שטענדיג ביי זיי אויף דער אַרענדע... און קען זיך קיינמאָל ניט אויספּלאָנטען פֿון זייער פּאָוועטיניען־געוועב!... דערווייל מיינען די קינדער, אַז דער טאַטע איז אַ פּאָמיעשטשיק און די חסידים און חסידות — זיינע קרעפּאָסטנויעס, און זיי לעבען אין טאָג אַריין... איידער זיי קענען זיך נאָך רעכט די נאָז אָבווישען — קרוינט מען זיי שוין פֿאַר גוטע יודען, הימעל־מענשען; אין דער יוגענד מיינען זיי, אַז אַ מלאך שפּילט זיך מיט זיי... און צו דער עלטער, אַז זיי בערעכענען זיך שוין יאָ, ווי דער פֿאָטער אַ שטייגער —

איז שוין צו שפּעט... און דאָס יודענטום געהט דורך זיי אַליין מטה, מטה!...—איך מעג עס שווערען ביי גאָט, אַז אַזוי איז דאָס! אַזוי טראַכט איהר, אַלע רביים, און עס קרענקט אייך אין דער זיבעטער ריפּ — און איהר קענט גאָר ניט מאַכען!...

נאָר אָבער אַ סוף מוז דאָך עס נעמען! די שוואַרצע קוניץ וועט דאָך, סוף כל סוף אַמאָל מוזען אונטערגעהן — דעמאָלט וועט פֿון אייערע צעשטאָפּטע, לא־יצלח׳דיגע קינדער מוזען ווערען בעטלערס מיט די טאָרבעס אין די הייזער!... נעמט זשע אייך, רבי, מיט האַרץ און מיט העלדען־מוט און וואַרפֿט אַוועק מיט אַמאָל אָ די גאַנצע שווינדלערישע מאַכינאַציע, און הויבט אַליין אָן לעבען צופֿרידען מיט׳ן טאָוועסט, און לאָזט די וועלט לעבען!... אָט וועט איהר איצט געוויס בעפֿרייט ווערען! עס וועט שוין אָבקאָסטען יודען זייער לעצט ביסעל מאַרך און בלוט! — טאָ לאָז זשע שוין דאָס זיין זייער לעצטער כפרת־עון פֿאַר פֿרעמדע חטאים, און אייער לעצטער סך־הכל נאָך אַזאַ שענדליכעס לעבען!... גענוג צומגליקליך געמאַכט מענשען ביז אַהער — און אַז איהר וועט נאָך ווייטער חלילה פֿאָרזעצען דעם אייגענעם גאַנג, גאָט אין הימעל! וויפֿיל נאָך מענשען וועלען נעבעך ווייטער אומגליקליך ווערען, און מוזען פֿערברענגען אַזאַ פֿינסטער געמוטשעט לעבען ווי איך! — איך מיין דאָ ניט, רבי, דאָס יאָהר אָסטראָג; דאָס איז אַ בים פֿון אַ פֿליג געגען די שלענגענדיגע גיפֿטען, מיט וועלכע איהר רבי, דורך אייערע אַגענטען, האָט מיין גאַנץ לעבען פֿערגיפֿטעט!... איהר האָט צושיידט צוויי אומשולדיגע נשמות, וועלכע גאָט האָט פֿערבונדען, און פֿאַר וועלכע דאָס שיידען איז געוועזען זייער אייביגער טויט... שוין אַכט

יאָהר אַז די נשמות סטראַדייען און שטרעבען איינס צום אַנ־
דערען, ממש כלות הנפש, און איבער אייך מוזען זיי נעבעך
ביידע פערשפילען זייער וועלט אין העפטיגע שמערצען און
ליידען!... אָט ביי דער יעצטיגער לאַגע, ווי איהר שטעהט
רבי! לאָז דאָס זיין אייער ערשטער נסיון צו א ניי עהרליך
לעבען... און דערפרעהט צוויי ריינע נשמות מיט אייער הסכמה
אויף בענייען צוריק זייער אַמאָלעדיג גליקליך, ליבענדעם פאַ־
מיליען לעבען! און דאַן וועל איך אייך, רבי, זאָגען דעם ערש־
טען הערצליכען „ספּאַסיבאָ!” און נאָך דעם געוויסענהאַפטיגען
שריט, וועט איהר געווים שוין שפּאַנען מדרגא לדרגא, ביז
איהר וועט הערען דעם דאַנק פון דעם גאַנצען יודענטום! זאָגט,
רבי, אייער איין גוט וואָרט און שענקט צוויי נשמות זייער
אייביגעם גליק!”...” נו, וואָס זאָגט איהר, רבותים, אויף אזא
רשע מרושע, אזא כלב שבכלבים, אזא חצוף שבחצופים!
הא?... און דער רבי מיט די קינדער מיט אונז אַלע, מוזען
דאָס הערען — און שווייגען! איז דאָס ניט עוקבתא־דמשיחא?...
נאָר דער רבי האָט שוין מעהר ניט געקענט איבערטראָגען אזא
חלול־השם בפרהסיא, און האָט, מיט א קול מרעיש עולמות,
אויסגעשריגען: „רשע!... וי לשכינתא בגלותא!...” און האַט
אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ צווישען ביידע הענד... צווישען גאַנצען
עולם איז געוואָרען א כליפעריי מיט א שטיקענדיגער בכיה, נאָר
ווי אויף א טויטען... און אין מיטען דערינען איז רבקה'לע
דעם רבי'נס פלימיעניצע, פלוצים, מיט א ווילדען, טיפען אויס־
געשריי, צוגעלאָפען צום לעהרער: „טייערער סאַלאָמאָן מיינער!”
און ער „ליבע רעוועקאַ מיינע!” און זענען זיך ביידע, אין א
טיף־שמערצליך געוויין, געפאַלען אויף די העלזער... דער זשאַנ־
דאַרמסקי האָט א ווינק געטוהן און מ'האָט אונז אַלע אַרויסגע־

פֿירט פֿון דעם קלויז, און דער עולם נאָך אונז, לאָזענדיג דאָס שענע פּאָר׳ל אַליין אין קלויז — אַצינד האָב איך ערשט פֿערשטאַנען זייער ביידעס ערשטער קוק... און דעם אויסלאָז פֿונ׳ם 5־טען חטא, דעם רבי׳נס, אין פּראָטאָקאָל... און אויפֿ׳ן דריטען טאָג בין איך שוין געווען אין וציונ״ר אַסטראָג.

טז

# דעם רבי'ן האָט שוין געהאָלפֿען די יודישע מטבע אָבער מיר זיינע תפלות... אָ, מי יודע...?

אין אַ טאָג אַכט אַרום האָט מען צו מיר צוגעלאָזט דעם טאַטען מיינעם אין אָסטראָג אַריין, און כאָטשע עס האָט איהם געקרענקט מיין אומגליק, דאָך האָט ער זיך און מיר געטרייסט דערמיט, וואָס איך קום אָב פֿאַר'ן, זאָל מאריך ימים זיין און אינ'ם זכות פֿון מיין אמונת־חכמים, וועט מיך דער אייבערשטער ארויספֿיהרען. דערביי האָט ער מיר דערצעהלט, אַז ער האָט געהאַט אַ ידועה פֿון סירקעוו, אַז די עקיווער גבירים האָבען געגעבען ג׳ אלף קערבלעך זאַלאָג פֿאַר'ן רבי'ן מיט ר׳ מחונציע, באופֿן, אַז מ'זאָל דאָס געלט במשך אַ האַלב יאָהר צונויפֿמאַכען ביי דער וועלט, און זיי עס אָבגעבען, און דער רבי מיט ר׳ מחונציע'ן זענען בעפֿרייט אויף פּאָרוקאַ... אין צוויי וואָכען אַרום איז ווידער געוועזען ביי מיר דער טאַטע מיט'ן רב און מיט נאָך צוויי שענע יודען, נגידים און האָבען מיר איבערגעגעבען, בפקודת הרבי, אַז איך זאָל ניט דערוועגען, בעת סליעדסטוואָ אַריינצומישען דעם רבי'נס און מחונציע'ס נאָמען, ובאם לאו, וועל איך חלילה שלעכט אָבשניידען... און דערפֿאַר אָבער, וועט דער רבי שטענדיג מתפלל זיין פֿאַר מיר און וועט ניט לאָזען רוהען דעם רבונו של עולם ביז איך וועל בעפֿרייט ווערען... דערביי האָט מיר דער טאַטע געזאָגט די ווערטער: „דו ביסט עס מחויב, איציקעל, אויסצופֿאָלגען פֿונ'ם רבי'נס וועגען, און חוץ לזה וועט עס דיר אַליין אויך צו די אויגען קומען; איך בין שוין אלט און קראַנק און וועל שוין מן הסתם לאַנג ניט שלעפּען... נו, אַז דער אייבערשטער וועט רחמנות האָבען,

דו וועסט אַרויס פֿונ'ם אסטראָג, דאַרפֿסטו דאָך האָבען פֿון עפּעס צו לעבען — און טויגסט דאָך ניט צו דער היינטיגער וועלט, אַזוי ווי איך און אַזוי ווי אַלע ערליכע יודען; גוט אַז דער רבי וועט דיר איבערנייעס צונעמען פֿאַר גבאי, טאָמער אָבער ניט — וועסטו כאָטש האָבען אַ שטיקעל ברויט פֿונ'ם צונויפֿנעמען דעם רבי'נס מעמדות היע מיט דער סביבה! אַ כתב פֿון אַלע היגע חסידים און בעלי־בתים האָסטו דאָך שוין דערויף, און אַז דו וועסט נאָך איצטער פֿאָלגען דעם רבי'נס פּקודה, וועסטו, אי"ה, איבער הונדערט יאָהר, געוויס איבערנעמען מיין התמנות בתוקף ועוז, און וועסט האָבען פֿון וואַנעט צו לעבען — כאָטש אין עניות — אבי ניט קיין מקבל"... — די ערשטע צייט אין אסטראָג איז מיר זעהר שווער און ביטער געווען איבערצוטראָגען, וואָרעם איך בין דאָך שוין געוואוינט געווען אין אַלדעם גוטס מיט הפקרות און אַ צעשטאָפּטען האַלז... נאָר מיט דער צייט האָב איך מיך ווי עס איז, צוגעוואוינט צו די צרות, בפרט נאָך, אַז מיר האָבען נעפּועל'ט, מ'זאָל אונז משבת לשבת צולאָזען אַביסעל בראָנפֿען אויף קדוש — און דאָס בייסעל איז בגנבה געוואָרען אַ קוואָרט בראָנפֿען אויף אונז דריי וועלכע זי האָט אונז געסטייעט ביז מיטוואָך, צו קאַפּעלעך יעדען טאָג — אָ דאָס האָט אונז אַביסעלע מחזק געווען אין אונזער נויט, און נאָכ'ן ערשטען יאָהר איז אונז שוין כמעט ווי היימליך געווען דער ענין... גאַנצענע טעג פֿלעגען מיר זיך דערצעהלען ספּורי מעשיות פֿונ'ם רבי'ן און פון אַלע אַלטע צדיקים ביז אין בעל־שם הקדוש, און איבער'חזר'ן די אַלע מופתים, נסים ונפלאות פֿונ'ם רבי'ן, מיט אַלע זיינע תורות און גלייכע ווערטליך... הכלל ס'איז געווען — ווי זאָגט מען — ווי דעם וואָרעם אין חריין... וואָס ביי יעדען פֿון אונז דריי האָט זיך געטוּוה

אין הארצען מכח דעם גאנצען ענין חסידים און גוטער יוד?... דאָס איז פאַר די איבעריגע געבליבען אַ סוד... לפנים אָבער האָט זיך יעדער פון אונז געפלייסט, ווי הייסער און ווי ערענסטער אַרויסצוּווייזען זיין אמונת חכמים על צד היותר טוב... דעסגלייכען ווען מ׳פלעגט אונז אַמאָל אין וואָך אַרויסלאָזען אַביסעל אויפ׳ן הויף מיט אַלע אַנדערע יודישע אַרעסטאנטען, פלעגען מיר פאַר זיי האַלטען שטאָל און אייזען פאַר ד׳ גוטע יודען און ניט געלאָזט אויף זיי קיין קרום וואָרט זאָגען... וואָרעם אַלע יודישע אַרעסטאַנטען זענען כמעט חסידים געווען און זענען אויך געזעסען כמעט פאַר אַזעלכע וואזשנע חטאים ווי מיר... לאָמיך די גוטע יאָחר האָבען, וויפיל אַזעלכע, און אַ סך ערגערע, מעשים טוהען זיך אָב ביי פוילישע יודען בכל יום ויום עפענטליך, בפומבי, און ניט נאָר קיין האָן טוהט אויף זיי קיין קרעה ניט—נאָר זיי הייסען נאָך שענע יודען, רעדעלפיהרער, האָבען דעם גרעסטען כבוד און טוהן די שענסטע שדוכים מיט קינדער, און לעבען אָב זייער וועלט אין כבוד, נחת און פריידען... און ווען ס׳איז נעבעך בעשערט דאָס אומגליק—מעג ער זיך נאָר צוריהרען צו אַזאַ מין געשעפטעלי, וואָס איז ניט ווערט אַן אויסגעבלאָזען איי, האָט ער שוין אַ בלבול אויף זיך, און מ׳מאַכט דערפון אַ טאַראַראַם און פוילט אָב איבער אַזאַ שטות 2—3 יאָהר אין אָסטראָג און געהט נאָך, אַ מאָל, אויפ׳ן סאָמביר אויך!... אָט זענען, למשל, צוויי חסידים געזעסען פאַר אַ פאַלשען קוויט און אַ פאַלשען קאָנטראַקט אויף צוויי גע׳פגר׳טע פריצים: אַ יאָ, אַ חטא אין באָרהאַ?... אַזעלכע זאַכען זענען דאָך אַ וואָכענדיגער גאַנג אין פוילען, און ווער רעדט נאָר פון אַזעלכע שטותים...? מאָלט אייך, אַז די אויסגעלאָזטע פאַניטשעס, די הולפאַקעס, וועלען

נאָר ירשה'נען צוויי מיליאָן פֿערמעגנען פֿון די פּאַטערס, חוץ גיטער — וועט אודאי זיין אַ לאַך אין הימעל!... וועלען זיי חלילה, אַנשטאט צעהן טויזענד, נאָר פֿערשפּילען ניין טויזענד ניין הונדערט פֿופֿציג רובעל אַ נאַכט אין קאָרטען, און פֿער־הוליען אויך וועניגער מ"ט צעהן רובעל אַ נאַכט. און די צוויי יודען וועלען אויף די בידנע צעהן טויזענד רובעל החתונה מאַכען קינדער, קויפֿען שענע עליות, געבען דעם רבי'ן אַלע האַלבע יאָהר אַ שענעם פּדיון און זיך שטעלען לייטיש ביים ווייַן צום רבי'נס טיש וכדומה... דאַכט זיך אַביסעל אַ שענערער תכלית, ווי די פּריצי'שע צאַפּעס וואָלטען געמאַכט דערפֿון...? דאַרפֿען זיך אָבזוכען אַ בערלינער, צי אַ מתנגד, צי טאַקע אַ חסיד פֿון אַן אַנדער רבי'ן, און איבער עפּעס אַ מחלוקת'ל, אַ נצחונ'דעל, צי אַ נבול־פּה אויף דער לעהרערקע... זאָל ער — אויך אַ קאַטאָוועסעל — זיי אַ מסר טוהן, אַזוי נאָר פֿאַר אַ שפּיצעל... און ס'לאָזט זיך אויס מיט אָסטראָג!... צי איינער איז געזעסען פֿאַר אָבקויפֿען אַ גנבה'לע... איהר פֿערשטעהט אַ חטא? אַז איהם קומט אַ שטייגער עטליכע גילדען פֿון אַן ערל פֿאַר בראָנפֿען אין שענקעל, און דער ערל ברענגט איהם אַ גנבה'שע פּאָר אינדיקעס, צי אַ קופּערנע פּאַן, און גיט עס איהם אָב פֿאַר האַלב אומזיסט... און די האַלב רעכענט איהם דער יוד אָב אַ טייל אויפֿ'ן חוב און אויפֿ'ן איבעריגען שטעלט ער איהם ווייטער אַן הקפּה אויף בראָנפֿען — קען שוין דאַכט זיך, גאָר עהרליכער זיין? — און אַז ניט ער — וועט עס אַן אַנ־דערער קויפֿען... ס'איז פֿאָרט אַ מציאה פֿון אַ גנב!... נו, נו, געפֿינט זיך עפּעס אַ „זאָגט ער" און מאַכט דעם יודען אַ בלבול אַזוי, נאָר פֿאַר אַ ווערטעל... און מ'מאַכט פֿון דעם נישטיגען געשעפֿטעל אַ גאַנצען ענין און ער ווערט נעבעך אומגליקליך!...

איינער איז נעבעך געזעסען פֿאַר אַ פּעקעל, איינער — פֿאַר אַן אַנזעץ, צוויי פֿאַר אַ געשלעג אין קלויז, איינער — פֿאַר אַ פּאַריוונע שענקעל, דריי פֿאַר געבען חופּה־קדושין אָהן אַ קוויטעל, און נאָך אַזעלכע וואַזשנע חטאים... וואָס זענען, בנאמנות, ניט ווערט די רייד!... אַ יאָ, אַן אומגליק, אַז די די קאַזנאַ וועט חלילה אָנווערען די צעהן גילדען פּאַשלינאַ פֿאַר זיין פּעקעל — און עטליכע אָרימע מתים וועלען דערפֿאַר האָבען וועלוועלער מיט אַ פּיטאַקעל אויפֿ׳ן אַרשין שוויביש אויף תכריכים...? האַ? נו, און דאָס פּעקעל האָט מען דאָך אויך ביי איהם צוגענומען, וואָס איז ווערט צוויי מאָל פּאַשלינאַ; און אַריינגעלעגט האָט מען איהם אין זיינע דאַרע יודישע ביינער פֿאַר אַבצעהן מאָל פּאַשלינאַ — נו...? ניין! נאָך קאַרג! פֿאַר אַזאַ שרעקליכען חטאַ... קומט איהם אָסטראָג?... און אַז דער אָטקופּשטשיק וועט פֿערדינען ווייניגער מיט ר׳ זהובים אַ יאָהר — וועט ער אודאי בדלות ווערען, אַ יאָ?... ער גיט זיך עס אַוועק פֿאַר איין בוקעט דער אַקטעריסע... און דער יוד נעבעך לעבט דערויף אַ קיילעכדיג יאָהר מיט ווייב און קינדער, און דער רבי האָט נאָך אויך עפּעס דערפֿון... אָט פֿאַר אַזעלכע און כרומה חטאים׳ וואָס געהען אין פּוילען צוועלף מאָל צוועלף אויפֿ׳ן טוץ, און פֿערקויפֿען זיך אַ גראָשען דאָס שאָק... און על פּי רוב זעהט מען זיי כמעט נאָר ביי חסידים, עהרליכע יודען, וועלכע האָבען יונג חתונה כרבעי... און זיצענדיג, ביים טאַטען און ביי שווער און שוויגער, אויף קעסט, פֿערברענגען זיי נעבעך עהרליך די צייט אין קלייזעל, אין מקוה, אין מרחץ... און פֿונ׳ם ביסעלע עיסקא ביים שליש, וואו דאָס ביסעל גרן ליגט, פֿאָהרען זיי זיך גאַניץ בתמימות צום רבי׳ן אַלע יאָהר אויף ימים נוראים, ווי עס געהער צו זיין... און קינדלען נעבעך

גאַנץ אָרענטליך, ווי גאָט האָט געבאָטען... און אַז די קעסט געהען אויס, און דער שליש זעצט גאָר אָן, צי אַז ער בעקומט אפילו די ר׳ זהובים נדן און עסט זיי אויף אינ׳ם ערשטען יאָהר, אָדער ער מאַכט אַ קרעמעל און זעצט אַריין דאָס ווייב, אַ מאַמע פון 5 קינדערלעך... (אַליין מוז מען דאָך עפּעס קלערען אַרום רוחניות.) און מ׳עסט דאָס קרעמעל אויף — וואָס זאָל ער נעבעך דעמאָלט טוהן? פון אַ מלאכה איז דאָך קיין רעדע ניט! איהר אַליין, רבותים, וועט עס ניט זאָגען!... אויף מסחר טויג ער ניט און האָט ניט אַ קאָפּיקע ביים פּיפּעק! פאַר אַ מלמד האָט ער נעבעך זעהר אַ שוואַכע ברוסט, ווי אַן איידעלען חסידישען יונגענמאַן שטעהט אָן... פאַר אַ מורה־הוראה — איז ער אַן עם־הארץ... פאַר אַ מקבל—נאָך צו יונג... חוץ, וואָס ס׳זענען שוין דאָ געניג אָהן איהם... נו, מילא? כאַפּט ער זיך אָן אין אַזאַ מין פרנסה׳לע, וואָס מ׳קען עס אויספיהרען אָהן געלד, אָהן חכמה, אָהן תורה און אָהן איבעריגען כח: איז ער למשל פון געבוירען אַ ליגנער — ווערט ער אַ שדכן... איז ער אַ פלוידערזאַק, ווערט ער אַ בדחן; דער וואָס איז ביים טאַטען געוואַקסען אין אַ ווײנשענק, וואו פּריצים ליגען דאָרט איבער, און ער קען אַביסעל פּויליש, ווערט ער אַ פאַקטאָר... אַז ער האָט פון געבוירען אַ שעהן הענדעל און האָט זיך עפּעס יונגעלווייז, סלוטשיינע, אויסגעלערענט דעם רוסישען אַזבוק, צי אפילו אָהן דעם, מאַכט ער נאָך קוויטעס, קאָנטראַקטען, פּראַשפּאָרטען וכדומה... ס׳איז דאָך אַ קונץ, ווי איך בין אַ יוד!... וואוינט ער ניט ווייט פון דער גרענעץ — פּעקעלט ער איבער דעם סוחר עטליכע שטיקעלעך סחורה, וויפיל זיין כח טראָגט איהם נעבעך... און נאָך אַזעלכע פרנסה׳לעך. הכלל, מיט וואָס דער אייבערשטער האָט איהם מזכה געווען פון געבוירען, מיט דעם

נעבעך שלאָגט ער זיך דורך... ס'איז אודאי ניט פֿאַר זיין כח
און פֿאַר זיין יחוס... נו מילא. אַז עפּעס אַנדערש ווייסט ער
ניט און קען ניט גאָר ניט — איז גוט דאָס אויך! מוז זיך אַזאַ
איידעלער יונגערמאַן, דעם רבי'נס אַ מקורב און אַ בנן של קדר־
שים מטפל זיין דערמיט אויך!... איז ניט געניג, וואָס ער איז
מוחל זיין כבוד און ניט זיך אָב מיט אַזעלכע קליינינקייטען —
הייסט ער נאָך ביי זיי אַ חוטאַ דערפֿאַר... און מ'רוקט איהם
אַריין אין אָסטראָג!... קורץ איך זיץ שוין באַלד פֿינף יאָהר
און האָב שוין כמעט ווי פֿערגעסען, וואו איך בין... מ'פּלעגט
אונז שוין צוברענגען פּאָטשטען אין אָסטראָג; מיר זענען גע־
וואָר־געוואָרען פֿון אַ סך חסידי'שע ענינים, מחלוקת'ן, אינטרי־
געס, סודות און שפּאָגעל נייע מופתים, נסים ונפלאות!... איך
בין אפילו געוואָר געוואָרען אַז דער אפיקורס ימח שמו, דער
צעפּליקער לעהרער האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט איבערניי־
עם מיט רבקה'לען... און איז שוין צוויי יאָהר אין וציוני קאַ־
זיאָנער רב, און ס'איז איהם גאַנץ גוט! איך בין אפילו גע־
וואָר געוואָרען, אַז דער רבי מיט ר' מחונציע'ן זענען שוין לגמרי
פֿריי פֿונ'ם פּראָצעס, און אַז מעהר ווי נאָר דאָס ערשטע יאָהר,
גיט דער רבי מיין קראָקאָדילעווקער פּלתית'טע אפילו קיין צו־
בראָכענעם שילינגער ניט!... און ער איז טאַקע אפשר זעהר
גערעכט!... כ'לעבען קאַרג האָט איהם נעבעך אָבגעקאָסט אַ דער
בלבול—זאָל ער נאָך צאָהלען חובות, און נאָך מיר אויך...?—
דערווייל איז ביי מיר נאָך איין מאָל דער טאַטע געווען, (שוין
דאָס לעצטע מאָל פֿאַר'ן טויט,) מיט מיין עלטער יונגעל, וועל־
כען ער האָט אַראָבגעבראַכט פֿון קראָקאָדילעווקע צו זיך, ער
זאָל איהם בייהילפֿיג זיין מיט אַ גאַנג אינ'ם מעמדות־געלד, ווייל
ער איז שוין טויט קראַנק און הייגט־מאָרגען צום סמיך... און

ער איז טאַקע דאָס יאָהר געשטאָרבען, ת״נ״צ״ב״ה! מיין יונגעל איז מיר עפּעס ווי געפֿעלען, נאָר מיט וואָס, און פֿאַר וואָס האָב איך מיר קיין חשבון ניט געקענט אָבגעבען!—דערצעהלט האָט ער מיר, אַז ווען ניט דער קראָקאָדילעווקער אַקציזניק — וואָלט זיך שוין לאַנג געקומען דער מאַמען מיט די קינדער אין וואַסער אַריין וואַרפֿען...

מכח אונזער בלבול הויבען מיר נאָך אַליין ניט אָן צו וויסען אַן אות—דאָס האָב איך יאָ פֿערשטאַנען, אַז די גאַנצע שולד האָט מען אַרויפֿגעלעגט אויף מיר... און אַז דער רבי איז מן הסתם, מרעיש אַלע עולמות עליונים פֿון מיינעט וועגען... נו מילא—אַז מיר וועלען לעבען—וועלען מיר זעהן!

יז

## נאָט אייך גאָר פּלוצים אַזאַ מין שאלה:
## עליונים למטה ותחתונים למעלה?

עס איז אַוועקגעגאַנגען נאָך אַ יאָהר, דער טאַטע מיינער איז געשטאָרבען, מיין יונגעל, הער איך, איז עפּעס אַ שטיקעל איינגעהער צום ראַבינער, נאָר בסוד... וואָס, ווען? — וויים איך ניט! חוב׳לעך פונ׳ם רבי׳נס מעמדות מאָנט ער שלעגיש אויף און טראָגט עס דערוויל אַריין צום רב, איך זייך שוין, ברוך השם, קיילעכדיגע זעקס יאָהר אין אָסטראָג, און וואָס מיט מיין בלבול טוהט זיך — וויים איך ניט אַ רמז דרמיזא! הפּנים, אַז דער רבי האַלט עס אַלץ אויף מיט זיינע תפלות פון מיינעט וועגען... פון די צוויי טיש־גבאים, וואָס זיצען מיט מיר, האָט איינער שמואל׳יקעל צו לעצט אָנגעהויבען אַרויסווייזען אַביסעל תרעומות אויפ׳ן רבי׳נס שווייגען מכה אונז... און האָט ווי מבצבץ געוועזן געגען דעם חסידות... און דער אַנדערער, מרדכי־לע בן מרדכי׳לע טראָנהאָרב, האָט דייקא אַרויסגעוויזען מסירת נפש פאַר׳ן רבי׳ן מיט׳ן חסידות, און האָט אַלעס מקבל באהבה געוועזן, ווי אַן אמת׳ער חסיד... און איך בין געוועזן ווי אַ ממוצע צווישען זיי ביידע, און האָב מעהר געשוויגען ווי גערעדט... עפּעס אַ מאָל, אין אַ טאָג, האָבען מיר געוואָר געוואָרען אין אָסטראָג, אַז מ׳טומעלט, אַז דער גרויסער חסידישער מיליאָנער, פערהילהיין פון דראָביטשעוו, האַלט ביים אָנזעצען און ער וועט בלייבען אַן עני ואביון... און אַז דאָס דינט איהם אַזוי צו דאָס דייטשעל, הוי־אריך, און ווידער אַ פּאָטשט, אַז דער געוויסער יודישער אפּיקורס, איטשע בער לעווענזאָהן, האָט אַ מיתה־משונה איינגענומען... איך האָב אויף די ביידע פּאָטשטען נאָר

צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ און געקרימט מיט'ן פּיסק... שמואל-
קע האָט פֿונ'ם לעצטען פּזמון גאָר ווילד הנאה געהאַט און
פֿונ'ם ערשטען—זיך ניט זעהר צוקראַצט... נאָר מרדכי'לע האָט
אויפֿ'ן לעצטען אַזש געטאַנצט און אויפֿ'ן ערשטען האָט ער
זיך געריסען ביים קאָפּ און כמעט ווי געוויינט... אויפֿ'ן אַנדע-
רען טאָג אין דערפֿריה, נאָך צוויי פּאָטשטען, בעמערק איך, ווי
מיין מרדכי'לע מאַכט עפּעס שרעקליך זויערע מינעס און דאָס
פּנים איז שטאַרק פֿער'מרה'שהורה'ט. איך פֿרעג איהם: וואָס
איהם איז אַזוינס? ענטפֿערט ער מיר ווי מיט פֿעראַכטונג:
„עט!... ס'איז גאָר ניט כדאי דערפֿון צו רעדען! עפּעס אַזא
נאַרישען חלום האָב איך די נאַכט געהאַט, אַז ממש די גאַל
געהט איבער!...‟ „נו?—האָב איך איהם געזאָגט—זיי דו פּותר
חלום ביי אונז‟—„איך זאָג דאָך דיר, איציקעל,—האָט ער מיר
געענטפֿערט—אַז ס'איז ניט כדאי צו רעדען דערפֿון! ממש עס
שלאָגט מיר צום האַרצען:...—„נו, מילא! — האָבען מיר איהם
ביידע צוגערעדט — אָבער מיר זעהן דאָך, אַז דו האָסט עפּעס
יסורים דערפֿון, איז דאָך אַליץ גלייכער זאָלסט זיך פּותר-חלום
זיין!‟—„נו מילא האָט ער. געענטפֿערט, ווי ניט וועלענדיג —
אפשר זענט איהר גערעכט!‟ און אַזוי האָבען מיר זיך אַלע
דריי געזעצט ביי דער גראַטע און ער האָט אונז אָנגעהויבען
דערצעהלען.

„אַזא נאַריש פּוסטער חלום—זאָגט ער — האָט זיך מיר
טאַקע באמת אפּילו אין חלום קיינמאָל ניט געדאַכט! — אין
שלאָף ווייזט זיך מיר אויס, אַז ס'איז אַזא שענע, ליכטיגע
לבנה-נאַכט, וואָס איך האָב נאָך אין מיין לעבען אַזעלכעס ניט
געזעהן, און איך בודטאָ ליג עפּעס אויף אַ הייליג אָרט, און
בודטאָ איך וויים, אַז דאָס איז אין קרעמעניץ... פּלוצים הער

איך ווי אַ שרעקליך גערודער און איך זעה, ווי הונדערטער
מתים אין די קיטלען און טלתים שטעלען זיך אויס ווי אין אַ
עגול; איך קוק מיך איין—זעה איך אין דער מיט עגול ווי אַ
גין־גאָלדענע מטה, מיט אַ פֿינקעלדיגע חופּה איבער איהר, פֿיר
מלאכים האַלטען די פֿיר עקען, און צוקאָפּענס — אַ מין העל־
פֿלאַמענדיגע זייל, וואָס אין חלום האָב איך ווי געטראַכט: דאָס
קען נאָר זיין די שכינה אַליין! און פּלוצים, געהט פֿון דער זייל
אַרויס אַ מין קלינגענדיגעס, האָניג־זיס קול „צדק לפניו יהלוך
וישם לדרך פּעמיו!"... און אַזוי ווי איך ליג אַזוי אין פֿלאַטער־
ניש, לויפֿט צו צו מיר אַ מת אין אַ פֿערשמוצטען טלית און
קיטעל, מיט אַ שקעלעטיש פּנים, און טוהט מיך אַ טאָרע מיט
כעס „וואָס ליגסטו, רשע? שטעה אויף און געה מלוה זיין קיין
ירושלים דעם גרויסען צדיק, דעם אוהב־ישראל, ר' יצחק בער
לעווענזאָהן זצ"ל!..." הערענדיג די דאָזיגע שטימע, בין איך
אַזש אונטערגעשפּרונגען, איך האָב אין איהר דערקענט דעם
אַלטען מגיד'ס שטימע, וועלכען איך האָב יונגער־וויז ניט
איינמאָל נאָר געהערט רעדען, און האָב אַ געשריי געטוהן אוי־
סער זיך: איהר זאָגט אַזוי אויף דעם אפּיקורס!? און ווי קומט
איהר פֿון אַטאַנאָווקע אַהער?... „ציט, דו חסיד שוטה! — האָט
מיר דער מת געענטפֿערט מיט שרעק — אַז דו האָסט מיר יאָ
דערקענט, שווייג זשע! דאָ איז מיין נאָמען אַ חרפּה! ס'איז
אויף אייער וועלט, אויפֿ'ן עולם השקר, האָט מיין נאָמען גע־
גילט — דאָ, אויפֿ'ן עולם האמת, איז דער נאָמען לחרפּה
ולשנינה!... לאָז אַוועקגעהן די לויה, וועל איך דיר שוין אין
קורצען דערצעהלען מיין סוף, כדי דו זאָלסט עס תיכף איבער־
געבען דיין רבי'ן און די איבעריגע זיהן מיינע, אויפֿ'ן עולם
השקר!..." די לויה איז אָבגעגאַנגען איינגאַנצען אַקעגען אַ האַל־

בע שעה, (אַלע מתים האָבען זיך באַלד פֿונ׳ם אהל אומגע־
קעהרט,) האָט עפּעס אַ מין שרעקליך פֿערדומפּען קול
אויסגעשריגען: „רשע, עד פה תבוא! דאָ איז שוין דער גבול
פֿון ארץ ישראל, חזור לעולם התועה! אַזאַ געלד פֿרעסער טאָר
ניט טרעטען אויף דער אדמת קודש!...״ איך האָב ניט גע־
זעהען פֿון וואַנעט די שטימע געהט, און וועמען זאָגט מען
דאָס? נאָר דער אַלטער מגיד האָט מיר אַ כאַפּ געטוהן ביים
אַרבעל: „קום צוריק!—דאָס איז אַ קול פֿון דעם מלאך־חבלה,
וואָס געהט מיר נאָך אויף מיין עולם התועה און הייסט זיך
מיר אַצינד אומקעהרען״. און געהענדיג צוריק, האָט ער מיר
דערצעהלט בזה הלשון: „מילא, וואָס פֿאַר אַ ראָליע
איך האָב געשפּילט אויפ׳ן עולם השקר — זאָגט ער
מיר — ווייסטו דאָך אַביסעל דערפֿון, וואָס דו האָסט
מיך יונגעל־וויז געזעהען אויף אַ שבת אין וצוני... און
דאָס איבעריגע האָסטו דאָך געהערט פֿון דער וועלט!
איך, פֿאַר זיך — כאָטשע אין דער יוגענד האָב איך
ניט געוואוסט ביי זיך, מיט וואָס, און ווי אַזוי איך
בין אַזאַ מפורסם געוואָרען פֿאַר אַ צדיק יסוד עולם,
אַ נביא, אַ בעל־מופת, אַ הימעל־מענש?... און פֿלעגט אָפּט
לאַכען ביי זיך אין האַרצען פֿון דעם „עם חכם ונבון״... ווי
אַזוי עס לאָזט זיך אַזוי גרינג פֿערפֿיהרען פֿון אַזאַ כלי ריק,
אַ מאַנקאָלינעק, ווי איך — נאָר וואָס ווייטער, ווייטער איך האָב
אָנגעהויבען זעהן ווי אַ וועלט לויפֿט מיר נאָך און זענען זיך
מוסר נפש פֿאַר מיין מינדסטען נאָגעל מיט גוף און נשמה,
און וואָס מעהר עולות און שטותים און משוגע׳נע תנועות איך
מאַך—מעהר בין איך ביי זיי נתגדל ונתקדש, און מ׳וואַרפֿט
מיר נאָך טויזענדער — האָב איך מיר אָנגעהויבען נאַרען ביי זיך

אַליין, אַז איך בין עפּעס אַ יש... און האָב שוין כלל ניט געלאַכט פון דעם „עם חכם ונבון"... ווער שמועסט אויף דער עלטער, אַז די וועלט האָט מיך געקריינט מיט'ן טיטעל: „אַלטער מגיד" — האָב איך שוין לחלוטין פערגעסען, ווער און וואָס איך בין. און האָב מיך שוין אַליין געהאַלטען פאַר אַ הימעל־מענש, און האָב שוין געטראַכט: „הלא עם חכם ונבון הגוי הגדול הזה!..." און האָב שוין אָבגעלעבט אַ וועלט ממש מעשה־מלכות, און מיינע קינדער געפיהרט אויף דעם אייגענעם דרך... און בין בטוח געווען, אַז איך וועל געוויס ניט האָבען קיין ערגערען עולם־הבא ווי מיין עולם־הזה... און תיכף נאָך מיין טויט, ווי דער מלאך האָט נאָר געעפענט מיין קבר און האָט מיך אַ פרעג געטוהן „מה שמך?" האָב איך איהם מיט גאוה און רוגז, געענטפערט: דו ווייסט דען ניט מיין נאָמען „דער אַלטער מגיד?" נאָר ווי ער האָט דאָס דערהערט, האָט ער מיר אַ טרען געטוהן דעם בויך און אַרויסגעריסען די קישקעס און מיר געוואָרפען אין פנים אַריין... און האָט אַ געשריי געטוהן: „דאָס ביסטו דער בחור, וואָס האָסט אויסגעזויגען יודיש בלוט ווי וואַסער, פאַר לויטער רמאות, פאָקוס און שווינדעל, און האָסט גע'רודפ'ט אַלע משכילים מיט דער השכלה בכלל און דעם גרויסען יודען־פריינד, ר' יצחק בער לעווינזאָהן, בפרט?" און האָט מיר, אויף אַ פייער שפּיז, אַ כאַפּ געטוהן ביי דער נאָז, און אַ שמייך געטוהן אין דער לופט, און איך בין אַריין מיט'ן קאָפּ אין אַ רויט פייערדיגער טיהר פון אַ סכנות'דיג גרויסער ווייס־פייערדיגער זאַל, וואו ס'איז געזעסען דאָס בית־דין של מעלה און מיכאל מיט'ן שטן זענען געשטאַנען פוןביידע זייטען טיש, אויף וועלכען ס'איז געלעגען —

הפנים — דער ספר־הזכרונות, גרויס ווי רוים, מיט שווארץ פֿיי־ערדיג בלוט געשריבען אויף רויט פֿייערדיגע בלעטער... באַלד האָט דאָס בית־דין געעפֿענט דאָס ספר און דער שטן האָט מיט זיין פֿינגער אַליץ אָנגעטייט אויף מיינע חטאים אין בוך... מילא, וואָס זאָל איך דיר דערצעהלען, דו חסיד שוטה, ס׳איז ניט געווען דער חטא, די עבירה, די עולה, דער דבור, די מחשבה און די מעשה פֿון מיין גאַנץ לעבען, פֿונ׳ם גרעסטען פֿערברעך ביז אין מינסטען שטות. וואָס איז דאָרט, מיט מיין האַנד אַליין, ניט פֿערשריבען געווען! אפילו מיין איבערשפּי־ליען דעם ווייבעלס שלייער מיט מיינע ווערטער דערביי: „איי ביסטו טאַקע זעהר מאוס געשלייערט!" אפילו מיין אויפֿשטעלען דעם פּאָדעלעק אין מיטען שמונה־עשרה נאָכ׳ן רענדאַרס זילבער־געלד און מינץ, מיט מיין היר־קען דערביי „נו! נו!"... ס׳הייסט: וואַרף אַריין גיכער אין פּאָדעלעק!... וואָס טויג דיר מעהר?—אפילו דער פּאָקוס מיינער, פֿרייטאָג־צו־נאַכט, אין וצוני ביים טיש, ווען איך האָב פּלוצים פֿערוואָרפֿען דעם קאָפּ אַריבער דער פּאָרענטשע פֿון מיין שטוהל, אַז ס׳איז מיר אַזש אַראָבגעפֿאַלען דאָס שטריימעל פֿונ׳ם קאָפּ, און בין געבליבען ווי אין הינער פּלעט... און האָב פּלוצים אַ הויב געטוהן דעם קאָפּ און זיך צושריגען אויף אַ ווילד קול „לאָז מען געבען ראָזשינקעס־צימעס, ראָזשינקס־צימעס, ראָזשינקעס־צימעס!" און ווי מ׳האָט דערלאַנגט דעם ראָזשינקעס־צימעס האָב איך, מיט משוגע׳נע, ווילדע עיוות, זיך אָבגעבאָברעט אַ פֿערטעל שעה אין טעלער... און געכאַפּט אַ ראָזשינקע, און צעריסען אויף צווייען, און אויף פֿירען, און אויף אַכטען... און האָב אַן אַכטעל אריינגעלעגט אין מויל אַריין און טאַקע תוך־כדי

דבור, האָב איך ווידער פֿערוואָרפֿען דעם קאָפּ ווי פֿריי־
הער... און האָב... דאָ—זאָגט ער מיר—וויים איך שוין ניט וואָס
ווייטער איז געווען? נאָר דער גבאי האָט מיר נאָכדעם געזאָגט,
אַז איך האָב אָבגעבראַכּעט אַ שעה כסדר ווי אַן אָקס נאָך
דער שחיטה... און דער עולם איז געזעסען באימה, ביראה
ובפחד, ממש דא לדא נקשן, מיינענדיג, אַז איך בין משוטט
אין אַלע עולמות־עליונים, און רייס איין דעם זיבעטען הימעל
גלייך צום כסא־הכבוד!... מיכאל נעבעך האָט בעשלאָגען אַ
פֿייערדיגער שוויים, זוכענדיג אין בוך כאָטש עפּעס איין זכות
פֿאַר מיר און האָט ניט געפֿונען... און נאָך, ווי איהם אויף
צו להכעים, האָט דער שטן אַ שרעקליכען לאַך געטוהן, און
האָט אָנגעטייט אויף אַ לעצטען דף, ווי ס'איז פֿערשריבען גע־
ווען מיינע לעצטע ווערטער צו מיין צווייטען זוהן
פֿאַר'ן טויט: יעקעל אשר'ל, סערצע, זאָלסט נעמען
געלד, און נעמען און ווייטער נעמען! „וויפֿיל דו
וועסט ניט נעמען — וועט נאָך אַלץ מיינס איבער־
געהן!..." און דערביי איז אַרויס דער פּסק בית־דין־
של־מעלה אַזוי: „זיינע דריי הויפּט חטאים בעשטעהען:
1) אין זיין שרעקליכען לורקייט נאָך געלד, 2) אין זיין
מרמה זיין מענשען מיט פֿאַלשע הבטחות בשם השם, און
3) אין זיין רודפ'ן און מבזה זיין די משכילי הדור... פֿאַר די
דריי חטאים זאָל ער, בכלל, זיין אין עולם התועה אַזוי פֿיל
יאָהרען, וויפֿיל ער האָט געשווינדעלט אין זיין גוטער יודישער
ראָלע, און זאָל די גאַנצע צייט בלייבען אין דעם טעות, מיט
דער תאוות־הממון, וואָס ביים לעבען... ובכן נעם איהם, שטן,
און פֿיהר אויס איבער איהם אונזער משפּט באופן הזה: גאַנ־
צענע טעג זאָל ער זיצען אין גיהנום, אין דעם סקלעפּ פֿונ'ם

אוצר כסף־מדומה... און יעדער מינוט זאָל זיך אין איהם צוברענען די תאוה צו געלד, און זאָל האַלטען אין איין גאַרען און כאַפּען און ווייטער גאַרען, כאָטש ביי יעדען כאַפּ וועלען זיך די אויסגעוויזענע שענע קערבלעך צוגעהן ביי איהם אין די הענד... און די איבערגעברענטע אַש־דעפּאָזיטען וועלען ביי איהם ווערען פּול!... און ביי יעדען אָבגענאַרטען כאַפּ זאָל אַרויס זיינער אַ געשטאָרבענער חסיד, אַלע מאָל אַן אַנדער, און איהם געבען אַ לאַך אין פּנים... גאַנצענע נעכט זאָל ער בלאָנקען אויף אַלע בית־הקברות׳ן אויפ׳ן עולם השפל, בתורת גוטער יוד צווישען די מתים, וועלכע זאָלען איהם בודטאָ לעבעדיגע, אַליץ געבען קוויטלעך און ער זאָל זיי מבטיח זיין בני חיי מזונא... און נאָך יעדער הבטחה, זאָל יעדער זיך איהם אַרויסווייזען פּאַר׳ן ווירקליכען מת, און זאָל איהם אַרויסשטעלען די צונג און געבען אַ פּייג... און ער זאָל טאַקע ווייטער מיינען און פּראַווען די קוויטלעך... חוץ לזה זאָל מען איהם אַלע מוצאי־שבת אריינפּיהרען, אין זיינע גוטע ״ידישע בגדי יום־טוב, אין דעם גן־עדן־זאַל, וואו עס זיצען אַלע חכמי־ישראל, אויף הוכא־וטלולא...״ דער בעפעהל איז באַלד איספּעלנעט געוואָרען, און אַזוי מוטשע איך מיך שוין אַ יאָהר דרייסיג גאַנצענע טעג אין ברענענדיגער, שענדליכער תאוה צו כסף־מדומה; גאַנצענע נעכט אין אַ פּאַלשער, אויסגעלאַכטער גוטער יודישער ראָלע צווישען מתים, און אַלע שבת־צונאַכטס להרפה ולשנינה בעין כל חכמי ישראל, אַזוי ווי מאָנדריש מיט די גלעקלעך... און ווער מען, מיינסטו, זעה איך צווישען די חכמי ישראל?—ווער איז מיר, אויף מיין וויסטען טעות ביים לעבען!... צווישען אַלע אונזערע אַלטע גדול

חכמי ישראל, ווי אַ רמב״ם, אַ אבן־עזרא, אַ רמב״ן, אַ ר׳ יהודה הלוי, אַ אברבנאל וכדומה, זיצען פּאָריטש מיט זיי: ר׳ משה מענדעלזאָהן, ר׳ ברוך שפּינאָזא, ר׳ נפתלי הערץ ווייזעל, ר׳ מענדעל שטערען וכדומה, אַלע אין גאָלדענע קרוינען, און מלאכי־השרת בעדינען זיי... נעכטען ביינאַכט, בעת מיין שטעהן אין שאַנדע און שפּאָט, אין דער חכמי־ישראל זאַל, פּלוצים ווערט אַ רעש, אַלע האָבען זיך אויפגעכאַפּט פון זייערע ערטער, און אין זאַל האָט דער מלאך מיכאל אריינגעפיהרט די נשמה פון ר׳ יצחק בער לעווענזאָהן ז״ל, נאָר ווי אַ לבנה אין אַ לוי־טערער נאַכט... אַלע האָבען זי מיט יראת הכבוד מקבל פּנים געווען, זי אַנידערגעזעצט אויבענאָן און באַלד זענען אַריין אַ כתה מלאכים שרפים און האָבען איהם געזונגען אַ ברוך הבא... און איינער פון זיי האָט געלעגט אויפ׳ן טיש זיין ספר „אפס־דמים״ מיט אַלע זיינע העתקות אויף פערשידענע שפּראַכען, און אַ בת קול איז אַרויס פון אונטערען כסא־הכבוד: פאַר זיין מוטשען זיך דאָס גאַנצע לעבען אין צרות, דחקות, יסורים און בזיונות פון די צבועק׳עס און חנופה׳ניקעס, ווי דער באַלאַנטעדי־שער מגיד וסיעתו... און זיך דאָך געאָפּפּערט מיט מסירת־נפש לכבוד ולתפארת ולטובת עמו ודתו בעין כל העמים — זאָל מען מאָרגען תיכף נאָך זיין קבורה, נעמען זיין פערמוטשעטען, הייליגען גוף פונ׳ם קבר אין חוץ־לארץ, און מקבר זיין בכבוד והוד־מלכות אין ירושלים עיר הקדושה!״ אָט דעם ספור מיינעם, לויף גיכער און גיב איבער אַלע מיינע בנים און דיין רבי׳ן בכלל, לאָזען זיי זיך אַרומקוקען, ווי זיי זענען אין דער וועלט?... און לאָזען זיי בתשובה שלמה, אַוועקוואַרפען זייער פאַלשע גוטע יודישע ראָליע — וועלען זיי נאָך אפשר האָבען אַ כפרה לעולם הבא, און דורך זייער תשובה וועט אפשר מיין ביטערער

עונש אויך אביסעל פֿערגרינגערט ווערען!... לויף, למען השם, און לאָזען זיי זיך בעצייטענס ראַטעווען פֿון אייבינגער שאַנד און כל ענויים קשים!״ און ביי די ווערטער האָב איך מיך אויפֿגע־כאַפּט אין מיינע צרות און אַנגסטען פֿון אַזאַ מאוס'ן חלום...״

## געהווייס וועלכעס איז ברכה און וועלכעס קללה:
## צי חסידות, צי מתנגדות, צי השכלה?...

דעם חלום האָט מרדכי'לע דערצעהלט מיט אַ שרעקלי־
כער פֿעראַכטונג, אַלע מינוט נאָר ווי אויף צו ברעכען... און
שמואל'קעל האָט עס מיט דער זעלבער מינע אויסגעהערט, און
ביידע האָבען צום סוף אויסגעשפּיגען, גלייך די גרינע גאַל
קעהרט זיך זיי איבער... און האָבען מיט ווילד יראת־שמים
אויסגעשריגען „רחמנא יצילנו!" — היינט אַז איך האָב גוט גע־
קענט שמואל'קען, נאָך פֿון זיין יוגענד ביז ער איז אַלט גע־
וואָרען אַ יאָהר פֿינף און דרייסיג, פֿאַר אַ מתנגד, אַ למדן
מופלג בתורה, וואָס האָט שוין געהאַט צוויי קאָנסענסען אויף
רבנות, און מרדכי'לען — פֿאַר'ן ערשטען משכיל זיין גאַנצן לע־
בען, וועלכער האָט געקענט 4—5 שפּראַכען און האָט שוין
אַרויסגעגעבען אַ העברעאיש ווערק פֿון עפּעס זייערען אַ גרויסען
מענשען, איינער „גהעטע", איבערזעצט, וועלכעס זייער גאַנצע
השכלה־וועלט האָט געלויבט גאָר ביז אין זיבעטען הימעל, און
הויך לזה איז ער כמעט ביז 45 יאָהר געוועזען אַן אפּיקורוס,
וואָס האָט עובר געוועזען אויף כל התורה כולה, און האָט שוין
אַ קערבלעך צעהן טויזענד אויך פֿערמאָגט... און אָ די ביידע
חברה־לייט האָבען ערשט צוריק מיט אַ יאָהר 5—6
פּלוצים געוואָרפֿען מיט זייערע אַלטע דרכים, און האָבען עס
ממאס געוועזען ווי אַ נבלה... און זענען מיט אַמאָל געוואָרען
אַזעלכע הייסע חסידים, וואָס ס'איז ווייט צו זוכען צווישען דעם
רבי'נס ערשטע, אַלטע מקורבים! הכלל, חסידים מיט מסירת־
נפש פֿאַר'ן רבי'נס אַ פּאַנטאָפֿעל אַזוי, אַז איך האָב ניט איין

מאָל פֿון שמואל׳קלען נעהערט די ווערטער „אַ כפּרה ש״ס און פּוסקים פֿאַר׳ן רבי׳נס שיחות חולין...!״ און פֿון מרדכי׳לען די ווערטער „גלויבט מיר ביי מיין לעבען, אַז מענדעלזאָהנס מויל איז ניט ווערט צו זיין... ביים בעל־שם זצ״ל!...׳ היינט האָבען זיי דאָך גלייך מיט מיר געזעהען די גאַנצע חתונה אין קלויז מיט׳ן פּראָקוראָר, מיט׳ן פּראָטאָקאָל... אַ חוץ, וואָס זיי האָבעןביידע געוואוסט נאָך פֿון אַ סך סודות... גלייך מיט מיר, און פֿוילען דאָך שוין איבער׳ן רבי׳ן, קיילעכדיגע זעקס יאָהר אין אָסטראָג גלייך מיט מיר, כאָטש זיי זענען אַ סך וועניגער שולדיג פֿון מיר, און נאָך אַלעמען ווייזען זיי אַרויס אַזאַ ברענענדיג התלהבות צום רבי׳ן מיט׳ן חסידות ממש אויף מסירת־נפש... פֿרעג איך אייך, רבותים: אחרי כל אלה, וואָס האָב איך געהאַט צו דענקען וועגען דעם גאַנצען ענין חסידות, און וואָס האָט זיך געזאָלט איבערקאָכען ביי מיר אין האַרצען וועגען דעם...? פֿערשטעהט זיך, אַז איך האָב נאָך בעדאַרפֿט וויסען אַקוראַט, צי מיינען זיי עס טאַקע בלב תמים, צי מאַכען זיי נאָר פֿאַר מיר אַזוי דעם אָנשטעל מחמת איינס פֿאַר׳ס אַנדערע האָט מורא... און פֿאַר מיר אודאי!... וואָרעם זיי ווייסען דאָך מיר ביידע פֿאַר אַ געבוירענעם חסיד מבטן ועד היום הזה... און מיין ראָליע, וואָס איך האָב געשפּילט אין אָסטראָג מיט מיין שווייגען, האָט זיי נאָך, אדרבא, מעהר חשד נעגעבען אויף מורא האָבען פֿאַר מיר... ווייל זיי האָבען געקענט רעכענען, אַז מיין שווייגען איז נאָר אַ פֿאָרטעל זיי אויסצופּרובען... ובכן האָב איך מיך מישב געווען: סיי ווי סיי בין איך תקיף׳ער און בעגלויבטער פֿון זיי אינ׳ם ענין חסידות; כ׳לעבען פֿאָרט אַן אַלטער זעלנער!... לאָמיך מיט זיי מאַכען אַ האַלב אָפֿענעם שמועס וועגען חסידות און לאָמיך וויסען מיט וואָס שמעקען זיי...?

דאַכט זיך, אַז לגמרי מיך אָבגנאַרען וועט זיי נעוויס ניט געראָטען... און מיט דער מהשבה האָב איך צום ערשטען אַ זאָג געטוהן מרדכי׳לען, אַזוי מיט אַ מינע פֿון האַלב־ערענסט, האַלב־לצנות: — אפשר איז די גמרא גערעכט: „אין מראין לו לאדם בחלומו אלא הרהורי דליבא ביום״...? (עס חלום׳ט יעדען דאָס׳ וואָס ער טראַכט בייטאָג.) מרדכי׳לע האָט זיך ווילד בעליידיגט אויף מיר, און האָט מיר גענטפֿערט: „פֿע, איציקעל! איך האָב מיך פֿון דיר גאָר אַזאַ טפשות ניט געריכט.בנאמנות! מיר האָבען עם דאָך ערשט נעכטען געהערט פֿון דעם אפיקורוס׳ס טויט! און טאָמער האָב איך אפילו עפעס יאָ אַ טראַכט געטוהן פֿון איהם — האָב איך איהם דאָך אַליין געקענט, דעם טייערען צדיק אין פעליך... נו, וואָזשע קעהר זיך דאָס אָן מיט אַזאַ פּאַסקודנע גאַרישען חלום וועגען אַזאַ כלב שבכלבים, און וואָס פֿאַר אַ שייכות איז דאָס מיט׳ן אַלטען מגיד זכר צדיק לברכה...?״

— איך וויס...? האָב איך אַ קנייטש געטוהן מיט די פּלייצעס, אָהן אַ שום בעדייטונג... פֿערקעהרט, זאָג דו שמואל־קעל, וואָס הייסט דאָס?...

„איך מיין — זאָגט שמואל׳קעל — ס׳איז גאַנץ פשוט: ווייל מרדכי׳לע האָט געקענט דעם אפיקורס, איז קיין חדוש ניט, וואָס ער האָט אפשר אַ טראַכט געטוהן אין איהם אַ פּאָר מינוט און דער טראַכט האָט דאָך איהם אודאי דערמאָנט יענע יאָהרען, מיט יענעם דרך זיינעם, מיט די דעמאָלדיגע זינדיגע מחשבות זיינע... נו האָט זיך איהם געחלמ׳ט אַ דמיון פֿון די אַמאָליגע געדאַנקען... וואָזשע איז דערפֿון געדרונגען? — אַז מרדכי׳לע האָט אפשר נאָך נעכטען בהקיץ הלילה געהאַט אַזאַ מחשבה זרה?... הא? גענה שוין, גענה איציקעל! ביסט גאָר

מחילה אַ ווילדער טפּוש, אַ פּנים! מאָהל דיר, אַז איך אַ שטייגער זאָל היינט גראָד הערען, אַז ר׳ חיים וואָלאָזשינער איז געשטאָרבען און כּפי איך האָב איהם אַליין געקענט, וועל איך מן הסתם אַ טראַכט טוהן פון איהם נאָך יענער צייט, ווען איך האָב איהם געזעהען און מיט איהם גערעדט, און ווי אַזוי איך האָב דעמאָלט געדענקט אַרום איהם מיט׳ן ווילנער גאון — אַקעגען די גוטע יודען מיט׳ן חסידות... און אַז דאָס וועט זיך מיר חלום׳ען די נאַכט — וועט וואָס געדרונגען זיין דערפון? — אַז איך האַלט חלילה איצט ביי די טרפה׳נע געדאַנקען וואָס אַמאָל...? נו, וואָס פערשטעהסטו דאָ ניט, איציקעל?"

— איך ווייס — האָב איך, מיט גדלות, געזאָגט — אַז מיר וועט זיך, ווייל איך וועל לעבען, אודאי אַזוינס ניט חלומ׳ן! „חדושים, כ׳לעבען! — האָט שמואל׳קעל, ווי אין לצנות, אַ זאָג געטוהן — וואָזשע זאָל זיך דיר חלומ׳ן איציקעל? — אַ נעכטיגער טאג...? דו האָסט געקענט עפּעס איינעם פון יענע לייט? — און זאָלסט אפילו יאָ איימיצען קענען — האָסטו עפּעס אַ פּיצעל שייכות מיט איהם...? היינט וואָס זאָל זיך דיר חלומ׳ן פון אַזעלכע ענינים...?

— און געלויבט דער אייבערשטער, וואָס איך האָב זיי ניט געקענט און וויל זיי ניט קענען! — האָב איך שוין ווי איינמיסטען געזאָגט...

„אמת טאַקע — האָט זיך מרדכי׳לע אָנגערופען ווי קאָנפוזיט — אַ געבוירענער חסיד, ווי דו, איז אודאי גלייכער... פערגעס זשע אָבער ניט, איציקעל, וואָס די גמרא זאָגט „במקום שבעלי־תשובה עומדים..." (אין דערהויבער מדרגה, וואוהין אַ בעל־תשובה קומט — אַהין קען קיין געבוירענער צדיק ניט דערגרייכען.) לעת עתה זענען מיר ביידע שוין עומד־בנסיון

געווען... און דו, וואָס...? פֿונ'ם קלייזעל אינ'ם רבינ'ס קלויז אַריין!... אודאי ביסטו אַ בריה אַ יונג!..."

מיר „האָט דערווייל ווילד הגאה געטוהן, וואָס מיך האַלטען זיי ביידע געווים פֿאַר אַן אמת'ן חסיד, בלתי שום ספֿק אויף אַ האָר... און דערמיט האָב איך מיך בענוצט אַלײן מעהר אויפֿצוברעכען אַן אָפֿענעם שמועס מיט זיי מכּה אַרום און אַרום... און האָב דערווייל געמאַכט ווי אַן התחלה צום ענין:

— איך פֿערשטעה בכלל ניט, אין וואָס פֿאַר אַ נסיון זענט איהר דאָ אויסגעשטאַנען... וואָס איז דען דאָס גאַנצע מתנגדות מיט דער גאַנצער השכלה פֿאַר אַזאַ כשר'ע מציאה, מ'זאָל דאָס אָבזאָגען זיך דערפֿון אָנרופֿען „נסיון"?... איך האָב געמיינט דערמיט אַרויסרופֿען זייער אמביציע... און כך הוה:

„הער נאָר אויס, איציקעל — האָט זיך אָנגערופֿען שמואל־קעל, ווי אויפֿגעטראָגען — אודאי קען מען מיט קיין געבוירענעם טויבען ניט רעדען מכּה נגינה... נאָר דעריבער זאָל זיך דער טויבער איבערנעמען אַקעגען הערענדיגע, דערמיט, וואָס ער האָט קיינמאָל קיין קול־נקבה ניט געהערט, און זיי יאָ...? זאָלסט זיין אַ הערענדיגער ווי מיר, און זיך אָנהערען אַ צייט יאָהרען מיט דעם מתיקות פֿון אַ בערימטער פֿרויען שטימע ווי מיר — יעדער פֿון אונז אין זיין פֿאַך — וואָלסטו דעמאָלט ניט געפֿרעגט: וואָס איז פֿאַר אַזאַ נסיון, זיך ברצון־הטוב צו־שיידען דערפֿון?... אודאי איז פֿאַר'ן פֿערזוכען דעם עץ־הדעת זעהר גרינג צו זיין אַן ערליכער יוד!... אָבער נאָך דעם, איציקעל, ווי מיינסטו...?" אָט די משלים האָב איך טאַקע בעדאַרפֿט צום עסק, און בין באַלד אַרויס מיט זיי גאַנץ עפֿענטליך: — רעכענט איהר הייסט עס — זאָג איך זיי — יענע דרכים

אייערע פֿאַר עץ־הדעת, פֿאַר אַ דבר גדול?... מכי־תיתי!...

„ווי אַזוי מיר רעכענען אַצינד? איז דאָך קיין רעדע ניט, נאָר דעמאָלט זענען זיי געווים פֿעררעכענט געווען ביי אונז פֿאַר אַ דבר גדול!...״ האָבען זיי כמעט ביידע אין איינע ווערטער גענטפֿערט. — אַז ס'איז יאָ אַזוי — האָב איך זיי מיט אַן אמת הסיד'יש שמייכעלע און גוט ברודערשאַפֿט, געזאָגט — לאָמיר זשע טאַקע אַביסעל אַריינשמועסען טיפֿער אין דעם ענין אַריין!... כ'לעבען, מכי־תיתי איך וואָלט טאַקע אויך געוואָלט אַ שטיקעל תפיסה האבען אין דעם!—וואָס האָבען מיר זיך דאָ צו טשוואַניען איינס פֿאַר'ם אַנדערע ווי די ציגיינער? הכל יודעים, אַז מיר זענען ברוך השם אַלע דריי אמת'ע הייסע חסידים, געקאָוועטע יודען, און מיר ווערען שוין ניט אַראָבגע־פֿיהרט פֿון אַזאַ מין שמועס!... זאָגט זשע מיר ברידער, איך בעט אייך, וואָס זענען טאַקע באמת אַזיינס די פֿריהערדיגע צוויי שיטות אייערע, און ווי אַזוי געפֿינט איהר זיי אַצינד אַקעגען דעם דרך החסידות? ס'הייסט, איך מיין: צי האָט איהר זיי בכלל דערקענט פֿאַר שטותים, צי אפשר נאָר פֿאַר סטרא־אחרא, צי האָט איהר זיי געוואָרפֿען נאָר דערפֿאַר, ווייל איהר האָט דאָס חסידות געפֿונען בעסער פֿון יענע צוויי דרכים — אָבער פֿאַר זיך אַליין האָבען זיי עפּעס יאָ אַ ממש?...

איך וועל דאָ לאַנג ניט איינמידען מיט אונזער שמועס, וואָרעם ער האָט געדויערט אַן ערך פֿון גוטע דריי שעה אויפֿ'ן זיינער!—איך וועל אייך בעסער אין קורצען איבערגעבען דעם סך־הכל, וואָס איך האָב אַרויסגעפֿיה־ט פֿון זייערע ביידע דעות איבער דאָס ענין, וועט איהר שוין פֿערשטעהן וואָס צווישען אונז איז איבערגערעדט געוואָרען.

פֿון זייערע רעד בין איך אין זיי דעם דאָזיגען אמת דער־גאַנגען: אַז דאָס מתנגדות מיט דער השכלה פֿאַר זיך זענען זעהר גוטע צוויי שטות, מיט וועלכע מ׳קען: מיט דער ערש־טער זיין אַן ערליכער יוד און אַ פֿיינער מענש, און מיט דער צווייטער — אַן ערליכער מענש און אַ פֿיינער יוד... נאָר וואָס דען? די ביידע שטות זענען נאָר מסוגל פֿאַר קאַלטבלוטי־גע מענשען (מרדכי׳לע האָט עס אָנגערופֿען „פֿאַר קאָנסערוואַ־טען") ס׳הייסט מענשען, וואָס האַלטען זיך נאָר דעם דרך־הפשוט... און קוקען נאָר אויף דעם חיצוניות פֿון יעדער זאַך, אָהן אַ שום בערעכנונג וועגען דעם פנימיות. (פֿער־שטעהט זיך, אַז יעדער פֿון די ביידע שטות נאָך איהרע השנות נאָך...) למשל: דאָס מתנגדות הייסט דאַוועגען, לערנען, טוהן די תרי״ג מצות וכדומה איטליכעס אין זיין געוויסער צייט, בע־שטימט אָרט, אַ געוויסען שעור און אויף געוויסע אופנים — ניט אַנדערש! און די השכלה פטור׳ט כמעט פֿון אַלע מצות מעשיות און הייסט נאָר אַלעס טוהן על פי סאָוועסט, נאָר אויך אַליין היצוניות מיט געוויסע כללים און שעורים, נישט צו בערעכענען, אַז נאָכ׳ן פנימיות דאַרף מען דייקא די און די מצוה טוהן בפועל, און דאָס און דאָס ישרנות — דייקא ניט טוהן... בכלל הייסען די אָנהענגער פֿון די ביידע שטות „מצות אנשים מלמדים"... ס׳הייסט: נאָכגעהען דער מאַמעס סדור׳ל... קאַלט, פּוסט, געגויט — נאָר ערליך, ערענסט און ווי רופֿען זיי עס: אנשטענדיג... נאָר דער, וואָס האָט אין זיך התפעלות, התלהבות און—בכלל, אַ נשמה יתרה — דער איז באין אופן ניט מסוגל צו די ביידע שטות, ווייל אַזוינע מזג׳ן קענען זיך ראשית ניט פֿיהרען פּינקטליך, קענען ניט משעובד זיין צו אויסגעשטעל־טע כללים און תנאים; זיי ווייסען ניט דאָס וואָרט „סלוזשבאַ": 

זיי זענען נאָר ווי האָגען: אַז ס'טוהט זיי אַ בריה אונטער די פליגעל — קרעהען זיי... והשגית מוזען אַזעלכע מענשען שטענדיג נאָר לעבען מיט חברה, זיי זאָלען האָבען מיט וועמען צו טיילען זייער התפעלות און אויסלאָזען זייער ברען... דעריבער האָבען זיי ביידע געפונען דאָס חסידות פאַר'ן בעסטען דרך, ווייל — זאָגען זיי — חסידות בעשטעהט נאָר אין דעם ברען... זיי זענען ניט אויסען דערויף, וואָס דער דרך איז פאַר זיך זעלבסט, פערקעהרט, זיי געפינען דייקא, אַז דאָס חסידות פאַר זיך אַליין, איז אַ פוסטע מיהל, אַ דבר שאין בו ממש אַקעגען יענע צוויי שטות פאַר זיך זעלבסט...״ זיי געהט נאָר דערינען, וואָס דער דרך לאָזט דעם גייסט אַ פרייען וועג אין יודישקייט און דעריבער זענען די אָנהענגער דערפון שטענדיג פרעהליך, לעבעדיג און אויפגעלעגט, וועלכעס מאַכט אַ שטאַרק אחדות צווישען אַלע חברה־לייט, אזוי אַז איינס דאָס אַנדערע איז מעורר און ווערט נתעורר; מאַכט אַ פעולה און ווערט נתפעל, אַז כמעט אַלע פיהלען מיט איין האַרץ און אָטעמען מיט איין נשמה!... און דערפון קומט אַרויס דאָס העלפען און טרייסטען און שטיצען ביי די חסידים איינס דאָס אַנדערע מיט מסירות נפש, וועלכעס ביי יענע צוויי איז דאָס אַ זעלטענהייט, און דאָס זעלטענהייט איז אויך נאָר על פי דין, אָדער על פי יושר וואָרעם יענע זענען קאַלטע מלאכים, ספּראַוונע לאָקייען, ערענסטע סאָלדאַטען... אָהן אַ שום פונק, אַ ברען, אַ שטיקעל התפעלות, (די השכלה — זאָגט מרדכי'לע — האָט, אפילו יאָ אין זיך אַ שטיקעל התלהבות, אַ שטיינער, ביי לעזען אַ גוט בוך, שרייבען אַ גוטען שיר, וכדומה, נאָר אָבער אויך קורץ, אומעדיג און נאָר אין זיך...) און קענען זיך דעריבער בענעהען יעדער פאַר זיך, אָהן אַ פיצעל אחדות אויף

אַ האָר... בײַ אַ מתנגד און בײַ אַ משכּיל קענסטו ניט אַן אָנבײסען אָפּעסען, הײַנט װער שמועסט פֿון אַ געלעגער, פֿון אַ גמילות־חסד, פֿון אַ טובה בײַ אַ פֿרייד, ובפרט בײַ אַ לייד!... נאָכשיקלאַד בײַ די חסידים לאָזט זיך אײנס פֿאַר׳ס אַנדערע אַ פֿינגער אָבשנײַדען און בײַ יעדענס יחיד׳ס אַ נויט שטעהט דער גאַנצער כּלל צו הילף מיט ממון, דמים און מסירת־נפש!... כּללו של דבר, זײַ געפֿינען יענע בײַדע שטות טויטע, מיט אַלע זײַערע מעלות און מדות טובות... און דאָס חסידות לעבעדיג מיט אַלע זײַנע פֿעלער און שווינדעל!... זאָל זײַן וואָס ס׳וויל זיך — אָבער אַ „הי״ מיט אַ „ברען״ — מעהר דאַרף מען ניט!... הײַנט אַז איך האָב יענע בײַדע נאָר כּלל ניט פֿערזוכט — מעג איך דאָך אוודאי פֿערגעטערען דעם רבי׳ן מיט די חסידים! אַ יאָ?... און דאָך ווערנט מיך עפּעס אַ בײַן איז האַלז... דאָס אַלעס, וואָס מײַנע אויגען האָבען איבערגעזעהן בײַם רבי׳ן און בײַ די חסידים לאָזט מיך פֿאָרט ניט רוהען, און איך קען עס באַין אופן ניט פֿערדייען!... און אפשר איז דאָס אַלעס כּשר וישר, און דער רבי — אַ הימעל מענש, נאָר איך פֿערשטעה ניט די אמת׳ע כּונה, דעם ריכטיגען סוד פֿון אָ דעם דרך...? הכּלל, איך בין אין אַ שרעקליכען ספקות און איך ווייס ניט, אויף וואָס זיך צו ענטשליסען באופן, אַז איך וועל אפשר יאָ אַרויס פֿונ׳ם אָסטראָג?... ס׳הייסט פֿון יענע בײַדע דרכים רעדט מען דאָך ניט — וואָרעם איך קען דאָך ניט, ניט דאָס, ניט יענ׳ץ! — נאָר די שאלה איז: צי זאָל איך מיך דערמאָלט אַלײַן האַלטען אין מײַן אַלטען דרך, בײַ אַלע זײַנע חסרונות, צי זאָל איך עס װאַרפֿען מכּל וכל און לעבען פּראָסט אין ענויות

און דחקות — אבי יוצא זיין פֿאַר מיין נעוויסען...? און מיט אַ די טאָשענדיגע גערדאַנקען בין איך אנטשלאָפֿען געוואָרען אויף מיין נארע און ס׳האָבען זיך מיר גע׳חלומ׳ט צוויי חלומות אין איין חלום.

יט

## מיין ערשטער חלום:

די אַלטע, פעטע, גראָבע שפּין געדיכט קאַפּוט,
דאָס יונגע פליגעל בעקומט קוראַזש און מוט!

אין שלאָף דאַכט זיך מיר, אַז איך בין טויט קראַנק און האַלט שוין ביים עק, און פּלוצים שטעהט פאַר מיר דער מלאך־המות מיט די טויזענד אויגען, מיט אַ פלעשעלע סם אין איין האַנד און אין דער אַנדערער אַ שעכט־מעסער, און הייסט מיר מתודה זיין פאַר'ן טויט... עס האָבען זיך אָנגעהויבען פער־מישען די געדאַנקען אין קאָפּ, און איך קען באַין אופן ניט קומען אויף דעם ריכטיגען אמת: אויף וואָס האָב איך מתודה צו זיין? צי אויף די אַלע מעשים, וואָס איך האָב אָבגעטוהן אין מיין חסיד'ישען לעבען לכבוד דעם רבי'ן מיט'ן חסידות... צי דערויף, וואָס איך האָב אין דער לעצטער צייט אָנגעהויבען ספק'ן אינ'ם דרך החסידות און וואַרפען אַ חשד אויפ'ן רבי'ן אַליין... אין אַ דער מין מבוכה, אין אַ דעם פינסטערען בלבול מחשבות האָט זיך פערפּלאָנטערט אַזאַ מין מחשבה זרה: אפשר איז דער נאַנצער ענין־הבריאה נאַר פאַלש און אחיזת־עינים! אַז איך זעה דאָך, אַז אַ וועלט יודען פערגעטערען דעם רבי'ן מעהר ווי משה רבינו און זיינס אַ ווערטעלע שטעהט ביי זיי העכער פון תורת־משה... ווייל דער צדיק — זאָגען זיי — איז בחינת קודשא־בריך־הוא אַליין, און זיין וואָרט איז אַ תורה מן השמים... הייגט, אַז איך האָב אַזוי פיל יאָהרען כסדר אַליין געזעהן מיט מיינע אויגען און געהערט מיט מיינע אויע־רען אלפי אלפים ורבבות מעשים פונ'ם רבי'ן מיט די קינדער

פּונקט נגד התורה ונגד רצון הבורא־ברוך־הוא... מוז דאָך, אַ
פּנים, זיין איינס פון די צוויי: אָדער קודשא־בריך־הוא ואורייתא
מיינען טאַקע נאָר די אַלע מעשים אשר לא יעשו, וואָס דער
רבי מיט די חסידים טוהען אָב אויף דער וועלט... אָדער עס
איז גאָר חלילה לית דין ולית דין וכל איש הישר בעיניו
יעשה!..." און אין דער מחשבה־זרה האָט מיר דער מלאך
המות אַ שניט געטוהן איבער'ן האַלז און מיין נשמה איז מיר
פון'ם גוף אַרויס... איז געפלויגען, געפלויגען איבער כמאַרעס,
שטערען, גלגלים און מזלות, דורך אַלע זיבען הימלען, און
איז אַריין אין אַ זאַל, גרויס ווי די וועלט, און איז געבליבען
שטעהען דאָרט אין אַ ווינקעלע ווי קיינער, דאַכט זיך, זעהט
זי ניט... באַלד בעמערקט זי, ווי עס קלויבט זיך אַרום אַ טיש,
דאָס גאַנצע בית־דין של־מעלה, און דער וואָס זיצט אויבענאָן
טוהט אַ געשריי: „פיהרט אַריין דעם אַלטען רמאי, דעם צורר
ההשכלה, דעם גוזל אלמנות און יתומים, פערילהיין פון דראָ־
ביטשעוו, צום דין וחשבון!"... הערענדיג דעם גרויסען געאַכ־
פּערטען נאָמען פון דעם חסיד'ישען מיליאָנער, אַז מ'רופט
איהם צום משפט, בין איך נבהל ומשתומם געוואָרען! „סטייטש
לאָ די ער האַלט נעבעך, ווי מ'רעדט, ביי אַן אומגליק און
וועט חלילה, פון אַזאַ גדולה דאַרפען קומען אויף ככר לחם
— וואָשע וויל נאָך פון איהם דאָס בית־דין של מעלה האָ־
בען...?" נאָר אין דער מינוט איז אריין אין זאַל אַ שענער
יונגערמאַן, דייטשעריש געקליידעט, און דער משמש ביים טיש
האָט אויסגערופען: „ברוך הבא ר' שמחה־קצי הווי־אריץ!" און
נאָך דעם יונגענמאַן האָבען מלאכים נאָכגעטראָגען פעק ביכער
מיט וועקסלען, סשטשאָטעס און פּאַפּירען און איינער האָט אָנ־
דערגעלענט אויפ'ן טיש דעם ספר הזכרונות. — באַלד האָט 328

מען ארייגעפֿיהרט אונטער אַ קאָנאָוואי דעם היב, פּערילהיין, אַליין, לעבען איהם אַ בעטאָגטע חצופה בעהאָנגען אין נאָלד, ברילליאַנטען, סאַמעט און זייד... און אונטער איהר אַ פֿרוי בלוט־יוגענד, שעהן ווי דער מאָרגענשטערען, מיט הימעל־בלויע אויגען און גאָלדענע האָר, נאָר דאָס פּנים טרויעריג, אין די אויגען טרעהרען און די הלבשה איהרע אָרעם, איינפֿאַך — נאָר ציכטיג, זויבער און זעהר געשייט... און מ'זעהט, אַז זי איז דער רייכער חצופה'ס אַ פּאָקאָיאָווע... פֿון ווייטענס, אין אַ זייט, שטעהט אַן אַלטע, ערענסטע, בכבוד'ע זקנה, און מיט איהר צוחנפה'נען דער רייכער חצופה, ווייזט אויס, אַז זי איז איהרע אַ פּאַטאַטשקע פֿאַר'ן שטיקעל ברויט מיט אַ מלבוש... דאָס דייטשעל האָט אָנגעהויבען בלעטערען די ביכער, אונטערצייכע־נען די וועקסלען, און אַלין דערוויזען דעם בית־דין, אַז פּעריל־היין איז מעיקרא נאָך אַ רמאי, אַ שווינדלער און אַ באַנקראָט במזיד! אַלע האָבען דעם דייטשעל'ס עדות און ראיות פּאָווע־רייעט און זיך אין אַלעמען איבערציינט און פּערילהיין האָט זיך מודה געווען אויף אַלע זיינע אונטערשריפֿטען און בילאַנ־סען און דער ראש־בית־דין האָט אַ געשריי געטוהן: פּערילהיין איז אַ באַנקראָט בערמה וזדון לב און זיין פּסק, על פּי דינא מלכותא דארעא, איז ער זאָל זיצען תפוס עד יום מותו אינ'ם דראָביטשעווער בית האסורים! און דאָס וואָס איהם קומט פֿאַר זיינע שווערע חטאים נגד התורה און נגד היושר, מיט זיין גזלנ'ען אלמנות און יתומים, קהל'ש, חברה'ש און עולמית־געלטען; מיט זיין רודפ'ן עד להיים די השכלה מיט איהרע סופרים און משכילים; מיט זיין שטיצען, עהרען און שעצען דאָס חסידות מיט איהרע רעדעל־פֿיהרער, בכדי דורך זיי צו פֿערגרעסערען זיינע קרעדיטען און מחרים זיין אַלעס, וואָס שטעהט איהם

אין זיין פֿאַלשען מערדערישען וועג. און נאָך בלייבען ביי דער וועלט א פֿרומער, שענער, ערליכער יוד... און פֿאַר נאָך שווע־רע חטאים, עוונות ופשעים, וועלכע ער האָט מיט זיין זינדיגער האַנד אַליין פֿערשריבען אין אָ דעם ספר הזכרונות — פֿאַר דעם אַלעמען וועט מען איהם אין ניכען משפט'ן, נאָך זיין טויט, על פי דינא דרקיעא!..." פערילהיין, מיט זיין אכזריות און אבירת־לב, האָט נאָר אַראָבגעלאָזט דעם קאָפּ און פֿערכמורעט די ברעמען און די בעטאָנטע הצופה האָט אויסגעפּלאַצט מיט אַ היסטערישען קוויטש און איז געפֿאַלען חלשות... דאָס יונגע ווייבעל האָט מיט אַ הימעל־חנ'עוודיג, געשייטעס שמייכעלע, אויפֿגעהויבען פֿריי דעם קאָפּ... און די בכבוד'ע זקנה האָט אַ פֿרייען אָטעם געטוהן, ווי נאָך אַראָבוואַרפֿען פֿון זיך אַ שווערע משא... דאָס יונגע דייטשעל, הויזאריק, איז צוגע־גאַנגען צום יונגען ווייבעלע, האָט איהר געגעבען די האַנד און האט זי בעגריסט מיט די הערצליכע ווערטער אין גראַם:

„ווילקאָמען, ליבע פֿ־וי השכלה!
יעצט נעם זיך רייניגען דעם יודישען שמוץ;
דיין פֿערפֿאָלגער האָט זיין מפּלה,
מיט מיטעל, נעם איך דיך דערוויל, אין מיין שוץ!
זעה, דיין ווירטהין, דאָס פֿרעכע חסידות
חלוש'ט, געהט אונטער גלייך מיט איהרען פּאַטראָן!
דאָס פּראָפֿעצייעט דיר גרויסע עתידות:
ניך וועלען אויך יודען קניען פֿאַר דיין טראָהן!..."

„וואַרט, הויזאריק! — האָט אַ געשריי געטוהן דער ראש־בית־דין — דאָ שטעהט עפּעס עלטערס פֿון דער יונגער ה ש כ ל ה, וועלכע האָט — הגם ניט אַזוי געליטען ווי זי —

אויך נעמוזט בוינגען איהר גרויען קאָפּ פֿאַר אָ דער פֿערשייטער ח ס י ד ו ת, נאָכשטופּען איהר די קאַרעטע מיט חנופה און בטלות... דאָ שטעהט פֿאַר אונז די אַלטע ר ב נ ו ת וועלכעס די פֿערשייטע פֿרוי רופט היינט אָן מיט'ן נאָמען „מתנגדות"... און מיר שווייגען! זיי זשע ניט קיין דוחק את השעה!... מיר שווייגען דערפֿאַר, ווייל זי אַליין האָט נאָך ביז אַצינד ניט פּראָטעסטירט עפֿענטליך געגען דעם חסידות, אַזוי ווי די ענער־גישע השכלה... און דאָס נעמט זיך דערפֿאַר, וואָס זי האָט נעבעך ניט איהרע פֿאָרשטעהר אויפ'ן עולם השפל; „התורה מונחת בקרן זוית" (די תורה איז נעבעך פֿערשטופּט אין אַ ווינקעלע). זייט איהר פֿאָרשטעהער — הגאון ר' אליהו ווילנער — איז נפטר געוואָרען, איז זי נעבעך כצאן בלא רועה, און מוז זיך לאָזען פֿיהרען פֿון די חסיד'ישע רביים, וואָס זענען מקים ומעביר רבנים, דינים, שוחטים און כלי קודש, נאָך זייער פֿאַלשער כונה נאָך... נאָר טאַקע דערפֿאַר ווידער, וואָס די זקנה איז זיך אַזוי משפּיל נעגען דעם חסידות, און זוכט זיך גאָר קיינע מיטעל ניט, צום בעפֿרייען, כאָטשע זי זעהט דאָך פֿאַר זיך אַ נוטען ביישפּיל אין דער השכלה... מוז נאָך מעכב ווערען די גאולה שלמה אויף אַ צייט!... יבוא היום, כי קרוב הוא, ווען דאָס בית־דין־של־מעלה וועט צוטרעטען צום משפּט, ווענען דעות ואמונות פֿון דיזע דריי שטות, בכלל, בזמן הזה... לויט נאָך די כונות פֿון זייערע לעצטע דריי מיסדים: מענדעל־זאָהן, הגאון והבעל־שם. ערשט דעמאָלט וועט דער עולם השפל דערוויסען מה לקרב ומה לרחק...?

לעת עתה זענען מיר מודיע דעם עולם־השפל, אַז פֿון היינט אָן שוועכען מיר די מאַכט מיט'ן הוצפות פֿונ'ם חסידות, ווייל זי איז שוין גאָר פֿון די האָלאָבליעס ארויס!... אָבער ווע־

גען דער עקזיסטענץ און ממשלה פֿון די זע דריי שטות איז ניט די רעכטע צייט געקומען !... געגוג דערוויל, וואָס מיר האָבען דער חצופה פֿערמאַכט דאָס גרויסע מויל ! און צוגענומען ביי איהר איהרען געפֿעהרליכען פּאַטראָן, פּערילהיין, הרמאי ! — דאָס איז שוין אן אתחלתא דגאולה!...„ אויף די ווערטער האָבען די מלאכים געזונגען דאָס ליעד :

דאָס הוצפּות און דעמפּאָט
פֿון הסידות — פֿאַלש קאַפּיטאַל
האָט שוין דער ליבער גאָט
פֿערטראַכט מכל וכל !...

ציגר נאָך דער מפּלה
בעקומט שוין אויך מגידות
די תורה און השכלה
גלייך מיט דעם הסידות !...

איהר קענט שוין אייער פֿאָהן,
מתנגדים און משכילים,
אויך שטעלען אויבענאָן,
אָהן מורא פֿאַר בלבולים !...

אין פֿראָנט שטעלט אייער פֿאָלק —
ס'איז יעצט דער שעת הכושר —
און אַרבייט פֿאַר דעם פֿאָלק !
דערהויפּט נאָר : א מ ת, י ו ש ר !...

נעמט טינט, פֿעדער, פּאַפּיר
נוצליכע ספרים דרוקט !

ווי ווייט מעגליך פריהער
צווישען פאָלק צושיקט!...

און אום, ליבע קינדער,
ניט צו פירכטען פאַר קיינעם —
אַרבייט נישט בעזונדער...
האַלט אייך גאָר אינאיינעם!...

דאָס חסידות אויך ניט ווייבען;
מאַכט זי נישט אַוועק!
זי נוצט צום ערדייכען
דעם אמת ריכטיגען צוועק!...

זעהענדיג די גאַנצע קאַרטינע, און הערענדיג דאָס דאָזי־
גע ליד, בין איך גאָר ווי עפעס פערשכור׳ט געוואָרען, און בין
טאַקע אין חלום, ווייטער אַנטשלאָפען געוואָרען, און איך ווייס
ניט אין וויפיל צייט אַרום?—האָט זיך מיר שוין פאָרגעשטעלט
אין חלום גאָר אַ נייע קאַרטינע.

כ

## מיין צווייטער חלום:

### די גאַנצע צרה און אומגליק איז נאָר דאָס,
### וואָס בײַ יודען איז קיין זאַך ניט אין דער מאָס!

שטעלט זיך מיר פאָר, אַז איך מיט מיינע צוויי טיש גבאים שטעהן מיר ערגעץ אין אַ מדבר, אונטער אַ הויכען, שפּיציגען באַרג און העט אויבען, אויפ'ן שפּיץ זעהען מיר, ווי אַ טאָוועל צוגעשלאָגען צו אַ הויכען סטאָלב, און אויף דעם טאָוועל ברענען פייערדיגע אותיות די ווערטער: „החיים והמות ובחרת בחיים"... מיר האָבען זיך אַלע דריי, שטווי־נענדיג, אָנגעקוקט איינס דאָס אַנדערע, און געבליבען שטעהען אין אַ שרעקליכער מבוכה... אין איינינע מינוט שפּעטער האָב איך זיי אויסדערצעהלט מיין ערשטען חלום; אַלע האָבען מיר געצווינגען מיט די אַקסלען, געקנייטשט מיט די שטערענס, און עפּעס ווי געשעהמט זיך איינער פאַר'ן אַנדערען, און טאַקע אין חלום, דאַכט זיך, טראַכט איך מיר אַזוי: אַ אַ, אַצינד האָ־בען זיי זיך ביידע אַליין אויסגעגעבען פאַר מיר!... זיי ספק'ען גלייך מיט מיר אין דעם גאַנצען ענין, און ווייסען אויך ניט, אויף וואָס זיך צו בעשליסען...? און אַזוי ווי מיר שטעהען אַזוי פערטיפט—פלוצים ווי עס האָט זיך אונטער אונז געעפענט די ערד, און מיר זינקען אַלץ טיפער, טיפער... און מיר זענען געבליבען שטעהען אין אַ שרעקליכען פינסטערען תהום, וועל־כעס אין חלום טאַקי, האָט זיך מיר נאָר געדאַכט, אַז דאָס איז אודאי דער שאול תחתיה!... און ווי מיר שטעהען אַזוי אין איין פלאָטערניש — שיסט פלוצים אויס אַ ווילד געלעכטער פון אפשר

ששים רבוא מיילער, אַז ס'האָט ממש פֿערהילכט אַלע וועל־טען — און ווי מיר קוקען זיך אום, זעהען מיר: דאָס איז אַ מחנה מלאכי חבלה, שדים און רוהות, אַלע טייטען אויף אונז מיט די פינגער: „אָט זענען זיי די דריי חברה לייט, וואָס צוויי האָבען צו דער עלטער אויסגעביטען אַ שמאַטע אויף אַ שמאַטע... און איינער איז, פֿון ספק, גאָר געשטאָרבען אָהן ודוי כמעט אַ כופר בעיקר!"... מיר האָבען געמיינט: אָט ווערט פֿון אונז אַ תל און פראַך, נאָר אין מיטען דעם ליאַרעם הערט זיך עפּעס אַ מין פֿאָכען מיט פֿליגעל; די מחנה האָט זיך אָנגעהויבען שושקען צווישען זיך: „אַ אַ! ער פֿליהט שוין, דער מלאך מיכאל אַהער, מלמד זכות צו זיין אויף די צוויי האָ־לעפּוזניקעס אויך" — און די רגע איז דער גאַנצער תהום בע־לייכטעט געוואָרען ווי מיט אַכצען תמוז'דיגע זונען, און מיכאל מיט זיינע זעקס גאָלד־פֿייערדיגע פֿליגעל האָט זיך אַזוי טרייסטליך־זיס און ליב, אַראָבגעלאָזט איבער אונז דריי ווי די שטילע, ווייסע טויב איבער איהר טייבעל־נעסט, און האָט מיט אַ זיס, האָניג־גיסענדיגער שטימע, וואָס האָט געקוואָלען, ווי אַ פֿריש קיהלער וואַסער קוואַל אין אַ רויזען־גאָרטען, און געצווינ־גען די נשמה עפּעס אַהין, אַהין... אין אַ אייביגער, זיסער, שטי־לער מנוחה תחת כנפי השכינה... אויסגערופֿען: „שטיל! לאַכט ניט, ליאַרעמט ניט! די דריי פערזאָן לעבען נאָך און זענען נאָך אונטער זייער איינענער בחירה, האָבען מיר נאָך גאָר ניט דאָס רעכט זיי צו משפּט'ן!... איהר זעהט דאָך, ווי זיי האַל־טען נעבעך אַליין אין אַזאַ שרעקליכער פֿערצווייפֿלונג!... קע־נען מיר נאָך גוזר ניט וויסען, מיט וואָס זיי וועלען ענדיגען זייער לעבען...! מיר זענען מלאכים, און דאָך ווייסען מיר ניט, וועמענס מאָרגען פֿון אונז איז?... „הן בקדושיו לא יאמין

ובמלאכיו ישים תהלה!" ובפרט מענשען!... דערוויל זעהען מיר אז זיי זוכען געבעך דעם וועג — נאָר מיר האָבען דאָס רעכט ניט, זיי אָנצוווייזען אויף איהם כל זמן זיי לעבען אין זייער בחירה, און הלואי וואָלטען זיי זיך געקענט בעגו־צען מיט זייער בחירה פון זייער קינדהייט אָן — וואָלטען זיי שוין אפשר לאַנג געווען אויף אַ וועג... דאָס אומגליק איז אָבער, וואָס פוילישע יודען טויטען די פרייע בחירה אין זייע־רע קינדער מיום הולדם ביז זיי ווערען אַליין טאַטעס פון קינ־דער — און דערנאָך, אַז זיי בעקומען זי שוין, איז זי שוין אָב־געשוואַכט, פערשטומפיקט און אומפּראַקטיש; און דערצו נאָך די דאגות־פרנסה, דער שוואַכער גוף פון אַ געמוטשעט לעבען און אַנדערע צרות — ווייסען זיי שוין געבעך ניט, ווי זיך צו בענוצען מיט איהר, און קאַניוטשען אָב אַ לעבען אין חרטה, ספקות, פערצווייפלונג, כעס און מכאובים!... נו, קען מען זיי בעשולדיגען אין זייער איצטיגער לאַגע?... ווידער די פּע־טער זייערע זענען אויך ניט שולדיג דערינען, ווייל זיי האָבען ערצויגען די קינדער אויף דעם זעלבען אופן, וואָס זייערע עלטערען האָבען זיי ערצויגען, יעדער נאָך דער אַלטער שטה, נאָך דעם אויסגעריבענעם דרך, וואָס זיי האָבען פון אבות אבותיהם, ביז די ערשטע מיסדים פון די שטות, און וואָלטען די ערשטע דורות, וואָס נאָך יענע מיסדים, געווען ריכטיג פערשטאַנען די פּרינציפּען, וואָס די מיסדים האָבען געמיינט ביים גרינדען זייערע שטות, און אויף וועלכע די שטות זענען געגרינדעט — וואָלטען די יעצטיגע דורות, בפרט דער היינטיגער דור, געווים ניט געקומען צו דער וויסטער לאַגע, וואָס די דריי דאָ, און טויזענדער נאָך

336 אַזעלכע ווי זיי דאָרט, אינ'ם עולם השפל; וואָרעם יעדער מיסד

פון אַ נייע שטה, האָט געוויס גוט געמיינט און גוט אויסגעאַרבייט זיין פּלאַן, צום נוצען און גליק פון זיין פאָלק — געוועהנליך מיין איך די אָרענטליכע מענשען און הייסע יודישע פּאַטריאָטען מיט לייב און זעלע, ניט קיין שווינדלער און אַפּעריסטען חלילה — און ווען די נאָכקאָמען, נאָך יעדען מיסד, זאָלען טאַקע נאָכפאָלגען זיינע פּרינציפּען און כונה, וואָס ער האָט געמיינט מיט זיין שטה, און אדרבא די פּרינציפּען נאָך מעהר ענטוויקלען און פערפאָלקאָמען נאָך דער צייט פון יעדען שפּעטערען דור — וואָלטען, יעדער כת, געוויס גליקליך געוועזען בגשמיות און ברוהניות, און מיט דער צייט וואָלטען זיך נאָך די אַלע פערשידענע שטות נאָר אויסגעאַרבייט אין אַן אַלגעמיינער שטה, אַלס איינע פאָלקאָמענע לעהרע אינ'ם גייסטיגען לעבען, על פּי התורה־והחיים, הדעת והדת, פאַר אַלע יודען!... צום ביישפּיל לאָמיר טאַקע נעמען אט כאָטש אָ די דריי שטות פון די דריי מענשען: דאָס מתנגדות, השכלה און חסידות!

ג. די דריי מיסדים פון די דריי שטות דער ווילנער גאון, ר' משה מענדעלזאָהן און דער בעל שם, זענען געוויס אַלע דריי געוועזען פיינע אָרענטליכע מענשען און אמת'ע יודישע פּאַטריאָטען, און יעדער האָט זיין שטה געוויס געגרינדעט אויף פעסטע, גוטע פּרינציפּען, לטובת כלל־ישראל אויף דור דורות—דער בעל שם איז חלילה קיין שווינדלער, קיין שווערמער געוועזען, ווי אַ סך מיינען, חס ושלום! זיין שטת־החסידות איז בדורו געוועזען אַ נויטיגע, נוצליכע רעפאָרמע אינ'ם רעליגיעזען לעבען, אַקעגען דעם קאַלטען שטרענגען ראַבביניזמוס מקדמות דנא ביז אין זיין צייט, וועלכעס ס'האָט שוין געהאַט געבראַכט די גאָטעס־דינסט מיט אַלע

מצוות דאוריתא ודרבנן אין אזא מדרגה „מצות אנשים מלומדה", אז דער יוד האט שוין גאר להלוטין ניט געפיהלט אין זיי קיין שום טעם וריח, קיין שום אינערליכע כוונה און תכלית!... ער האט נאר געטוהן די זאך ווי אן אווטאמאט אלס התחיבות, ווי דער סאלדאט — סלוזשבא (זעהט מיין מאמר: „מענדעלזאהן און דער בעל שם" אין מיין חבור „כל־בו־ניק") אודאי האט דאס דער בעל שם פערכאפט מיט זיין נייער שטה „החסידות", וואס דער תכלית המכון זיינער איז געווען: „עבודה מאהבה", ס'הייסט, טוהן די זאך אוים אייגענעם ווילען און פיהלען דעם הויכען ערהאבענעם זין פון דער מצוה מיט איהרע ווירקליכע נוצען אינ'ם לעבען, ס'הייסט: זיין אין דער עבודת־הבורא א פרייוויליגער סאלדאט — אודאי די דריי מיסדים זאלען זיך בעסער געווען צוזאמענגעמען אינאיינעם, און אינאיינעם אויסארבייטען א רעפארמע פאר דעם יודיש רעליגיעזען און גייסטיגען לעבען, יעדער נאך זיינע מיינונגען און פרינציפען — וואלטען זיי געווים געווען געגרינדעט איינע אלגעמיינע, פאלקאמענע שטה אויף דור דורות, און עס וואלט גאר פערשפארט שאפען סעקטען אונטער יודען... נישמעהר אפילו אזוי — יעדע שטה פאר זיך — איז הלואי וואלטמען זי, נאך זיי געוועזן פינקטליך נאכגעפאלגט אין זייער ערשטען זינן, וואלט אויך דאס יודענטום גליקזעליג געווען, עד היום און ווייטער! — דאס אומגליק איז אבער וואס די נאכקאמען, נאך יענע דריי מיסדים, זענען טאקע באלד, און וואס ווייטער ערגער, אראפ פונ'ם ערשטען תכלית־המכון, א סך אויס אונוויסענהייט, א סך אוים אייגענעם אינטערעס און שווינדעל; אזוי לאנג, אזוי ברייט, ביז די אלע דריי שטות זענען לחלוטין אראפ פון די אלטע קא־

ליעס, און זענען גאָרניט ענליך געוואָרען אויף יענע, אפילו מיט אַ רמז דרמיזא! לאָזען יעצט די דריי מיסדים אינמיסטען אַ קוק טוהן אָט אויף אָ די דריי עקזעמפלאַרען — וועלען זיי געווים ניט דערקענען אין זיי אפילו אַ ניצוץ דערפון, וואָס זיי האָבען געמיינט און בעהויפּטעט!... הײנט ווי קען מען זיי אין עטוואָס בעשולדיגען? אדרבא! זיי האָבען נאָך גאָר ניש־קשה געהאַנדעלט געגען צעהנער טויזענדער פוילישע יודען, וואָס בלייבען אייביג פֿערפֿאַלען אין זייער איינגעוואוינטען שמוץ;... און די האָבען זיך כאָטש געבאָרעט מיט איינענער בחירה אקע־גען זייער פֿערדאָרבענער ערציהונג: דער עלטערער פֿון די דריי נאָכ'ן אָנזינדיגען זיך איבערען מויל אין זיין פֿערגרייזטער שטה, וועלכע איז שוין אין זיין צייט לחלוטין ארוים מחוץ לגדר, וואָס קיין זכר פֿון „השכלה" איז שוין אין איהר ניט געווען צו דערקענען... האָט ער זיך אַ כאַפּ געטוהן אין זיין פֿעהלער און האָט אָנגעהויבען זוכען עפּעס אַ בעסער מזון־הנפש אין זיין גייסטיגען לעבען, און כפי אינ'ם לחלוטין פֿ ע ר ש ל אָ־ ס ע נ ע ם שטייגעל אַריין — אינ'ם רבניזמוס, אין די ענגע, דוש־נע ד' אמות של הלכה — קען שוין אַזוינער געווים ניט ווע־לען אַריינפֿליהען... איז ער אַריינגעפֿלויגען אין אַ שטייגעל כאָטש מיט ווינטעלאַטערס, טירעלעך און פֿענסטערלעך — דאָס לופֿטיגע חסידות. — דער צווייטער, וואָס האָט זיך געגוג אָנגע־ליטען אין זיין פֿערגרייזטער שטה, טראָגענדיג אויף זיך אַ משא פֿון תרי"ג מאָל תרי"ג חומרות, גזרות, תקנות, סיגים און מנהגים... און אַלעם אַווטאָמאַטיש און אונטער'ן שטרענגסטען דעספּאָטיזם... האָט זיך געבעך אויך בעציטענס אַרומגעקוקט, און אָנגעהויבען, מיט פֿרייער בחירה, צו זוכען עפּעס אַ פֿרישע זערגע צום ערנעהרען זיין דורשטיגען גייסט, און כפּי אין אַזאַ

לחלוטין אפענער שטייג — די פערגרייזטע השכלה אין פריקת־עול לגמרי — וועט אזא פויגעל נעווים ניט אריינפליה־ען... ווארעם אויסשפאנען זיך פון עול תורה ומצות מיינט ער גארניט... איז ער אויך אריינגעפלויגען אינ׳ם חסידות — כאטש א האלב־צוגעמאכט שטייגעל... נו און דער יונגסטער פון א די דריי, ווייקענדיג זיין גאנצע יוגענד אין זיין פערגרייזטער שטת־החסידות, און דערזעהענדיג דאך די מעשים אשר לא יעשו וואס אין דעם מין שטייגעל געהט פאר... האט ער זיך אויך א כאפ געטוהן אויס איינגע געוויסענביסע, און גארט ערגעץ איבערצופליהען אין א פיינער שטייגעל... ער איז אבער, ראשית, אומגליקליבער פון זיינע חברים: זיי האבען געהאט מיט עפעס צו פליהען און מיט עפעס צו קומען אין א נייער דירה: דער ערשטער בעזיצט שפראכען, וויסענשאפט און דרך ארץ; דער צווייטער בעזיצט ש״ס ופוסקים און עול מלכות שמים — ער נעבעך איז א כלי ריק מכל וכל: לערנען אויפ׳ן שפיץ מעסער, יראת שמים אויף א שמעק טאבאק און דרך ארץ אביסעל מעהר פון א ווילדער חיה... נו, וואוהין זאל ער אריינפליהען...? והשנית, הערט ער דאך שוין פון זיינע חברים, אז יענע צווי שטות טויגען אויך אויף כפרות... היינט וואס קומט איהם צו טוהן אין אזא קריטישער, וויסטער לאגע, ביי אזא פינסטערער ערציהונג ווי זיינע, ביי אזא נידעריגען מצב המוסרי והשכלי, ביי אזוינע אויסגעמארכעוועטע ביינער אין אזא עניות, דחקות און שפלות — אז ניט אריינפאלען אין יאוש און פערלירען בטחון און אמונה אין אלעס...?

אט זעהט איהר, די עלטערע צוויי זענען זיך נאך אימ־שטאנד ארויסצודרייסען פון זייער נייעם טעות, פון דעם פאל־שען חסידות און זיך נאך עפעס אויסארבייטען א מין דרך־

הממוצע צווישען די אַלע דריי שטות, ווייל זיי האָבען עפּעס מאַטעריאַל מיט וואָס צו אַרבייטען; און אויב זיי וועלען ביז אין זייער טויט, ניט קומען אויף אַ דרך־הישר — זיי קענען מיר אפשר יאָ בעשולדיגען נאָכ'ן טויט — אי דאָס איז אויף זיי אויך, די ערציהונג זייערע, אַ גענוגער למוד זכות אויף אַלעם... דער יונגערמאַן אָבער קען אפילו נאָכ'ן טויט אין גאָר ניט בעשול־דיגט ווערען! זיין בחירה האָט מען שוין לאַנג געטויט אין איהם און געטויט אויף אייביג!... איך זאָג אייך בפירוש. פאַר־אויס, אַז ער און נאָך טויזענדער אַזעלכע „פּוילישע יונגעלעך" ווי ער, וועלען שוין אַזוי אָבקאַניוטשען זייער קויטיג שטיקעל וועלט און וועלען אַלע שטאַרבען אָהן ודוי... און איך וועל זיי מיט אַלע מיינע מעגליכקייטען פערטיידיגען נאָכ'ן טויט און זיך אויסטאַרען פאַר זיי אַ ווינקעלע אין גן עדן וואו אַ קאָפּ אָנ־צושפּאַרען!... יאָ, זייער וויסטע פאַנאַטישע ערציהונג, איז אַ גענוגע כפרה אויף זייערע נאַרישע מעשים, און זייער בידעווען אין דלות, שפלות, קרענק, יסורים און כל ענוים קשים, איז אַ גענוג אָבקומעניש אויף זייער פוסטע, זינדיג לעבען!... פאַר איין זאַך וועל איך איהם אַליין מחייב זיין איבער הונדערט יאָהר, אויב ער וועט זיינע קינדער מגדל זיין אויף זיין דרך!... איי ער ווייסט ניט און קען ניט אויספיהרען קיין אַנדער דרך? — לאָז ער זיך מיט זיי פערלאָזען אויף אָרענטלעכע מענשען, אָדער לאָזען זיי זיך אַליין געהן זייער וועג... אַבי ניט די פינסטער, וויסטע ערציהונג, פון די „פּוילישע יונגלעך"!..."

ביי די רעד האָב איך מיך אויפגעכאַפּט אין איינע אַנג־סטען און ווי איך מיט מיינע צוויי חברים האָבען נאָר די אויגען געעפענט, האָבען מיר דערזעהען פאַר זיך דעם סמאָטריי־טעל פונ'ם אַסטראָג מיט אַ פּאַפּיר אין דער האַנד, און האָט

אונז אָביאַוועט, אַז מיר זענען בעפרייט! — און דאָס פּאַפּיר איז געווען א קייזערליכער מאַניפעסט אויף טויזענדער אַרעסטאַנ־טען... און דאָך האָט מרדכי׳לע זיך גאָר אַוועקגעלעגט צו בע־וויזען אין דעם רבי׳נס אַ מופת... שמואל׳קעל האָט צו־געשאָקעלט מיט אַ באָם... און איך האָב געצויגען מיט די פּלייצעס...

אַזוי ווי די מקאַמשילנע, אַזוי איז דאָס וועבען,
אַזוי ווי די ערציהונג, אַזוי איז דאָס לעבען!

קומענדיג נאָך זעקס יאָהר אָסטראָג, אויף דער ליכטיגער וועלט, בין איך גאָר ווי פערשכור'ט געוואָרען, און האָב זיך השבון ניט געקענט אָבגעבען וועגען מיין לאַגע... ובפרט נאָך די ערשטע פאָר טאָג, אין וועלכע די וציוניר סירקעווער חסידים האָבען דאָ געהאט אַזאַ גילדענע געלעגענהייט צו כאַפּען אַ בי־סעל משקה לכבוד דעם נייעם רבי'נס מופת... און טאַקע פשוט, וואָס מ'האָט זיך נאָך אַזאַ לאַנגער צייט, ווידער דער־זעהן מיט דריי אַלטע הברה־לייט, גוטע ברידער, הכלל מ'האָט געמאכט קערמערשלעך מיט נגונים און מיט ריקוד'לעך אַזוי אַז איך בין פערטאַראַראַמעט געווען פון אַלע זייטען, ביז די גאַראַטשקע איז אַביסעל איבערגעגאַנגען און אויפ'ן דריטען פערטען טאָג האָב איך מיך ערשט אַרומגעקוקט אויף מיין לעבען דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבען... אַ מענש אַריבער שלשים, אויסגעדאַרט, אויסגעמאַרכעוועט, אָהן אַ טראָפּען בלוט, אָהן אַ גאַנץביינדעל, אָהן אַ ווינקעל וואו אַ קאָפּ אנידערלעגען, אָהן אַ מראה מקום אויף אַ טרוקען שטיקעל ברויט — אַ חוץ אפשר דאָס מעמדות קלויבען, וועלכעס ס'וואָלט מיר ליבער געווען דער טויט... אָהן אַ שום מיטעל צום פערדינען אַ שטי־קעל ברויט! ווייב און קינדער מוטשען זיך ערגעץ אויפ'ן טויט, און דאָ טאַטשעט נאָך דאָס געוויסען... און דאָס ספקות מאַכט מיר אַ טשעכאָטקע! עס פלאָנטען זיך אין קאָפּ מיינע חסיד'ישע מעשים, דעם רבי'נס כלא ידע... מרדכי'לעס חלום, פערילהיינ'ס מפלה, דאָס מלאכים־ליעד און

דעם מלאך מיכאל׳ס נבואה וועגן מיין עתיד... און, ועל כלם, ס׳איז שוין טאַקע ניטאָ קיין שטיקעל ברויט!... גוואַלד! — האָב איך מיר מיט ביידע הענד אַ קלאַפּ געטוהן אין קאָפּ אַריין, און האָב זיך, דאָס ערשטע מאָל אין מיין יונגער־מאַן לעבען, זעהר ביטער צעוויינט — גוואַלד, וואָס בין איך? ווער בין איך? וועמעגס בין איך? וואָס, ווער איז מיינס...? וואָס טויג איך בגשמיות און וואָס בין איך ברוחניות?!... איך בין אַזוי אַ פּאָר שעה אָבגעזעסען כמעט ווי פֿערשטיינערט און טייכען טרעהרען האָבען זיך געגאָסען פֿון מיינע אויגען ביז איך האָב ענדליך אויסגעשרינען אין אַ ווילד פֿערצווייפֿלונג: גערעכט דער מלאך מיכאל!... איך בין אַ פֿערפֿאַלענער אויף אייביג! איך האָב מיך ניט מיט וואָס צו באַרען און קען מיך ניט באַ־רען!... געשטאָרבען מיין בחירה מיט מיין ערשטע מינוט לע־בען און איך מוז בלייבען ביז אין טויט דאָס, וואָס דער טאַ־טע האָט געמאַכט פֿון מיר, וואָס די יודישע ערציהונג האָט געמאַכט פֿון אונז אַלע!... און באַלד איז געבליבען ביי מיר אַ הסכם, אַז איך זאָל מיך, לפנים, האַלטען אינ׳ם חסידות ביז ס׳וועט זיך האַלטען... פֿיל־ווענינ האָב איך שוין אַ שטיקעל ברויט, אַביסעל בראָנפֿען און אַ קבוץ חסידים, מיט וועמען איך קען כאָטש אַ וואָרט אויסרעדען... און אַזוי בין איך דאָך גאָר עלענד ווי אַ שטיין: פֿאַר מתנגדים אַן עם הארץ, פֿאַר משכילים אַ פּרא־אדם, פֿאַר בעלי־בתים אַ פּוסטעפּאַסניק און פֿאַר׳ן המון העם — אַן אסטראָזשניק... דאַרף איך דאָך מיר נאָר בעגראָבען לעבעדיגערהייד!...ובכן בלייב איך ביים אַלטען דרך! ס׳הייסט: ניט איך בלייב — נאָר איך קען מיך ניט אַרויסרייסען פֿון איהם... איך האָב ניט וואוהין? סיידען אַ שטיין אויפ׳ן האַלז און אין וואַסער אַריין!... איך בלייב צווישען די חסידים,

נאָר ניט ביים חסידות און ניט קיין חסיד... דאָס איין און איינ־ציגע שטיקעל געווער מיינס איז געבליבען „שווייגען"...

אַז ווידער לעבען פון מעמדות־קלויבען — מוז מען דאָך האָבען דעם רבי׳נס הסכמה דערויף! — און אויף מאָרגען בין איך מיט מיינע צוויי טיש־גבאים אַוועקגעפאָהרען צום רבי׳ן אויף שבת. (גע׳חלומ׳ט האָט זיך מיר נאָך, איבער׳ן הונדערטען פאַל, אולי טאָמער וועט מיר דער רבי כאָטש עפּעס אָבגעבען פון מיינע דריי טויזענד קערבלעך, וואָס איך האָב מיר אָנגע־קליבען ביי איהם?...) דער רבי האָט אונז אַלע דריי זעהר קאַלט אויפגענומען און מיך נאָך ערגער פון אַלע... מאָהלט אייך ביי מיר איז דאָס קיין נייעס און קיין חדוש ניט געווען: איך האָב זיך גענוג איבערגעזעהן אין איהם אַזעלכע פערפרעמ־דעכצען פון מענשען, וואָס האָבען איהם זייער ממון און דמים אַוועקגעבען און ביי זייער דלות האָט ער זיי ניט דערקענט, און אָפט מאָל גאָרניט געהייסען אַריינלאָזען צו זיך... און דאָס פלעגט אויך אויסקומען ביי די חסידים אַ מופת... היינט, וואָס איז דאָס חדוש אַז ער דערקענט ניט מיינע צוויי חברים נאָכ׳ן אָבשלאָגען כפרות מיט זי...? ובפרט מיך, דלפן, אָסטראָזשניק, און ער איז נאָך מיינער אַ בעל חוב דערצו!... ווער וואָלט עס בעסער געווען?... ער וואָלט אונז גאָר בפירוש ניט געווען אַריינגעלאָזט צו זיך! כ׳לעבען, וואָס דאַרף ער בסך הכל די דריי אָבגעשלאָגענע הושענות צו זיין מוחין דגדלות... און צו וואָס טויג זיך איהם בעגנענען אויג אויף אויג מיט אַרעסטאַנ־טען פון איין דיעלאָ מיט איהם...? נאָר דאָס האָט ער שוין ניט געקענט טוהן אַקעגען דער וועלט... היינט שטעלט אייך פאָר זיין הייליגע מינע, בעת איך האָב איהם, צווישען די ציין גאָר, נעבעטען עפּעס אויף מיין חוב!?... ער איז ממש אָנגע־

צונדען געוואָרען, גאָר צו פֿערברענגען מיך בהבל פּיו הקדוש... גאָר באַלד האָט ער פֿערגלאָנצט די אויגען און האָט, מיט אַ הייליג, חנ'עוודיג שמייכעלע אַ זאָג געטוהן: „דיין חוב...? וואָס איז שייך...? כלנו חייבים, כלנו משועבדים צו עבודת הבורא ברוך הוא וברוך שמו! ה' נתן וה' לקח יהי שמו מבורך!... אַ בשר ודם וואָס איז בכל רגע ורגע דעם אייבערשטען די נשמה שולדיג — איז וואָס שייך צו זאָגען „חוב?"... חוץ לזה האָב איך דאָך דיין פּלונית'טע געגעבען אַ יאָהר אויף צו לעבען. דאָס קומט דאָך איהר פון דיר על פּי דין... היינט וויפֿיל האָט מיך אָבגעקאָסט די הכנות, צו דיין חופּה מיט מיין פּלימעניצע ימה שמה זאָל זי ווערען... נו, און וויפֿיל האָב איך געגעבען פֿאַר דיין דיעלאָ, מ'זאָל זי אַליין אָבלעגען, ביז איך האָב דיך מיט'ן אייבערשטענס הילף אַרויסגענומען פֿון גוי'עשע הענד...? מאָהנסטו מיך נאָך חובות...?" איז ער זשע דען ניט פֿאָלקאָם גערעכט?... מיין פּלונית'טע קומט דאָך „על פּי דין"... (ניט על פּי הפּראָקוראָר... און אַ בעל־ברהורגט אָהן כתובה איז איהר, אַ פּנים, געקומען על פּי יושר...) „מיין דיעלאָ"... האָט איהם געקאָסט... און נאָך פֿון גוי'עשע הענד האָט „ער" מיך אויך אַרויסגענומען... נו און טאַקע דיין הכנות צו דער חופּה געהן דאָך אויך ניט צו פֿוס! קאַרג האָבען געבעך רענדאַרעס אָנגעבראַכט דערויף זייער בלוט?... מאָהן איך נאָך חובות ביי אַזאַ צדיק יסוד עולם!?... מילא, איך האָב דאָך אַ קוק געטוהן, אַז די שפּיל איז פֿאַר'ן טייוועל, האָב איך מיר מישב געווען: לאָמיך כאָטש ניט אָנווערען דאָס התמנות אויף מעמדות קלויבען... און בכדי ער זאָל מיר שוין טאַקע ניט אָבזאָגען (איהר שפּילט זיך מיט'ן „הוי זהיר בגהלתן?"...) האָב איך איהם קודם כל געוויזען דאָס כתב פֿון

אַלע וציונ׳ר חסידים, און דערנאָך איהם געבעטען זיין הסכמה דערויף. ער האָט זיך אפילו געקווינקעלט... נאָר זיין גרויס רחמנות אויף אַ מענשען האָט דאָך גובר געווען אויף דעם פּחיתת הכבוד, וואָס ער האָט ערשט געהאַט פון מיר... און האָט מיט אַ פּערביסען שמייכעלע געזאָגט: „נו?... „מעשה אבות ירשו בנים" — מכי תיתי, מכי תיתי! מן הסתם וועסטו טוהן דיין חוב בשלמות, אין וואו מ׳דאַרף טאַקע אַביסעלע מסירת נפש אויך... נאָר דו ווייסט דאָך, איציקעל, אַז דיין דיעלאָ האָט מיך אויסגעבראַכט... און דער מעמד מיינער איז, בעוונותינו הרבים, אויך פּערקלענערט געוואָרען, איי, איי, איי! פּסו אמונים, אפס חסיד, עוקבתא דמשיחא! עוקבתא דמשיחא! מיין יאָסקי עליו השלום, דער טאַטע דיינער, האָט, אין די גוטע יאָהרען, גענומען ביי מיר צעהן גילדען אַ וואָך; דו ביסט דאָך אָהן בני בית... וועל איך דיר געבען זיבען גילדען אַ וואָך. (אַצינד אַרט איהם שוין דייקא ניט „על פי דין"...) פאָהר לחיים ולשלום ולך בדרכי אָבותיך!"... (צום לייב גבאי) „שרייב איהם אָן אַ בריף, בפקודתי, צו וציונ׳ר קהל מכה זיין התמנות במקום אבותיו". — איך האָב גיך געכאַפּט די בריף און שוין געמאַכט אַ פּלטה! כ׳לעבען אַ קשיא אויף אַ מעשה: אָט נאָך אַ מינוט קען ער חלילה דערזעהן, וואָס ביי מיר אין האַרצען טוהט זיך מכה דעם גאַנצען חסידות מיט איהם אינאיינעם... ער קוקט דאָך פאָר מסוף עולם ועד סופו... און דעמאָלט איז פערפאַלען זיבען גילדען אַ וואָך, און פון מיר קען דאָך שוין טאַקע ווערען אַ גל של עצמות...

קומענדיג אַהיים, האָט מען ווייטער געכאַפּט אַביסעל בראָנפען אויפ׳ן חשבון פון מיינע שכירות און איך בין געוואָרען דעם רבי׳נס מעמדות־קלייבער. איך האָב מיר געדונגען

אַן אַלקערל אין שכנות פֿאַר צוואַנציג גילדען אַ יאָהר און האָב גענומען מיין יונגעל צו זיך. וויפֿיל איך האָב אויספּיעט דעם ערשטען חודש מיט איהם איינצושטעהען מכּח עפּעס יודישקייט, בין איך מעהר ניט דערגאַנגען פֿון איהם נאָר דאָס: אַז ער ווייסט ניט און וויל ניט וויסען פֿון קיין שום שטות, ער איז אַ יודיש־קינד אָהן חכמות, און וויל זיין אַ פּשוט׳ער יוד צו גאָט און אַ שטיקעלע מענש צווישען לייטען... ביים ראַבינער האָט ער זיך צוגעלערענט אַביסעל תנ״ך און אַביסעלע לעזען און שרייבען רוסיש און דער ראַבינער זאָגט איהם ניט קיין דעות אין יודישקייט כי הוא זה! — איך האָב מיך דערמאָנט אין׳ם מלאך מיכאל׳ס ווערטער: „לאָזען זיי זיך אַליין געהן זייער וועג — אַבי ניט די פֿינסטער־וויסטע ערציהונג פֿון די „פּוילישע יונגעלעך״!... און האָב איהם אויף אַלע זיינע רעד קיין איינציג וואָרט ניט דערווידערט... בר מצוה איז ער נאָך צוריק מיט אַ פּאָר חדשים געוואָרען, און טאַקע דער ראַבינער האָט איהם געקויפֿט אַ פּאָר תפלין און האָט זיי איהם אַליין אָנגעטוהן, איך קען אייך נאָר דאָס זאָגען, אַז מיין יונגעל איז מיר עפּעס איינגעבאַקען געוואָרען אין האַרצען. און דאָס התקשרות צו איהם האָט אין מיר ערוועקט אַ רחמנות צו מיין ווייב און קינדער... איך האָב מיך גוט בערעכענט ביי זיך: וואָס, דו לא יצלה, דו גאָרניט מיט גאָרניט, דו איבעריגער אויף גאָט׳ס וועלט! דו דאַרפֿסט פֿערבענדיווען מיט דיין פּלוגית־טע!? דו סמיעסט צו דענקען אפילו מכּח עפּעס אַ ניש־קשה׳־דיג פּנימ׳ל...? דו? — דו „פּויליש יונגעל״ קענסט דען, צי טאָרסט דען פֿרעטענדירען מעהר ווי אויף אַ „פּויליש מיידעל״? דו צעבראָכענער שאַרבען, אויסגעמאַרכעוועטער יונגער זקן און עובר־בטל׳דיג יונגעל!... דיר ליגט נאָך אין זינען אַזעלכע

מעשה נערות ?... איז דען דיין פלונית'טע ניט אומגליקליכער מיט דיר, ווי די מיט איהר ?... נאָר וויל זי איז אַ „פוילישע מעדעל"... טאָר זי ניט וויסען פון בעסערס ווי אַ „פוילישע יונגעל"—דאָס איז איהר דאָליע, איהר זוג משֵשת ימי בראשית !... ווי זשע דערוועגסטו זיך עס יאָ צו וועלען וויסען פון בעסערס ?... — און באַלד האָב איך אַראָבגעכאַפּט פון מעמדות־געלד צעהן גילדען אַריבער די שכירות, און האָב געגעבען מיין יונגעל אויף הוצאות הדרך קיין קראָקאָדילעווקע און צוריק, ער זאָל ברענגען די מאַמע מיט די קינדער צו מיר קיין וציוני... פונקט אויף שבת פרשה כי תבוא — דעם שבת פון דער תוכחה — איז מיין אומגליקליכע מאוס'ניצע געקומען קיין וציונו; איך האָב שוין געדינגען אַ חיבש הדר מיט אַ קעכעל פאַר פערציג גילדען אַ יאָהר און שבת־צונאַכטס האָבען מיר איבערנייעס הופה געהאַט און בין געוואָרען אַ וציוני'ר בעל־הבית מיט אַ ווייב און פינף קינדער אויף 7 גילדען אַ וואָך, חוץ אַביסעל תקון אין קלייזעל !...

מילא מיין נחת־רוח און הרחבת־הדעת אין מיין פאַמיליען־לעבען ברוחניות... פערשטעהט איהר דאָך מן הסתם... איך האָב דאָך ניט קיין שפּיעגעל אין מיין שטיב איך זאָל זיך אויך קענען אַמאָל זעהען... — וואָ־ען דאָס איינציגע צופאָהרענע טישעל מיט אַ פירבאַנק אין שטיב האָט דאָך מיר אויך דער בעל־הבית פון דער דירה אַנטליגען פאַר מצוה — אָבער אויגען האָב איך דאָך יאָ, צו זעהן פאַר זיך אויפשטעהענדיג און לעגענדיג איין אַלטע, האָרבאַטע קראַנקע, קויטיגע, זויערע הקדיש'ניצע... נאָ, און מיין ראָסקאָש פון 7 גילדען אַ וואָך פערשטעהט איהר דאָך אודאי! — היינט פערשטעהט, וואָס פאַר אַ זיסען שלום־בית איך האָב געהאַט פון אַזעלכע 2 תענוגים שבעולם ?... נישמעהר אַלע פוילישע יונגלעך

האָבען דען בעסערם פֿון מיר? דאַנקען און לויבען דעם וואָס לעבט אייביג, וואָס איך האָב כאָטש געהאַט אַ שטיקעלע טרייסט אין מיין עלטער יונגעל זאָל לעבען! אַנדערע אין מיין גלייכען האָבען דאָך דאָס אויך ניט געהאַט, וואָרים זיי האָבען דאָך די זכיה ניט געהאַט, צו הערען דעם מלאך מיכאל׳ס דרשה, און האָבען אַליין מגדל געווען זייערע קינדער... איי מכה לעבען זיבען קראַנקע נפשות מיט דירה געלד, פּאָדאַט, שכר לימוד, אַ שוך און כאָטש איין מאָל אין חודש — אַ ווייס העמד אויף זיבען גילדען אַ וואָך?... נו וואָס טוהען די איבעריגע, אַז זיי דאַרפֿען נאָך געבען, פֿון אַזאַ מין הכנסה, ציהען אויף אַ פֿאָהר צום רבי׳ן מיט אַ פּדיון׳דעל, און כאָטש עפּעס צושטייער אויף דעם זילבערנעם פּאַלימעסיק, אַ מתנה דעם רבי׳ן...? און ווייטער וועל איך אייך זאָגען דעם גאַנצען אמת! ווען איך מאַך טאַקע ניט אַ שטיקעל מחק אינ׳ם חשבון פֿונ׳ם מעמדות־געלד — וואָלט איך טאַקע אויף קיין שטיקעל פּיסגע ברויט מיט ציבעלעס אויך ניט געהאַט! — גישמעהר ביז וואַנען קען מען אַלץ שווינדלען אין אַ חשבון, ובפרט פֿאַר׳ן רבי׳נס ליכטיגע אויגען...? איך האָב אָבגעשווינדעלט אַ יאָהר דריי. מיט כל מיני פּסלנות ביז דער רבי האָט זיך פֿאָרט געכאַפּט, אַז עס פֿעהלט איהם פֿאַר די דריי יאָהר צום חשבון קאַרגע מאה זהובים פּויליש—נו, אַ קליינינקייט, גנבה׳נען פֿון אַזאַ הקדש־געלד פּיפּצען קאַרבען מיט אַמאָל! און נאָך ביי וועמען? ביים רבי׳ן!?... דאָס איז דאָך שוין טאַקע עק וועלט!... קענען זשע געבען דער רבי צאָהלען אַזעלכע קאַטאָרזשנע פּראָצענטען פֿאַר דריי טויזענד קערבלעך?... נו, נו, מן הסתם האָט ער מיר באַלד געגעבען אַ העברה פֿון מיין התמנות, און איך מיט מיין בני־בית זענען מיר, פּונקט אויף ראש השנה, געבליבען אָהן

אַ שטיקעל ברויט!... ערשט ערב ראש השנה פֿאַרנאַכט האָט מיין עלטער יונגעל געבראַכט אין שטוב אַריין צוויי היבשע קוילימשען, אַ טעלער מיט פֿיש, (נאָך רויע) צוויי פֿונט רוי פֿלייש, אַ האַלבע אָקע ווײן מיט פֿינעפֿגילענשטיק מזומן. איך האָב עס גוט פֿערשטאַנען, אַז דאָס איז פֿונ'ם ראַבינער, און האָב איהם אפֿילו ניט געוואָלט איבערפֿרעגען... יום טוב אין קלייזעל האָב איך ניט געזעהן, ווי אַזוי מײנע חסידים קוקען אויף מיר פֿאַר מיין גנבה ביים רבי'ן... און מוצאי יום טוב קומט מיין יונגעל, און זאָגט מיר, אַז דער ראַבינער מיט'ן ווייב בעטען מיר זעהר צו זיך אויף אַ שעה, מיין יונגעל האָט דאָס אויסגערעדט מיט אַזאַ האַרץ־רײסענדיגער מינע, אַז איך האָב איהם שוין גאָרניט געהאַט, וואָס צו ענטפֿערען, און בין אַוועק־געגאַנגען צום ראַבינער...

מילא, זאָגט אייך שוין, וואָס איהר ווילט: איך בין אַ גאָרנישט, אַ נישט, אַ ניט ווערט, וואָס די ערד טראָגט מיך! אמת! איך בין עס אייך אַליין מודה — נאָר אַז איך האָב דערזעהן די גוטע, ליכטיגע רבקה'לע, איז מיר עפּעס אַזאַ טעהע אויפֿ'ן האַרץ געוואָרען, אַזאַ נאָגען, אַזאַ טיף ציהען — אַז איך בין שיר אויפֿ'ן אָרט צוגאַנגען אין עלענד און שמערץ!... וואָס זשע זאָל איך טוהן, אַז מיין ביטער האַרץ וויל ניט וויסען ווער ס'איז... און שטופּט זיך אויך מיט פּרעטענציעס אויף פֿיין און עדעל?... מילא, בקצור: דער ראַבינער האָט מיך זעהר פֿיין אויפֿגענומען, רבקה'לע האָט מיר אַליין דערלאַנגט אַ גלאָז טעה: זיי האָבען מיט מיר גערעדט ווי מיט עפּעס אַ לייטישען מענשען און האַבען מיר דערצעהלט, אַז זיי ווייסען מיין לאַגע פֿון אַל״ף ביז ת״ו, און פֿערשטעהן אפֿילו, וואָס איך לייד אוים פֿון זיך פֿון מיין טיפֿע געוויסען... און האָבען מיך זעהר 

האַרצליך געטרייסט, און דער ראַבינער האָט מיר פֿאָרגעלעגט, אַז אויב איך וויל, וועט ער מיך מיט פֿערגעניגען צונעמען פֿאַר אַ שמש אין אַלע שטאָדט שליחות'ן פֿון זיין קאַנצעלאַריע, און ער וועט מיר צאָהלען צעהן גילדען אַ וואָך, אַ חויץ, וואָס סקען מיר נאָך איינטראָגען געוויסע צעהן גילדען אַ חודש אין דער זייט. „הכלל, ר' איציקעל — האָט ער מיט אויפגעלעגטקייט געזאָגט — זייט ביי אונז אַ בן בית, ווי ביי זיך אין דער היים, יאַקאָש וועט זיך גאָט אַרומקוקען אויף אייער ביטערע לאַגע!...“ איך אַליין פֿון אָייגענער בחירה, ווייסט דער איבערשטער דעם אמת, אַז איך וואָלט געליטען הונגער און קעלט און כל עניים קשים, און וואָלט מיך ניט געוואָרפֿען צו קיין צד נאָך ראַטיניק—נאָר, אַז איך האָב געזעהן אַזאַ מין מקרה, וואָס איך וואָלט עס מיך אין לעבען ניט געריכט, נאָך אַזאַ האַנדלען, ווי איך האָב געגען איהם געהאַנדעלט — האָב איך אַ קלער געטוהן ביי זיך „אצבע אלהים הוא!“ און בין געבליבען שמש ביים ראַבינער! — אָבער פֿון מיין אַלטער קאָליע טרעט איך אַלין ניט אַרויס: איך טראָג מיך ווי אַלע חסידים, איך דאָווען אין קלייזעל, איך כאַפּ אַמאָל אַביסעל תקון, און בין בכלל אַ פּשוט ערליכער יוד און לפנים אַ חסיד; ס'הייסט איך מיין ניט: אַ צבועק, הלילה! פּשוט, איך בין אַ חסיד אָהן די אַלע חסיד'ישע מעשים... איך הער און זעה און שווייג! אפילו מיין יונגעל פֿיהרט זיך אויך אַזוי ווי איך, אַז מ'קען זיך באמת צו אונז גאָר ניט געפֿינען... מיין לאַגע אינ'ם שמשות האָט זיך אויף אַזוי פֿיל פֿערבעסערט אויף וויפֿיל דער מאָגען האָט זיך אונז פֿערבעסערט פֿון ברויט מיט ציבעלעס אויף ברויט מיט קאָליש... ווייטער דער אייגענער דלות און שטוב, דער הקדש, דאָס שפלות, די קללות און הרמות און דאָס זעלבע נידעריגע,

קויטיגע, פינסטערע לעבען ווי תמיד. גאָר דאַנקען דעם אייבער־ שטען פאַר'ן שטיקעל ברויט! אַזוי האָב איך אָבגע'שמש'ט אַ יאָהר דריי, מיין יונגעל האָט שוין חתונה געהאַט מיט אַ שעהנער בתולה פון עהרליכען בעל־הבית'שען גראַד און האָט זיך גע־ לעבט פון הויז־מלמדות, דאָס צווייטע יונגעל האָט דער ראַבי־ נער מיט מיין עלטערען זוהן אַדיינגעגעבען עפּעס אין אַ רעמעס־ לענע שולע, — אינמיטען איז מיין פלונית'טע געשטאָרבען — בין איך מיט צוויי קליינע קינדער (דער פון דער דאַרע איז נאָך פאַר צוויי יאָהרען געשטאָרבען) געבליבען וואוינען אינאיי־ נעם מיט'ן זוהן, און וואָלט מיר שוין אַזוי געווען אָבגעקאַניו־ טשעט דאָס פינסטער שטיקעל ווערטעל! — נאָר די חברה חסידים האָבען דאָס אַלעס... ניט געקענט פערדייען... און מ'האָט זיך אַלץ געזוכט, ווי זיך מיט מיר אָברעכענען! — איך האָב בעמערקט זייער קאַלטקייט און כמעט ווי שנאה צו מיר —נאָר אויף אַזוי ווייט האָב איך ניט אָנגעהויבען ריכטען! — און ויהי היום, אָדער פינקטליכער געזאָגט, ויהי בחצי הלילה, אום שושן פורים ביינאַכט ווי איך מיט די חסידים האָבען מיר אַביסעל אונטערגעהוליעט ביי רב אין שטוב, האָבען זיי מיך גוט פערשכור'ט... און געהענדיג אַהיים האָבען זיי מיך גע־ הרג'עט, גע'ממית'ט און אונטערגעשלאָגען די זייטען און האָבען מיר אַריינגעוואָרפען אין יאָהר אַריין! — ערשט צום טאָג האָט מיך מיין זוהן געפונען און אַהיימגעפיהרט און איך בין אָבגע־ לעגען אַ חודש בין החיים והמות... און ערשט, אַז איך בין צו זיך עטוואָס געקומען האָבען די דאָקטוירים פריזנאַיעט, אַז איך האָב די אמת'ע טשאַכאָטקע... די גאַנצע צייט פון מיין קרענק האָט זיך דער ראַבינער מיט רבקה'לען גאָר אַווקגעלעגט מיט לייב און לעבען... און נאָך אַצינד ליג איך און טשאַכנע אויף

זייערע הוצאות און דערוואַרט פֿון טאָג אויף טאָג דעם מלאך הגואל, וואָס וואָל שוין גיכער אויסלעזען מיין בידנע קליינע נשמה פֿון מיין פֿער׳פֿגר׳טען גוף אַרויס... מעהר, רבותים, האָב איך שוין קיין כח ניט צו רעדען, ווער שמועסט צו שרייבען! — אפשר נאָך מיין טויט וועט מיין זוהן אייך דאָס איבעריגע דער־צעהלען. — דערווייל זייט געזונד און ווייסט תמיד ביי זיך, אַז כאָטש איך האָב דאָך מיין וועלט פֿערשפּילט נאָר דורך אייער פּוילישער זיסער קינדער־ערציהונג — דאָך געה איך פֿרעהליך פֿון דער וועלט, האָפֿענדיג, אַז אפשר וועט איהר שוין נאָך דעם „פּוילישען יונגעל" שוין מעהר ניט מגדל זיין נאָך אַזאַ „פּויליש יונגעל" ווי איך, אייער קרבן.

יצחק יואל ליניעצקי.

דרוק: „אוניאָן" (ברידער אַפּפּעל) ווין, IX. ליעכטענשטיינשטראַסע 21.

יצחק לייב פרץ: געקליבענע שריפ־
טען מיט א הקדמה פון משה זילבורג.

---

מענדעלע מוכר ספרים: גע־
קליבענע שריפטען מיט א הקדמה פון
משה גראָס.

---

יעקב דינעזאָהן: יאָסעלע מיט א
הקדמה פון בן יעקב.

---

שלום עליכם: געקליבענע שריפטען
מיט א הקדמה פון מ. זינגער.

---

שמעון שמואל פרוג: געקליבענע
לידער מיט א הקדמה פון מלך ראוויטש.

---

די אלע ביכער זענען רייך באַצירט פון
אוריאל בירנבוים.

---

אוריאל בירנבוים־אלבום: צייכ־
נונגען צו: שלום עליכם, י. ל. פרץ,
מענדעלע מוכר ספרים, ש. ש. פרוג,
יעקב דינעזאָהן.

---

עס ווערט צוגעגרייט א שורה ווייטער־
דיגע ביכער.

./.

קאָאָפּעראַטיווע אָפּטיילונג „קריטיק“ ביים פֿאַרלאַג „דער קוואַל“:

---

„קריטיק“ ליטעראַרישע מאָנאַטסשריפֿט רעדאַגירט פֿון משה זילבורג ערשיינט כסדר זינט פֿעבער 1920. מיטאַרבייט פֿון די בעסטע יונגע, ליטעראַרישע כוחות פֿון דער און פֿון יענער זייט ים.

---

יוסף לעווי: פֿרומע געזאַנגען, געדיכטען.

---

בער האָראָוויץ: פֿון מיין היים אין די בערג, געדיכטען.

---

דוד קעניגסבערג: הונדערט סאָנעטען.

---

טויט־ציקלוס: זאַמלונג, פּראַכט־אויסגאַבע (אויספאַרקויפט).

---

מלך ראַוויטש: שפּינאָזא, א פּאָעמא, צווייטע פֿאַרענדערטע אויסגאַבע.

---

מלך כמעלניצקי: אויף א שטילער שטעסקע, לידער.

# דרוק־גרייזן:

| זייט | שורה | | |
|---|---|---|---|
| 8 | 13 | פֿערגעסען . . . . . . . | פֿערגעסען |
| 56 | 22 | פון אמשערעט O פייפֿעלעך . | געשניצט פייפעלעך |
| 116 | 4 | הענד . . . . . . . . . . | הענד ניט |
| 138 | 12 | פון O אפליאסקע . . . . . | פון זיי אפליאסקע |
| 165 | 1 | נאך . . . . . . . . . . | נאר |
| 184 | 24 | דער האנד . . . . . . . . | דער אנדערער |
| 189 | | פאר "סדר לקיחותי בדרך" זיינען אויסגעלאָזט די דאזיגע שורות: "אויפֿין צווייטן זייטעל איז געשריבען מיט שליאָמקע דעם לייב־גבאי׳ס האנד בזה הלשון" | |
| 245 | 17 | אויסגעלאָזט: אַ חלבידיג קאנעצעל, וואס האָט זיך אלץ גע־לאשען פונם ווינד | |
| 272 | 5 | אוי . . . . . . . . . . . | און |
| 283 | 24 | מייגט . . . . . . . . . | מעגט |
| 284 | 10 | ווייסען זיי . . . . . . . . | זיי ווייסען |
| 303 | 6 | נאך צוויי . . . . . . . . . | נאך די צוויי |
| 346 | 19 | דין . . . . . . . . . . . | די |
| 347 | 22 | פאר . . . . . . . . . . . | פארט |

*

# ערקלערונג

צוליב פארשידענע שוועריגקייטען האט „דער פֿארלאג“ נישט געהאט די מעגליכקייט צו קומען אין פארבינדונג מיט די יורשים פון י. י. לינעצקי. דער פארלאג איז דערפאר מודיע, אז ער איז גרייט צו צאלען דעם נארמאלען האָנאָראר צו יענע יורשים, וואס וועלען דערווייזען זייער רעכט אויף דעם.